אייפּטאָן סינקלער

# דער טישלער

יידיש: מ. פאָגעלמאַן

פאַרלאַג שלמה גאָלדפאַרב
וואַרשע 1929

# ערשטער קאַפּיטל.

די זעלטענע פּאַסירונג, וואָס איז געשען מיט מיר, האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, וואָס כ׳האָב זיך געקליבן צו זען אַ פילם, וואָס איז אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן אין דייטשלאַנד. ס׳זע־נען שוין אָפּגעלאָפן דריי יאָר זינט דער גרויסער וועלט=מלחמה און מ׳האָט זיך געקאָנט משער זיין, דאָס די איינוווינער פון וועסטערן-סיטי האָבן זיך שוין אויסגעלעבט פון זייער מלחמה=פּסיכאָז. ווייזט אויס, אַז ס׳איז דאָך געווען גאָר אַנדערש, מחמת פאַרן קינאָ האָט זיך פאַרזאַמלט אַ המון און קיינעם אינעווייניק נישט אַריינגעלאָזן. איך מוז אָבער פריער פאַר אַלץ, פאָרשטעלן פאַר אייך דעם דר. קאַרל הענער, דעם באַקאַנטן בערלינער קריטיקער, וואָס האָט גראָד אין דערזעלבער צייט געווײַלט אין וועסטערן=סיטי. דר. הענער האָט מיך צוגערעדט, צו זען דעם פילם, און וויבאַלד איר וועט אַ ווײַלע געדולדיק זיין, וועט איר זיך איבערצייגן, ווי-ווייט מײַנע געדאַנקען, אויף וועלכע ער האָט מיך טאַקע אַרויפגעבראַכט, זענען געוואָרן דער אויסגאַנגס=פּונקט פון מײַנע אויסערגעוויינלעך משונהדיקע אי=בערלעבענישן.

אפשר ווייסט איר נישט וועגן יענער הויכער קולטור, מיט וואָס עס צייכענען זיך אויס די אויסלענדער. זייערע מאַניערן זענען געגליכן צום פיינסטן זייד, בעת אַ מענטש רעדט מיט זיי, פילט ער זיך ווי אַ קאַץ, וואָס מען גלעט. אַלע ביכער פון דער

וועלט האָבן זיי שוין געלייענט, זיי רעדן מיט אַ רויקער זיכערקייט און זיי זענען אַלט, זייער אַלט, מחמת אויף זייערע נשמות האָבן זיך אָנגעקליבן זכרונות פון יסורים פון גאַנצע גענעראַציעס.

איך, אַ מיטגליד פון די אָנגעזעעגסטע קלובן אין וועסטערן־סיטי, וואָס געהער חוצדעם צום פיינסטן סטודענטן־פאַרבאַנד אין לאַנד, האָב פלוצלונג דערפילט, אַז כ'האָב נישט דעם מינדסטן חשק צו דערמאָנען, אַז כ'האָב אַמאָל מיטגעהאָלפן אָפּהאַלטן דעם נצחון אין אַרגאָן. דער אויסלענדער האָט מיך געפרעגט, ווי אַזוי איך באַצי זיך צו דער מלחמה, און איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב נישט קיין שום פיינטלעכע געפילן, פאַרקערט, איך בין נאָך צופרידן דערמיט, וואָס דער פּרייסישער מיליטאַריזם איז צעשטערט געוואָרן.

ער האָט געענטפערט:

— דאָס איז געווען אַ ווייטאָקלעכע אָפּעראַציע. מיר האָפן אַלע, אַז דער קראַנקער וועט עס איבערהאַלטן און, אַז דער כירורג אַליין האָט זיך נישט אָנגעשטעקט.

ער האָט דאָס גאַנץ רויק אַרויסגעזאָגט.

נאַטירלעך, איך האָב געפרעגט דעם דר. הענער, וואָס ער טראַכט וועגן אַמעריקע. ער האָט געענטפערט, אַז אונדז אַמעריקאַנער איז געלונגען צו פּראָדוצירן גאַנצע טאָנען מאַטעריעלע מיטלען פאַר דער ציוויליזאַציע, אין דער צייט, ווען אַנדערע פעלקער האָבן פּראָדוצירט נאָר פונטנווייז.

— אויב מיר וועלן מעסטן לויט אייער מאָס, זענען מיר, אייראָפּעישע אינטעלעקטועלן, תמיד אָרעם געווען. מיט ווייניק נאַרונג דערהאַלטן מיר ביים לעבן אַ סך אידעען. איר פאַרמאָגט אַן אומבאַגרענעצטן סכום נאַרונג, און — מיר זוכנדיק נאָך אידעען, מיינען, אַנאַלאָגיש גענומען, אַז זיי מוזן עקזיסטירן...

— און איר געפינט זיי נישט? — האָב איך געלאַכט.

— איך בין געקומען אַהער זיי אויסזוכן.

אַזוי שמועסנדיק, זענען מיר געגאַנגען לענגאויס די בראָד־

זויי־גאס. ס'איז געווען אַ לויטערער הערבסט-נאָכמיטאָג, אין יאָר 1921. מיר האָבן גערעדט וועגן פילם, וואָס דר. הענער האָט מיר געראָטן צו זען. דער פילם האָט געהייסן: „דער קאַבינעט פון דר. קאַליגאַרי". דאָס איז געווען אַ פוטוריסטי־שע פּראָדוקציע, אַ מערקווירדיקע, כמעט אומהיימלעכע קינאָ־פאַנטאַזיע, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ חלום פון אַ משוגענעם.

— איר, אַלס אַמעריקאַנער — האָט זיך דר. הענער גע־וואָנדן צו מיר — וועט זיך זיכער פרעגן, וואָס פאַר אַ נוצן עס ברענגט אַזאַ פילם. לויט אייך קומט זיכער אויס, אַז יע־דעס קונסטווערק מוז האָבן אַן עטישן ציל.

נאָך אַ קורצער הפסקה האָט ער צוגעגעבן.

— דער דאָזיקער פילם, וואָלט באַין־אופן נישט געקענט גע־שאַפן ווערן אין אַמעריקע, שוין דערפאַר אַליין, וואָס די אַלע, וואָס נעמען אין אים אָנטייל, זענען אומגעווייינלעך אויסגעדאַר־טע. אין אַמעריקע זענען לחלוטין נישט פאַראַן קיין מאָגערע אַקטיאָרן. צי ליבט דער אַמעריקאַנער אַזוי געוואַלדיק די קונסט, אַז ער זאָל זיך צוליב איר אויסהונגערן?

אין דערזעלבער צייט האָט זיך אין אַמעריקע געפונען עטלעכע מיליאָן אַרבעטלאָזע, אַ סך פון זיי זענען געווען נאָנט צו אַ הונגער־טויט. איך האָב באַמערקט, אַז צווישן די אַלע מוזן זיך אויך געפינען אינטעלעקטועלן.

און דער קריטיקער האָט געענטפערט:

— ווײַבאַלד אַזוי, הונגערן זיי שוין אַזוי לאַנג, אַז זיי זע־נען שוין צו דעם צוגעוווינט, זיי פאַרשטיין שוין ווי דאָס אויס־צונוצן, אָדער ווייניקסטנס צו פאַרוואַנדלען עס אין קונסט, איז דאָס נישט דער פרווו־שטיין פון דער אמתער קונסט, וואָס מוז זיך קריסטאַליזירן אין פייער פון ליידן? אַזוי זענען אויפגעקו־מען אַלע גרויסע גייסטיקע באַוועגונגען פון דער מענטשהייט... ווי למשל דאָס אורכריסטנטום... איר אַמעריקאַנער אָבער, האָט געמאַכט פון כריסטוסן, אַ זון פון אַ טישלער...

איך האָב זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. מיר זענען געשטאַנען

לעבן דער קירכע פון הייליקן באַרטלאָמיי, אַ גרויסע ברוינע שטיינערנע געביידע ביים עק פון פּארק.

— דאָרט, אינעווייניק — האָב איך זיך אָפּגערופן — קאָנט איר זען איבערן אָלטאר כּריסטוסן, דעם טישלער, אָנגעטון אין ווייסע קליידער פון אַמעטיסט-קאָליר, ער באַשיינט דאָס אויסגעמאָלטע פענסטער, אויב אָבער איר וועט אייך גוט פאַרטראַכטן, וועט איר מסכּים זיין, אַז נישט מיר, אַמעריקאַנער האָבן אָנגעהויבן פאַרענדערן כּריסטוסן.

— ניין — האָט ער געענטפערט מיט אַ געלעכטער, — איר אָבער האָט אים פארוואַנדלט אין אַ סימבאָל פון שיינקייט, אין אַ גאָט פון ערלעכער טפשות.

שמועסנדיק אַזוי צווישן זיך, האָבן מיר זיך אוועקגעדרייט צום עק גאַס און מיר האָבן זיך געפינען לעבן אונזער ציל, לעבן דעם קינאָ „עקסצעלסיאָר”. פאַר דער געביידע איז געשטאַנען אַ גרויסער המון.

## צווייער קאַפּ׳.

דערזעענדיק דעם מענטשן-געדראַנג, האָב איך געמיינט, אַז די אַלע איילן אין קינאָ אַריין. און דערפאַר האָב איך זיך אָפּגערופן מיט אַ געלעכטערל:

— איז טאַקע מעגלעך, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק זאָל זיין אַזוי גלייכגילטיק צו דער קונסט, ווי איר מיינט?

דאַן האָב איך באַמערקט, ווי מענטשן שטראָמען פון אַלע זייטן און צווישן זיי עטלעכע אין מונדירן.

— האַלאָ! — האָב איך אויסגערופן — וואָס איז דאָ געשען?

א ווילד געשריי האָט דורכגעשניטן די לופט. מיר זענען צוגעקומען צום אָרט און איך האָב געפרעגט ביי איינעם פון די דורכגייער: — וואָס איז געשען?

— די מענטשן ווילן קיינעם אין קינאָ נישט אַריינלאָזן.

— פאַרוואָס?

— ווייל עס איז אַ דייטשער פילם, דייטשע פּראָפּאַגאַנדע. איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז כ'האָב מיטגעהאָלפן אָפּהאַלטן דעם נצחון און דערדאָזיקער באַוווּסטזיין קאָן נישט אַזוי גיך אויסגעמעקט ווערן פונם מענטשנס זכרון. פּלוצלונג האָט זיך ביי מיר דערוועקט אַ חשד. כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין פריינט, דעם באַרימטן קריטיקער פון בערלין און איך האָב ביי זיך געטראַכט: איז עס מעגלעך, אַז דערדאָזיקער מענטש זאָל פון מיר חוזק מאַכן? אָדער אפשר האָט ער געפּרוּווט אַריינגיסן עפּעס אין מיין פּרימיטיוון אַמעריקאַנער מוח, וואָס איך האָב עס נישט באַמערקט? באַלד אָבער האָב איך זיך דערמאָנט אָן זיין שילדערן דעם פילם, וועלכער האָט באַדאַרפט זיין „אַן אמת קונסטווערק, געווידמעט ריין קינסטלערישע צוועקן". און חוץ דעם האָב איך זיך באַרעכנט, אַז ס'איז שוין דריי יאָר נאָך דער מלחמה און איך בין שוין פעיק זעלבסטשטענדיק צו טראַכטן.

דר. הענער האָט גערעדט דער ערשטער:

— ס'וואָלט געווען פיל בעסער, אַז איך זאָל היינט אין קינאָ נישט גיין.

ס'איז אַן אומזין. — האָב איך אויסגעשריען — איך וועל זיך נישט אָפּשרעקן פאַר אַזאַ באַנדע אידיאָטן.

— יאָ, איר זענט אַן אַמעריקאַנער, איר דאַרפט נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך... איך אָבער בין אַ דייטש און איך מוז עס גוט געדענקען.

איך האָב באַמערקט זיין פאַרביטערונג, דאָך האָב איך עס נישט גענומען פאַר שלעכט.

— וואָס רעדט איר, דר. הענער! איר זענט ביי מיר צו גאַסט און איך וועל דאָס נישט דערלויבן...

— מיין פריינט, הערט מיך אויס. איר קאָנט אָן שום שטערונגען זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק. איך אָבער וויל די מענטשן נישט אַריינברענגען אין כעס. כ'האָב נישט קיין חשק צו

קריגן געשלאָגן צוליב אַזאַ קליינִיקייט. איבעריקנס האָב איך שוין עטלעכע מאָל געזען דעם פילם און איך וועל מיט אייך סיי ווי קאָנען וועגן אים רעדן.

— אַ חרפּה! — האָב איך אויסגערופן — אַ חרפּה פאַר מיר און פאַר מיין לאַנד.

— אָ, ניין, מ׳האָט דאָס געקענט דערוואַרטן. וועגן דעם טאַקע האָב איך געטראַכט, בעת כ׳האָב געזאָגט, אַז דער כּי־רורג האָט תּמיד מורא פאַר אַ בּלוט־פאַרגיסונג. מיר, דייטשע אינטעלעקטועלן, ווייסן גאַנץ גוט, וואָס עס איז אַזוינס מלחמה, מיר זענען צוגעוווינט צו אַזעלכע זאַכן.

ער האָט אויסגעשטרעקט צו מיר זיין האַנט:

— זייט געזונט!

— איך גיי מיט אייך — האָב איך צו אים געזאָגט.

ער האָט זיך אָבער קעגנגעשטעלט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געהאַט פיל פאַרדרוס, אויב איך זאָל צוליב אים נישט זען דעם פילם. עס וועט אים אינטערעסירן צו הערן מיין מיינונג. ביי די ווערטער האָט ער זיך אויסגעדרייט און מיט האַסטיקע טריט אַוועקגעגאַנגען. אַ ווײַלע האָב איך זיך גע־וואַקלט, לסוף בּין איך צוגעגאַנגען צום איינגאַנג. אַ מענטש, אָנגעטון אין אַ מונדיר, האָט מיר פאַרהאַלטן דעם וועג.

— איר וועט נישט אַריינגיין.

— פאַרוואָס?

— ס׳איז אַ דייטשע פאָרשטעלונג, מיר דערלויבן נישט.

— הערט מיך אויס זעלנער, — האָב איך זיך חוצפּהדיק געוואָנדן צו אים — איך טראָג נישט קיין מונדיר, אָבער איך האָב צו אים די זעלבע רעכט, וואָס איר. כ׳האָב געקעמפט אין אַרגאָן.

— טאָ צו וואָס־זשע דאַרפט איר זען די דייטשע פּראָ־פּאַגאַנדע!

— אפשר וועט עס מיך אינטערעסירן.

— איר קאָנט דאָ נישט אַריינגיין. מיר זענען דאָ אַהער געקומען נישט צו דערלאָזן די פאָרשטעלונג.

בעת ער האָט גערעדט, האָב איך זיך געטון אַ רוק פאָרויס. דאַן האָט ער מיך אָנגעכאַפּט פאַרן אַקסל. ס'איז מיר אָבער געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון זיינע הענט.

— שטיין! — האָט ער געשריען און געפּרוּווט מיך פאַרהאַלטן. איך האָב זיך דורכגעריסן דורן המון און צו צום קאַסע-פענסטערל. אין פאָדערהייזל זענען געשטאַנען אַן ערך פון איבער הונדערט ציוויל-לייט און אַרום פערציק געוועזענע זעלנער. די גליקלעכע צו וועלכע איך האָב געהערט, איז עס פולשטענדיק אויך געלונגען. איך האָב געקויפט אַ בילעט און אַריין אינעווייניק. ביי דער טיר האָב איך געפרעגט דעם בילעטער.

— ווער האָט איינגעאָרדנט די גאַנצע מעשה?

— כ'ווייס נישט. ס'איז אוממעגלעך געווען זיך צו דערוויסן.

— צי איז די פאָרשטעלונג פאַקטיש אַ דייטשע אַגי-טאַציע.

— אַבסאָלוט. מען וויל אונז מן-הסתם פאַרווערן צו דעמאָנסטרירן דייטשע פילמען, מחמת זיי זענען אַ סך ביליקער. זיי האָבן מורא, אַז די דייטשע פילמען וועלן פאַרקאָנקורירן די אַמעריקאַנער.

— אַך, אַזוי! — האָב איך אויסגערופן. איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. כ'האָב זיך דערמאָנט די ווערטער פון דר. הענער: מיט ווייניק נאַרונג דערהאַלט מען ביים לעבן אַ סך אידעען. ס'איז געווען קלאָר, אַז די אַמעריקאַנער פילם-אינדוסטרי האָט געהאַט אַ גרונט מורא צו האָבן פאַר דער דאָזיקער קאָנקורענץ. תיכף איז מיר געקומען אויפן זכרון דער אַלטער ט. ס., וואָס ווערט דורך די פילם-ליבהאָבער אָנגערופן: דער קעניג פון דער קינאָ-וועלט. כ'האָב געטראַכט וועגן די פעטע פאַלדן, וואָס האָבן זיך איבערגעלייגט איבער זיין קאָלנער, וועגן זיינע דריי טאָפּלטע קינען. איך האָב זיך אויך דערמאָנט אָן מערי מאַגנע, די מיליאָנען-דאָלאַרדיקע קעניגן, וואָס טראַכט אויס פאַר זיך פאַרשידענע פּי-

זישע איבונגען און ספּעציעלע דיעטעס, זי הייסט זיך יעדן טאָג וועגן, כדי זיך איבערצוצייגן, צי זי ווערט נישט דיקער.

## דריטער קאַפּיטל

איך האָב אויסגעגלייכט מיינע צעקנייטשטע מלבושים און זיך אָוועקגעזעצט צוזאַמען מיט די צוואַנציק צושויער, פאַר וועלכע מ׳האָט דעמאָנסטרירט אין וועסטערן-סיטי די נייע פּרעמ־יערע „דר. קאַליגארי״. דער פילם האָט געוויזן עטלעכע מאָרדן, וועלכע זיי האָט געפּרוווט אָנטדעקן אַ געוויסער ייִנגערמאַן; אַלע שפּורן האָבן געפירט צו אַן אַלטן דאָקטאָר און מכשף. לסוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָקטאָר איז גאָר אַ פאַר־וואַלטער אין אַ משוגעים־הויז און אז דער יונגערמאַן איז איי־נער פון זיינע פּאַציענטן אין זיין הייל־אַנשטאַלט. די גאַנצע געשיכטע איז נאָר געווען אַ פאַנטאַזיע פון דעם משוגענעם.

די דעקאָראַציעס, די אויפפירונג און דער סצענאַריוש איז געווען אין פוטוריסטישן סטיל, אומהיימלעך אפילו, אָבער זיי האָבן גוט געווירקט. אַלץ איז מיר אויסגעקומען לויט די ווערטער פון דר. הענער, געקוקט אויף אַלעם, ווי אויף אַ פּראָדוקציע פון דער אוראַלטער קולטור, יאָ, אין אַמעריקע וואָלט אונמעגלעך געווען צו דעמאָנסטרירן אַזאַ פילם, אָבער, ווען מ׳זאָל מיר למשל, הייסן אויסקלייבן צווישן אים און די איבעריקע סעקסועלע פילמען, אין וועלכעס שפּילט מערי מאַגנע... איך ווייס נישט באמת... יעדנפאַלס האָט מיך דר. קאַליגאַרי די גאַנצע צייט פאַראינטערעסירט, און מערי מאַגנע אינטערעסירט מיך נאָר דעמאָלט, ווען איך זע זי נישט אויפן לייוונט.

איך האָב שוין געלייענט אַ סך ראָמאַנען און געזען אַ סך זאַכן, אין וועלכע דער העלד וואַכט-אויף צום סוף און מיר דערוויסן זיך, אַז די גאַנצע געשיכטע איז נישט געווען מער ווי אַ חלום. איך דערמאָן זיך „דעם חלום פון אַ זומער־נאַכט״ און „אין הונדערט יאָר אַרום״ פון בעלאַמי. אַן אַלט

ווערק, וואָס האָט תמיד אַ השפעה. דאָ אָבער האָב איך צום ערשטן מאָל איבערגעלעבט די חלומות פון אַ משוגענעם. יאָ, די פאָרשטעלונג איז געווען אינטערעסאַנט, כ׳קאָן עס נישט אָפּ־לייקענען, וואָס ווייטער, מער רירנד, זייער אַ לעבעדיק און אַ הער־לעך שפּילן, ווי דער גייסט פון פאָ וואָלט אין דעם געווען געטרוט!

פאַרנומען מיט די געדאַנקען, בין איך צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַרויסצוגיין פון קינאָ. כ׳האָב אויפגעמאכט די טיר און פלוצלונג דערהערט א מוראדיק געשריי, וואָס איז ענלעך געווען צום געשריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דר. קאַליגאַ־ריס משוגעים-הויז.

— יאָ, יאָ, הו, הו, דייטשע פּראָפּאַגאַנדע! יאָ... גיט אוועק ס׳געלט די דייטשן! שעמט אייך! אין לאַנד שטאַרבט מען פאַר הונגער און איר גיט אייערע שונאים אַוועק ס׳געלט!

איך בין שטיין געבליבן און שטיל געמורמלט: מיין גאָט! אין דערזעלבער צייט, ווען כ׳בין געזעסן אינעווייניק און גע־שוועבט אויף די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע, האָבן דיראָזיקע אָרימע נאַראָנים געליאַרמט פאַרן קינאָ, קיינעם נישט געלאָזט אריינגיין אינעווייניק. אַ ווײַלע האָב איך געטראַכט זיי צו זאָגן, אַז זיי האָבן א טעות, אַז די גאַנצע זאַך האָט גאָר קיין שייכות נישט מיט דער מלחמה, אַז ס׳איז לחלוטין נישט קעגן אַמעריקע. אָבער באַלד האָב איך באַמערקט, אַז מיין באַרויקן זיי איז איבעריק. איך האָב באַשלאָסן זיי צו לאָזן שרייען און אוועקגיין מיין דרך.

דאָס אוועקגיין אָבער איז מיר גאָרנישט אָנגעקומען אַזוי לייכט, ווי איך האָב עס מיר פאָרגעשטעלט. ביי דער טיר איז געשטאַנען דער הויכער פאַרשוין, וואָס האָט מיך פריער אָנגע־כאַפּט פאַרן אַקסל. כ׳האָב געזען, אַז ער האָט מיך באַמערקט און אָנגעוויזן אויף מיר מיטן פינגער:

— דאָס איז אַ פאַררעטער! האָט ער געזאָגט. ער איז געווען אויפן פראָנט און איצט שטיצט ער אונטער די דייטשן.

— כ׳האָב געפרווט זיך אָפּרוקן פון אים, אָבער ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און אַלע, וואָס זענען געשטאַ־

נען אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן אויף מיר, זיי האָבן גע־רעוועט ווי אָקסן, געשטופּט זיך פון אַלע זייטן, ווילדע קולות האָבן זיך געריסן פון זייערע העלזער.

— צעהאַקט אים דעם קאָפּ! אַ פאַרשאָלטענע יעקע! — אַזעלכע זידל-ווערטער זענען געפאַלן פון אַלע זייטן.

כ'האָב נאָך קיינמאָל נישט געפּרוווט אַנטלויפן פון אַ סכנה, אָבער איצט האָב איך געוואָלט וואָס גיכער זיך דערווייטערן. דער הויכגעוויקסיקער פאַרשוין האָט מיר אונטערגעשטעלט אַ פוס און איך בין אומגעפאַלן לעבן רינשטאָק. איצט האָב איך זיך שוין געמוזט ווערן. אָבער איך בין געווען הילפלאָז, איי־דער כ'האָב נאָך באַוויזן אויפצוהייבן מיין פויסט אים צוריק צו דערלאַנגען, האָב איך געקריגן אַ שטאַרקן זעץ אין פּנים. כ'ווייס נישט, צי ס'איז געווען אַ קלאַפּ מיט דער בלויזער האַנט, צי מיט עפּעס אַן אייזן... ס'האָט זיך מיר צעמישט דער קאָפּ... כ'האָב נאָר געפילט, אַז מ'שלאָגט מיך און מ'טרעט מיך.

גלויבט מיר, אַז אין ערגאָן בין איך קיינמאָל נישט אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד, כ'האָב ערלעך דערפילט מיינע פליכטן. איך בין געווען איינמאָל פאַרוווּנדעט און ביי אַ טאָג־ראַפּאָרט האָט מען מיר פאַרגעלייענט עטלעכע לויב־ווער־טער. דאָרט האָב איך נאָך געהאַט עפּעס האָפנונגען, דאָ לגמרי נישט. כ'בין געווען פאַרטויבט, מיין גוף האָט זיך גע־טרייסלט קעגן מיין ווילן — און כ'האָב אָנגעהויבן לויפן. די אַרומיקע האָבן דערביי נישט געשפּאָרט קיין קאָפּעס און קללות. פּלוצלונג האָב איך באַמערקט ברייטע מירמלנע טרעפּ, האָב איך אָנגעהויבן לויפן נאָך גיכער. ענדלעך בין איך צוגעקומען צו אַ גרויס אָפן טויער און איך בין אַריין אינעווייניק. איך בין שטיין געבליבן אויף אַ קיל שאָטנדיק אָרט, געוואַקלט זיך ווי אַ שיכורער. קיינער האָט מיך שוין נישט געיאָגט און נישט געשלאָגן. כ'האָב געפילט, אַז כ'פאַל, כ'האָב זיך אָנ־געכאַפּט אָן עפּעס, און זיך אַנידערגעוואָרפן אויף אַ הילצער־נער באַנק.

# פערטער קאַפּיטל

כ׳האָב זיך באַהאַלטן אין דער קירך פון הייליקן באַרט-לאָמיי. אַז כ׳בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך געפילט שרעקלעך צעבראָכן. איך מוז מודה זיין, אַז כ׳האָב זיך צע-וויינט, יאָ, כ׳האָב געוויינט, נישט אַזוי פון די קלעפּ אין קאָפּ און אין פּנים, ווי פון כּעס און בושה. איך האָב געוויינט פון בלויזן געדאַנק, אַז איך, אַ מענטש, וואָס האָב מיטגעהאָלפן אָפּהאַלטן דעם נצחון אין אַרגאָן, האָב געמוזט אַנטלויפן פאַר אַ באַנדע פּחדנישע לאָבוסעס. איך בין געשטאַנען אָנגעבויגן איבער אַ קלויסטער-באַנק און געוויינט, ווי ס׳האַרץ וואָלט מיר באַדאַרפט אין צווייען צעריסן ווערן.

איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנהאַלטנדיק זיך כּסדר מיט איין האַנט אָן דער באַנק, איך האָב זיך ארומגעקוקט. די קירך איז געווען פּוסט. איך האָב געקוקט אין דער טיפקייט, פאַר מיר באַווייזט זיך דער ליכטיקער אָלטאַר... וואָס איז גע-שטאַנען אינדערהויך. דורך די געמאָלטע שויבן האָבן זיך אַריינגעריסן זונענשטראַלן. איר קענט מסתמא, די בילדער אויף די שויבן פון די קירך-פענסטער: איר זעט אויף זיי אַ מענטשן אין לאַנגע קליידער, אַ ווייסן, אין פּורפּור און גאָלד מיט אַ טונקעלער באָרד, מיט אַ צאַרטן און אומעטיקן אויס-דריק אויפן פּנים, אויף וועמען עס רוט די שכינה. דער כּעס און ווייטיק האָט מיך געשטיקט, כ׳האָב געקוקט אויף ד׳עם געשטאַלט און צענויפדריקנדיק די פויסטן, האָב איך באַשלאָסן, צו פאַרלאָזן די קירך, גיין צו יענע לאָבוסעס, צעהאַקן דעם קאָפּ דעם הויכגעוויקסיקן פאַרשוין. און אָט טאַקע איצט הויבט זיך אָן די ווונדערבאַרע געשיכטע פון מיינע איבערלעבענישן. דאָס לויכטנדע געשטאַלט האָט אויסגעשטרעקט צו מיר די אָרעמס, ווי זי וואָלט זיך ביי מיר בעטן אויסראָטן די געדאַנקען פון נקמה.

נאַטירלעך, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַ-דייט. ערשט נישט לאַנג האָב איך געזען דאָס בילד אין קינאָ.

וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ חלום פון אַ משוגענעם, באַלד נאָכדעם האָב איך געקריגן געשלאָגן איבערן קאָפּ... און איצט בין איך אויך אַליין אַריינגעפאַלן אין אַ חלום. איך בין זיכער שווער פאַרוווּנדעט, פאַרשטעלנדיק דעם צעהאַקטן קאָפּ מיט די הענט, האָב איך הויך געשלוכצט ווי אַ קינד. איך האָב פאַרגעסן דעם הויכגעוויקסיקן פאַרשווין, פאַרגעסן זיין אויסזען, כ'האָב נאָר געפילט אַ בושה, אַ פאַרטויבונג, געפינען זיך אין אַ משונהדיקן, היסטערישן צושטאַנד; אַלץ איז מיר געקומען אויפן בעדאַנק... די געשיכטע פון דר. קאַליגאַרי, דאָס משוגעים-הויז. — איך האָב געפילט, אַז דער שאַרבן איז ביי מיר צעשעדיקט און, אַז כ'וועל זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן צום געזונטן שכל. פלוצלונג האָב איך דערפילט אַ פרעמדע האַנט אויף מיין אַקסל און כ'האָב דערהערט אַ צאַרט קול:

— האָב נישט קיין מורא, דאָס בין איך.

איך וועל נישט פאַרלירן קיין צייט אויף צו שילדערן פאַר אייך, ווי-ווייט איך בין געווען דערשטוינט. איך האָב לאַנג נישט געקאָנט גלויבן אין דעם, וואָס כ'האָב איבערגעלעבט. ס'האָט זיך מיר געדוכטן, אַז כ'בין אַריינגעפאַלן אין אַ משוגעת. כ'האָב אויפגעהויבן די אויגן און דערזען, אין דער קירך פון הייליקן באַרטלאָמיי, דאָס געשטאַלט פון געמאָלטן פענסטער שטיין לעבן מיר, די האַנט אַרויפגעלייגט אויף מיין קאָפּ! איך האָב אַ קוק געטון צום צווייטן מאָל אויף דעמדאָזיקן און איך האָב געווענדעט מיין בליק צום פענסטער. דאָרט, וווּ ס'איז פריער געשטאַנען דאָס געשטאַלט, איז איצט געווען אַ גרויסע עפענונג, דורך וועלכער עס האָבן זיך אַריינגעריסן זונענשטראַלן!

# פינפטער קאפיטל.

מיר אַלע קענען די קראַפט פון סוגעסטיע, וואָס ווירקט אַממייסטן דעמאָלט, ווען עס ווערט אָנגערירט די טיף פונעם אונטערבאַוווסטזיין, ווו ס׳ליגן באַגראָבן די ערינערונגען פון אונדזערע קינדער-יאָרן. איך שטאַם פון אַ רעליגיעזער פאַמיליע, דערפאַר איז מיר אויסגעקומען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס עס איז אַוועק דער ווייטיק און פחד, ווען בעת ער האָט געהאַלטן די האַנט אויף מיין קאָפּ. איך בין געווען רויק און צופרידן, ס׳איז מיר געווען אַזוי גוט אונטער זיין צערטלענדיקן כשוף.

— פאַרוואָס וויינט איר? — האָט געפרעגט אַ קול.

כ׳האָב אָפּגעענטפערט צווייפלהאַפט:

— דוכט זיך פון בושה.

— האָסט דען געטון שלעכטס?

— ניין מ׳האָט מיר שלעכטס געטון.

— ווי קאָן זיך אַ מענטש שעמען פאַר דעם צווייטנס זינד.

איך האָב תיכף פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט און כ׳האָב זיך אויפגעהערט שעמען.

דער פרעמדער האָט זיך ווידעראַמאָל אָפּגערופן:

— דאָס פעבל איז אַ בלינד ווערקצייק, ערגער פון משוגעת.

איך האָב געטראַכט ביי זיך: פונוואַנען ווייס ער, וואָס עס איז מיט מיר געשען? דאַן איז מיר געקומען אויפן געדאַנק; אפשר האָט ער געזען, ווי זיי האָבן מיך געטריבן צו דער קירך. פלוצלונג האָט זיך דערוועקט אין מיר דער געדאַנק, ריינצוואַשן פאַר אים מיינע פאַרפאָלגער.

— מיר האָבן איבערגעלעבט אַ שווערן קאַמף — האָב איך זיך צו אים אָפּגערופן — איר ווייסט, ווי ווייט די מלחמה ווירקט, ווי ווייט זי ווירקט אויף דער נשמה.

— יאָ — האָט דער פרעמדער געענטפערט — איך ווייס, איך ווייס עס נאָך צו גוט.

איך האָב אים געוואָלט אויסטייטשן די געפילן פון המון׳ קלײַער מאַכן פאַר אים אַלץ, אָבער כ׳האָב באַלד איינגעזען, אַז דאָס איז אוממעגלעך. ווי אַזוי זאָל איך אים אויפקלערן די פילמען, די דייטשע קאָנקורענץ, די געשיכטע פון די געוועזענע זעלנער, וואָס זענען איצט אַרבעטלאָזן? אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געענטפערט:

— קאָנט איר זיך אויפשטעלן?

איך האָב געפּרוּווט און ס׳איז מיר געלונגען. מײַנע קינען האָבן מיר נאָך כסדר ווײ־געטון, אָבער כ׳האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, ווי דער ווייטיק איז ערגעץ הינטער מיר. מײַנע אויגן האָבן געקוקט קלאָר און שטרענג, בלויז צוויי זאַכן זענען פאַר מיר געווען נישט קלאָר: דער פרעמדער, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר און די עפענונג אין פענסטער, ווו כ׳האָב אים געזען דורך אַזוי פיל זונטיקדיקע פרימאָרגנס.

— ווילט איר איצט גיין? — האָט ער געפרעגט. ער האָט באַמערקט, ווי איך האָב זיך צוריקגעצויגן, און ער האָט זיך אָפּגערופן העפלעך:

— דערלויבט, מיר וועלן גיין צוזאַמען.

זײַן פאָרשלאַג, האָט מיך וואָס אַן אמת, אַ ביסל צעטומלט. זײַנע מלבושים, די לאַנגע האָר... און נאָך אַ סך אייגנטימלעכקייטן, וואָס האָבן זיך לגמרי נישט צוגעפּאַסט צו דער בראָדוויי־גאַס, פּינף אַזייגער פאַרנאַכט. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט ענטפערן. ס׳וואָלט געווען אַן אומזין צו מאַכן אים אויפמערקזאַם דערויף. איך האָב קוים באַוויזן אַרויסצושטאַמלען:

— דוכט זיך, אַז איר געהערט צו דער קירך...

— באמת? — האָט ער געענטפערט ווי צעטומלט — כ׳בין נישט זיכער דערמיט. אָפּטמאָל פרעג איך זיך אַליין: צי דאַרף מען מיך טאַקע דאָ? וואָלט איך נישט געווען נוי־טיקער דאָרט, אויף דער וועלט?

— איינס איז זיכער — האָב איך באַמערקט: — די־

דאָזיקע עפענונג — און איך האָב אָנגעוויזן אויפן פענסטער— וואַרפט זיך אין די אויגן.

— איר זענט גערעכט.

— וויבאַלד ס׳זאָל אָנהייבן רעגענען, וועט דער גאַנצער אָלטאַר חרוב ווערן. דאָס וואָלט זייער ווי געטון דעם הער ספּרעי. פּרוי עלווינע דע ווייגס האָט אין איר צוואה אַריינגעשריבן פאַר דער קירך אַ טישטוך אויפן אָלטאַר, איין גאָט ווייס, וויפל טויזנטער דאָלאַרן ס׳האָט איר אָפּגעקאָסט.

— יאָ — האָט ער געענטפערט — דאָס קאָן אַזוי נישט פאַרבלייבן, מיר וועלן פּרווון מיט עפּעס פאַרשטעלן דאָס לאָך.

ער איז געגאַנגען לענגאויס דער קירך צום כּריסטוס־שטיבל. דאָרט איז געהאָנגען אויף דער וואַנט אַ פּאָרטרעט, אין דער נאַטירלעכער גרויס, פון אַלטן אַלזשערנון דע ווייגס, דער פּרעזידענט פון האַנדלס־קאַמער אין וועסטערן־סיטי און דירעקטאָר פון דער נאַציאָנאַלער באַנק.

— מיר וועלן זען, צי ער קאָן נישט פאַרנעמען מיין אָרט — האָט זיך דער פּרעמדער אָפּגערופן. ער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול, אַראָפּגענומען דעם שווערן פּאָרטרעט פון דער וואַנט און אָן אָנשטרענגונג געטראָגן זיך מיט אים איבער דער גאַנצער קירך.

ער איז אַרויף אויפן אָלטאַר און אויפגעהויבן דאָס בילד ביז צום פענסטער; איך וויים נישט, ווי אַזוי ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן דאָרט עס צוצופּעסטיקן. איך בין געווען צופיל צעטומלט, כּדי אַכט צו לייגן אויף די אַלע איינצלהייטן. אָבער ווי אַזוי ס׳זאָל נישט זיין, האָט זיך דאָס בילד זייער פיין אַריינגעפּאַסט אין פענסטער. דער איינדריק איז געווען אומגעהויער, כּדי פולשטענדיק צו פילן דידאָזיקע מינוט, האָט מען באַדאַרפט קאָנען דעם אַלטן ווייגס, זיינע קיילעכדיקע, אָנגעשוואָלענע באַקן, וואָס זענען איצט ענלעך, אונטער די שטראַלן פון דער זון צו צוויי ריזיקע עפּל. אונזער ערשטער באַנקיר איז געווען אָנגעטון אין אַ בּכבודיק שוואַרץ אַנצוג,

וואָס ער פלעגט טראָגן יעדן זונטיק. אויף איין אָרט האָט די זון דורכגעלויכטן זיין קערפּער, געמלעך אויף איין זייט פון זיין ברוסט. איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן פון נייגעריקייט און געפרעגט:

— וואָס באַדייטן די גאָלדענע שטראַלן?

— איך מיין, אַז דאָס איז זיין האַרץ, — האָט דער פרעמדער אָפּגעענטפערט.

— ניין, ס׳איז נישט מעגלעך, דאָס געפינט זיך אויף דער רעכטער זייט, און האָט אַן אָוואַלע פאָרם, ס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ זעקל געלט.

און דער פרעמדער האָט געזאָגט:

— וווּ עס איז געלט, דאָרט איז בלי-ספק אויך דאָ האַרץ.

## זעקסטער קאַפּיטל

מיר זענען אַדורכגעגאַנגען דורך אַ געוועלבט טויער, פאַר אונדז האָט זיך געצויגן די בראָדוויי-גאַס. ס׳האָט מיך אַרומגענומען אַן אומאָנגענעם געפיל. כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע, ווי אַזוי כ׳וועל אויסזען, גייענדיק אויף דערדאָזיקער באַלעבעטער גאַס מיט מיין אָרגינעלן פּריינט. די דורכגייער וועלן זיכער אונדז נאָכקוקן, די גאַסן-יינגען וועלן אונדז נאָכלויפן, לס׳וף וועט אַנטשטיין אַ צונויפגעלויף און פּאָליציי וועט אינטערווענירן.

אַזוי האָב איך געטראַכט, בעת מיר זענען געגאַנגען אויף די גרויסע טרעפּ, אַרויס פון דער קירך. אָבער באַלד איז פאַרשווינדן געוואָרן מיין פּחד. קיינער האָט אויף אונדז קיין אַכט נישט געלייגט, קיים ווער ס׳האָט געוואָרפן אויף אונדז אַ בליק.

באַלד איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. דער גוטער קלימאַט פון אונדזער שטאָט האָט צוגעצויגן אַהער די משונהדיקסטע געסט. מיר האָבן דאָ אינדישע טוואַמיסן אין געלע זיידענע קליידער, אויפן באָרג, סוף שטאָט, געפינט

ך די טעאַזאָפישע שול, איך ווינען דאָ מענטשן, וואָס לעבן
מיט דער נאַטור, טראָגן סאַנדאַלן אויף זייערע באָרוועסע פיס
און איינער פון זיי טראָגט א שטעקעלע פון אַ פּאַסטאַר.

איך האָב מיך דערמאָנט אין דער פּאַסירונג, וואָס איז
געשען מיט עטלעכע יאָר צוריק ביי מיין מומע קאַראָלינע. זי
האָט תמיד געזוכט עפּעס צו באַפרידיקן אירע געפילן און האָט
זיך איינמאָל אָנגעשלאָסן אין אַזאַ משונהדיקע אידעע. איינמאָל
האָט, צו דער גרויסער איבעראַשונג פון איר הויזדינער, אין
דער טיר זיך באַוויזן אַ נביא מיט אַ גוטמוטיקן אויסדירק
א יפן פנים. ער איז געווען אָנגעטון אין וואָלענע קליידער און
פון אַ צייטונגס-פּאַפּיר, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט,
האָט ער אויסגעשיט פאַר דער מומע דריי געלע ריבלעך, צוויי
שיינע געלע ציבעלעס, דאָס זענען געווען געבענטשטע פּירות פון
דער ערד, וואָס דער נביא אַליין האָט אָפּגעריסן. מיין אַלטע
מומע איז געווען טיף גערירט, ווייל דער גאַסט אידער איז גע-
ווען אַ קינסטלער, דער מחבר פון אַ ריזן-ווערק, וואָס געפינט
זיך אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק און טראָגט דעם נאָמען:
„דער אייביקער תנך".

און דעריבער בין איך געגאַנגען מיט מיין פריינט אומ-
געשטערט. כ'האָב געזען, ווי ער קוקט זיך אום און ער וויל
שטעלן פראַגן, איך בין געוואָרן נייגעריק צו וויסן, וואָס ער
וועט זאָגן. כ'האָב געמיינט, אַז דער גרעסטער איינדרוק וועט
אויף אים מאַכן די גרויסע צאָל אויטאָמאָבילן און עלעקטרישע
טראַמווייען, ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז ער טראַכט
גאָר וועגן די נשמות פון די מענטשן.

לסוף האָט ער געפרעגט:

— איז עס אַ גרויסע שטאָט?
— פון אומגעפער אַ האַלב מיליאָן איינוווינער.
— אין וועלכן קוואַרטאַל זענען מיר איצט?
— אין האַנדלס-קוואַרטאַל.
— איז דאָס אַ באַזונדערער טייל פון דער שטאָט?
— אַ באַזונדער'ער? וואָס מיינט איר דערמיט?

— דוכט זיך מיר, אַז דאָ ווינען אויסגעלאַסענע מיידלעך, כ'האָב נישט געקאָנט דערשטיקן אין מיר דעם געלעכטער.

— די אייגנשאַפטן פון דער הייַנטיקער מאָדע פירן אַרײַן אין אַ טעות, איר האָט זיי נאָך אוודאי נישט געזען...

— פאַרקערט, איך קאָן זיי נאָך צו גוט. אין מיין יוגנט האָב איך זיך געלערנט די ווערטער פונם נביא: „אַז די טעכטער פון ציון וועלן זיין שטאָלץ, זייערע קעפּ וועלן זיין אויפגעהויבן הויך. די פנימער געפאַרבט און ווערטפולע סאַנדאַלן וועלן באַדעקן זייערע פיס, גאָט וועט אָפּגאָלן די האָר פון די קעפּ ביי די טעכטער פון ציון און אוועקנעמען פון זיי זייער שיינקייט. און קומען וועט אַ צייט, ווען גאָט וועט ביי זיי אוועקנעמען דאָס צירונג און דאָס באַפּוצונג פון די סאַנדאַלן, די קנעפּעלעך, קלאַמערקעס און קייטעלעך, די אָרעמבענדער און די שמעקעדיקע ריחות, די אוירינגלעך, פינגערלעך, צעלעלוי-פּאַסקעס פון די האָר. די הייבלעך, פליטערלעך, די שפּיגעלעך... אַנשטאָט דעם אָנגענעמען ריח וועט זיין אַ געשטאַנק, אַ שטריק — אַנשטאָט אַ שיינער גאַרטל, אַ גאָלער קאָפּ, במקום געקרויזלטע האָר, און שטאָט דעם בּרייטן מאַנטל, אַ שמאָלער ענגער זאַק... דאָס אַלץ אָנשטאָט דיין שיינקייט”...

פון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט האָבן די ווערטער געקאָנט האָבן אַ גרויסן ווערט, אָבער ס'איז מיר אויסגעקומען מאָדנע צו הערן זיי — אין רוג בראָדוויי און פינפטער עוועניו; אין די אַממערסטן באַלעבסטע שעהן פון טאָג. חוצדעם איז מיין פריינט געווען שטאַרק באַגייסטערט. ער האָט אַרויסגעזאָגט די פריערדיקע ווערטער מיט אַ זינגנדיקן טאָן און זיין פּנים האָט געשטראַלט.

— פאַרזיכטיק! — האָב איך אַ שעפּשע געטון צו אים — די מענטשן קאָנען נאָך דערהערן.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון פאַרחידושט.

— די מענטשן הערן אויס גערן מיינע ווערטער. און באַלד האָט ער צוגעגעבן: — דער פּשוטער המון.

ווען אַזאַ פּאַסירונג אין מיין לעבן האָב איך קיינמאָל נישט געטראַכט. ס'איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: גרויסער

גאָט, וואָס וועל איך טון, אויב ער וועט אָנהויבן פרעדיקן דאָ, אויפן סאַמען עק גאַס? איך האָב באַמערקט, אַז ער וויל עס טון. ס'האָט מיך אַרומגענומען אַ פּחד... ניין, איך וועל עס נישט איבערהאַלטן, כ'וועל מוזן אַנטלויפן.

איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן האַסטיק:

— מיר מוזן אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט גאַס. דער פּאָליציי-מאַן, וואָס רעגולירט די גאַסן-באַוועגונג קוקט אויף אונדז. איצט האָב איך געוואָלט פאַר אים קלאָר מאַכן דעם הער-לעכן סיסטעם פון רעגולירן די גאַסן-באַוועגונג. ער האָט מיר אָבער איבערגעריסן:

— צו וואָס דאַרפן מיר אַ ריבערגיין אויף דער צווייטער זייט גאַס, ווייבאַלד מיר האָבן נישט קיין באַשטימטן ציל, וווהין צו גיין?

— מיר האָבן יאָ אַ באַשטימטן ציל — האָב איך אַריינגע-מישט — איך וויל אייך באַקאָנען מיט מיינס אַ פריינט. לאָמיר אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט גאַס.

איך האָב אים פאָרזיכטיק געפירט צווישן די לויפנדע אויטאָמאָבילן און בשעת-מעשה זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דעם ליגנט. וווהין זאָל איך אים פירן? ווער וועט אריינלאָזן צו זיך דעם מאָדנעם פאַרשוין? ווער וועט זיך באַמיען פאַר זיינעטוועגן צו באַזאָרגן לייטישע מלבושים און אָפּהאַלטן אים פון פרעדיקן אויף די גאַסן?

איך האָב זיך באמת געפונען אין אַ קריטישער לאַגע, מיט וואָס האָב איך זיך עס פאַרזינדיקט, וואָס דער-דאָזיקער פאַרשוין קלעפּט זיך אַזוי אין מיר. ווי לאַנג וועט ער אַזוי גיין מיט מיר? איך האָב מיך דערמאָנט דאָס קינדישע לידל פון מרימל מיט איר שעפּסעלע, וואָס איז איר תּמיד נאָכגעגאַנגען:

מיט מיר האָט זיך אָבער דער גורל פאַרנומען. מיר זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע צענדליק טריט און פּלוצלינג האָב איך דערהערט הינטער מיר אַ קול:

— האַלאָ, ביל!

איך האָב זיך אויסגעדרייט. אָ, ליבער גאָט; דעם מענטש

האָב איך טאַקע באַדאַרפט איצט באַגעגענען ? עדגער ראָסיט... דער קינאָ-קריטיקער פון „טיימס” און וועסטערן-סיטי, איינע פון די גרעסטע ציניקער צווישן ציניקער ! ער האָט מיך דאָ געטראָפן, אין העלן טאָג, צוזאַמען מיט די פיגור, וואָס האָט נאַר-וואָס פאַרלאָזן דאָס אויסגעמאָלטע פענסטער פון דער קירך פון הייליקן באַרטאָלאָמיי!

## זיבעטער קאַפּיטל

האַלאָ, ביל... ווער איז דאָס דערדאָזיקער פּאַרשוין, דער פריינט דיינער ?

ראָסיט, ווי כ'האָב געזען, איז געווען גוט געשטימט. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן ?

— ער... ער.

דער פרעמדער האָט געזאָגט: — מ'רופט מיך טישלער.

עס איז מיר זייער אָנגענעם מיט אייך זיך צו באַקאָנען, הער טישלער, — האָט געענטפערט דער קריטיקער. ער האָט האַרציק אים געדריקט די האַנט. — איר זענט דאָ אויף אַ טורנע.

— אַ טורנע ? — האָט דער פרעמדער איבערגעפרעגט און ראָסיט האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ הילכיק געלעכטער, יאָ, איצט וועט ער שוין האָבן צו דערציילן וועגן מיר סענסאַציאָנעלע געשיכטעס, אויסנוצן די פּאַסירונג ווי געהעריק. איך האָב אומגליקלעכערווייזע געפרווווט ראַטעווען מיין כבוד. איך האָב זיך אָפּגערופן :

— דער הער טישלער איז נאַר-וואָס אָנגעקומען...

— נאַר-וואָס אָנגעקומען, באמת ? — האָט דער קריטיקער געפרעגט און אין זיין גוטער שטימונג האָט ער אויפגעהויבן די האַנט, כדי אַראָפּצולאָזן זי אויפן פרעמדנס אַקסל.

אָבער זיין האַנט איז געבליבן הענגען אין דער לופטן...

א ווונדערבאַרער אויסדרוק האָט זיך באַוויזן אויפן טישלערס פּנים.

— שווייגט! — האָט ער אויסגערופן. און באַלד האָט ער צוגעגעבן; — יעדער איינער קאָן נאָכמאַכן דאָס געלעכטער, אָבער ווער וועט נאָכמאַכן דאָס געוויין?

— וואָס? — האָט ראָסיט געפרעגט און איצט איז שוין געקומען די ריי, אַז איך זאָל זיך פאַרטיידיקן.

— דער הער טישלער איז פאַר אַ מינוט מיד געקומען צו הילף. דאָס פעבל איז אויף מיר אָנגעפאַלן און מיך צע־שלאָגן.

— אָהאָ! — האָט דער קריטיקער אויסגערופן — ביים קינאָ „עקסצעלסיאָר” און כדי צו פאַרדעקן פאַר אונדז זיין צעטומלט־קייט האָט ער גערעדט ווייטער:

— איר זענט געוועזן אין דעם גאַנצן געדראַנג? איך האָב אַלץ אָבסערווירט.

— צי טומלען נאָך די מענטשן דאָרט אַזוי?

— וואַרשיינלעך.

— אַ באַנדע אידיאָטן - האָב איך אָנגעהויבן.

— אידיאָטן? שוין איינמאָל. ווי מיינט איר, וואָס טון דאָרטן די מענטשן?

— זיי ווילן אונדז פאַרהיטן פון דער יעקישער פּראָפּאַ־גאַנדע, אַזוי האָט מען מיר לפּחות געזאָגט.

— מענטש איינער. וואָס זיי גייט אָן יעקישע פּראָפּאַגאַנ־דע, ווי אַ הונט דעם פינפטן פוס. זיי פאַרדינען צו פינף דאָלאַר פער קאָפּ.

— וואָס?

— יאָ, יאָ, אַזוי איז עס... ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן.

— איר ווייסט עס אויף זיכער?

— איר פרעגט זיך, צי איך ווייס? פעטער דעלי איז געזעסן אין אָוונט געוועזן אויף אַ זיצונג פון די פילם ד רעקטאָרן, כ׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו דינגען דידאָזיקע מענטשן. דער המון

באשטייט פון ארבעטלאָזע אַרבעטער, וואָס אָרדענען איין אויך עפּעס־לעכע ע טער באַשטעלטע גאַסן־אוואַנטורעס.

— שיינע מעשיות. — האָב איך אויסגעשריגן — און ווו איז די פּאָליציי?

— די פּאָליציי, — האָט זיך דער קריטיקער פאַנאַנדערגע־לאַכט — זאָל די פּאָליציי אַרבעטן אומזיסט בעת די זעלנער ק־יגן באַצאָלט? יעזוס כריסטוס...

— ביטע — האָט דער טישלער זיך אָפּגערופן.

— יאָ, אודאי, איך — האָט ראָסיט געשטאַמלט און אַנט־שוויגן געוואָרן אַ צעטומלטער אינגאַנצן.

— איר דאַרפט נישט שעלטן — האָב איך אים אויפמערק־זאַם געמאַכט — איך מוז עס אייך דערקלערן. דער המון האָט זיך געוואָרפן אויף מיר... איך בין געווען אינגאַנצן פּאַרטויבט... דערדאָזיקער הער האָט זיך צו מיר דערנענטערט און דורך אַ נס מיך אָפּגעראַטעוועט.

— אַ— האָט זיך דער קריטיקער ״״געגערופן מיט גרויס פאַראינטערעסירונג — איר היילט מי־ גייס ו קע מיטלען, מיט וואָס פאַראַ סיסטעם?

איך האָב שוין געוואָלט ענטפערן, אבער כ׳האב באַמערקט, אַז דער טישלער אַליין וויל אויפקלערן.

— מיטן מעטאָד פון ליבע — האָט ער צאַרט געענטפערט.

— הערט מיך, הער ראָסיט — האָב איך איבערגעריסן דאָס געשפּרעך.

—כ׳קאָן לענגער נישט גיין מיט אייך. איך פיל זיך שלעכט. איך גיי רופן אַ טאַקסאָמעטער.

— ניין, קומט ליבערשט מיט מיר; כ׳וועל א רוף טון מיין ווייב, דאָ באַלד, ביים סוף גאַס, דאָרט וועט איר זיך אויך אָפּרוען.

ער האָט מיך אָנגענומען פאַר די האַנט און מיטגעשלעפּט מיט זיך. אין גרונט גענומען איז ער געווען אַ גוטהערציקער מענטש, דער ציניזם זיינער, איז נאָר געווען דאָס געוווינהייט פון זיין באַרוף. מיר זענען אַריין אין אַ גרויסער געביידע, און

געלאָזט זיך אַרויפּציִען מיט אַ חינדע. איך האָב נישט געקאָנט דאָס הויז און נישט די דירה, וווּהין מיר זענען געגאַנגען. ראָ־סיט האָט געעפענט אַ טיר, איך האָב דערזען פאַר מיר אַ גרויס חדר, ווו אויף ווייכע פּאָטעלן זענען געזעסן ווייבלעכע גן־עדן פייגל. דער קריטיקער האָט מיך צוגעפירט צו אַ פּלושענע סאָפע, איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפן אויף איר מיט אַן אָפּזיפץ פון פאַרלייכטערונג.

דער פרעמדער איז געשטאַנען לעבן מיר און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף מיין קאָפּ. און דאַן איז געשען אַ נס. אין מיין מוח האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן, אַ פרייד האָט מיך אַרומגענומען. אויך מיין פּנים האָט זיכער אויסגעדריקט די צופרידנקייט פון דידאָזיקע מינוטן, וואָרום דער קינאָ־קריטיקער פון „טיימס" אין וועסטערן־סיטי האָט מיך באַטראַכט מיט אַ שמייכל. איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס ער טראַכט, ווי ער וואָלט עס אויסגעדריקט אין ווערטער.

— ביי גאָט! ס'איז דאָך אַ היפּנאָז!

## אכטער קאַפּיטל

איך האָב זיך אַזוי גוט געפילט, אַז כ'האָב זיך באַצויגן מיט גלייכגילטיקייט צו דעם אַלעם, וואָס עס איז געשען. איך האָב אויף אַ ווײַלע צוגעמאַכט די אויגן, געעפנט זיי צוריק און פאַרחלומט זיך אומגעקוקט אַרום. איך האָב באַמערקט, אַז אַלע פרויען קוקן אויפן טישלער. זייערע קעפּ זענען געווענדט געווען צו אים, זייערע אויגן פאַרזינקען אין זיין געשטאַלט. איך האָב געטראַכט: דער מענטש וועט האָבן מזל ביי פרויען, ווי די אינדוסן מיט זייערע ווייכע, ברוינע הויט און די גרויסע טונקעלע קי־אויגן.

ס'האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, אָבער פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ זיפצן. דער טישלער האָט אַ ציטער געטון און אַראָפּגענומען די האַנט פון מיין קאָפּ. אין צימער האָט

יך געפינען צוועקף טירן, וואָס זענען געווען פאַרמאַכט. דאָס זיפצן האָט זיך געטראָגן פון נאָנטסטן חדר.

— וואָס איז דאָס? — האָב איך געפרעגט ראָסיטן.

— גאָט ווייסט, אין דעם גיהנום קאָן מען זיך גאָרנישט דער־וויסן.

איך האָב שוין געוואָלט זיך דערוויסן, וואָס דאָס איז פאַראַ גיהנום. פלוצלינג האָט זיך ווידער דערהערט דאָס זיפצן, העכער, אויסגעצויגענער: א—וי—ו—י! און ס'איז אויסגעגאַנגען אין אַ ווייטאָקלעך געשריי.

דער טישלער האָט זיך אויסגעדרייט, צוגעגאַנגען צו דער טיר, ער האָט זיך אַ וואַקל־געטון און שטיין געבליבן. מיינע אויגן האָבן אים נאָכגעפאָלגט, דערנאָך האָב איך געקוקט אויפן קריטיקער, וואָס האָט מיט אַ ברייטלעכן שמייכל אויפן פנים, באַאָבאַכטעט דעם טישלער. ער האָט זיך צוגעגרייט אָפּצוהוזקן, געוואָלט אין אונדז נוקם זיין.

און ווידער האָט זיך געהערט דאָס זיפצן, העכער, ליידנ־שאַפטלעכער, ס'האָט זיך איבערגעחזרט רעגלמעסיק און ביי יעדן מאָל זיך פאַרענדיקט מיט אַ ווילד געשריי. איך האָב געקוקט אויפן טישלער; ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון א יינג פערדל, וואָס הערט הינטער זיך דעם געקנאַל פון דער בייטש, ווערט וואָס אַמאָל אומרויקער. שפרינגט אונטער ביי יעדן קנאַק, דאָך איז ער צעטומלט, ער ציטערט מיטן גאַנצן גוף, ווייל ער ווייסט נישט, וואָס דאָס קנאַקן באַדייט, און ווייסט נישט, וווהין צו לויפן.

דער טישלער האָט געקוקט פון איינעם אויפן אַנדערן, געפאָרשט יעדן אויסדריק אויף אונדזערע פנימער. ער האָט גע־קוקט אויף די גן־עדן פייגל, אויף די פרויען, וואָס זענען גע־זעסן אין די באַקוועמע פאָטעלן. קיין איין מוסקול האָט ביי זיי נישט גערירט, אויסער די מוסקולן, אין וועלכע עס האָבן זיך געגייטיקט זייערע אויגן, כדי אים נאָכצופאָלגן מיט די בליקן. עס איז זיי נישט אָנגעגאַנגען יענער ווייטאָק, וואָס ווער פון

זיי דאָרטן האָט געליטן און דאָך איז עס דאָך געווען ווייטאָק פון אַ געפּייניקטער פרוי.

— א—ו—י—ו—י.

דער טישלער איז צו צו דער טיר ווי ער וואָלט געוואָלט זי עפענען. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און זי צוריק־געצויגן. ער איז געגאַנגען הין און צוריק געטריבן פון סודות־דיקע געפילן, און ווייל קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער גערעדט צו זיך:

— דאָס איז דער גורל פון אַ נקבה. און באַלד ווידער:— פאַרן פּרייז פון לעבן. דאַן האָב איך ווידער דערהערט דאָס שרעקלעכע, מוראדיקע זיפצן:

— א—ו—י—ו—י!

מיר האָט זיך געדוכטן ווי פונם טישלערס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי:

— דערבאַרם דיך!

לכתחילה האָט דער קינאָ־קריטיקער פון „טיימס" און וועסטערן־סיטי, געפּרוווט צו באַהאַלטן זיין איראָניע, אָבער פּאַ־מעלעך האָט זיך זיין פּנים אויסגעקרומט אין אַ גרויסער, שפּאָ־טישער גרימאַסע: דאָס איז געווען אַ טייוולשער געלעכטער. איך האָב געזען, אַז דאָס איז דעם טישלער נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט אַ קוק געטון אויף ראָסיטן און זיך אָפּגעקערט פון אים מיט אַן עקלדיקן געפיל. ער האָט זיך ענדלעך באַהערשט, דער־נענטערט זיך צו אים און צאַרט געזאָגט:

— מיין פריינט, פאַר יעדן מענטש, וואָס לעבט אויף דער וועלט, האָט די פרוי באַצאָלט דעם פּרייז פון לעבן.

— דעם פּרייז פון לעבן! — האָט ראָסיט איבערגעחזרט צעטומלט.

דער טישלער האָט מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף דער טיר.

— מיר שטיין פאַר דעם אייביקן סוד, פאַר דעם אום־ענדלעכן פּחד. עס פּאַסט נישט, אַז ס'זאָל עמעצער חוזק דערפון.

דער איראָנישער שמייכל איז פאַרשווינדן פון קריטיקערס פּנים, ער האָט צונויפגעצויגן די ברעמען און געפרעגט:

— איך פאַרשטיי אייך נישט, פריינט, וואָס קען דער מאַנסביל דאָ העלפן?

— איינס קען ער לכל-הפחות טון, בויגן דעם קאָפּ פאַר דער פרוי.

— דאָס איז פאַר מיר צו הויך. קיינער צווינגט נישט די דאָזיקע נאַראָנים צו דעם; זיי טון עס פון זייער אייגענעם ווילן.

דער טישלער האָט געפרעגט:

— האָט איר נאָך קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז דאָס קען אויך זיין דער ווילן פון גאָט?

— ניין, ס'איז מיר נאָך נישט געקומען אויפן געדאַנק.

אין דער רגע האָט זיך געעפנט איינע פון די צוועלף טירן, ראָסיט האָט זיך אויסגעדרייט און אויסגערופן:

— אַך, דאָס זענט איר, פרוי פלאַנשעט, קומט אַהער, דערציילט, וואָס דאָרט קומט פאָר.

## נייַנטער קאַפּיטל

אַ דיקע פרוי האָט זיך וואַקלדיק אריינגעשלעפּט אין צימער, זי האָט באַגריסט מיט גוטהאַרציקער פריינטלעכקייט.

— אַך, הער ראָסיט!

פון אירע אוירן האָבן אַראָפּגעהאָנגען שוואַרצע אוירינג, איר פּנים איז געווען בלייך, די ליפּן זענען געווען, ווי צוויי רויטע שנירעלעך, זי האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט צום קריטיקער, און ער האָט לאַכנדיק געפרעגט:

— זאָגט מיר מאַדאַם: צי ברענגט גאָט אַהער די דאַמען?

— געוויס, הער ראָסיט. דער גאָט פון שיינקייט ברענגט זיי צו אונדז. און דער קליינער גאָט מיט דער גאָלדענער פייל, וואָס האָט ראָזלעכע בעקלעך און קליינע חן-גריבעלעך... די חן-

גריבעלעך, וואָס מיר מאַכן דאָ פאַר צוויי הונדערט דאָלאַר אַ שטיק. יאָ, הער ראָסיט, דער גאָט הרענגט זיי צו אונדז.

דער קריטיקער האָט זיך אויסגעדרייט.

— דערלויבט, מאַדאַם פלאַנשעט. איך וועל פאַר אייך פאָרשטעלן דעם הער טישלער. דערדאָזיקער מענטש באַוויזט נסים, ער היילט יעדער ווייטאָק מיט ליבע.

— אָ, ווי אינטערעסאַנט. אָבער הער טישלער, וויבאַלד די ליבע גופא איז חייטאָק, טאָ ווי אַזוי קאָן זי היילן ווייטאָק?

— א—ו—י—ו—י!. האָט געזיפצט אַ קול.

ראָסיט האָט באַמערקט. — דער הער טישלער האַלט, אַז אי־ פאַרשאַפט די דאַמען גרויס ווייטאָק, דאָס איז אים זייער אומאָנגענעם.

— אָך, די דאַמען זענען שוין צו דעם גאַנץ גלייכגילטיק. ווייטאָק, וואָס איז דאָס אזוינס ווייטאָק. די פרוי, וואָס קרעכצט, קאָן זיך נישט באַוועגן, און דערפאַר איז זי אומגליקלעך. חוץ דעם איז זי זייער קאַפריזנע, זי וואָלט געוואָלט, אַז אַלץ זאָל געשען לויט איר פאַרלאַנג. די ווייטאָק ווערט פאַרשווינדן. זי וועט ווערן שענער, דער מאַן וועט איר מער ליב האָבן און זי וועט זיין גליקלעך.

— א—ו—י — א—ו—י! — האָט זיך געהערט דאָס זיפצן אין אַנדערן צימער, און מאַדאַם פלאַנשעט האָט געפלוידערט ווייטער:

— איך חזר תמיד איבער: וואָס העכער שרייען, דאָס העלפט: דאָס שרייען שרעקט דאָ קיינעם נישט איבער, ווייל מיר אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ, זענען אָנהענגער פון גאָט פון שיינקייט, און מיר זענען תמיד גרייט איבערצוטראָגן אַלע יסורים, וועלכע ער וואָלט נאָר פון אונדז פאַרלאַנגט. נישט אַזוי, הער טישלער?

דער טישלער האָט געקוקט אויף איר דערשטוינט. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען ביי אים דידאָזיקע צוזאַמענגעצויגנקייט אויף זיין פנים. ער האָט געפרוווט תופס צו זיין דאָס, וואָס איז אים שווער געווען צו באַגרייפן.

— איך וועל פאַר אייך אויסזאָגן אַ סוד — האָט זיך אָפּגערופן מאַדאַם פלאַנשעט. — די דאַמע, וועמענס זיפצן איר הערט איז די פרוי פון ט. ס.. איר קאָנט דעם הער ט. ס., דעם פילם-קעניג?

דער טישלער האָט נישט אָפּגעענטפערט, צי ער קאָן אים.

— זיי קומען אַלע צו מיר, די מענטשן פון דער פילם-וועלט, צו מיר, די כשופמאַכערין, די פאַרטרעטערין פון גאָט פון שיינקייט. עס קומט פאָלי פרעטי און דאָלי דימפּל, לוציע לעוו און בעטיע בעלע ביירד. זיי קומען צו מיר וועגן זייערע האָר, וועגן די אויגן און וועגן פּנים. איר זענט אויך איינער פון די, וואָס באַווייזן ווונדער, אָבער צי וועט איר קאָנען באַווייזן צו טון דאָס, וואָס איך טו? איר וועט קאָנען אויפפרישן די גאַנצע הויט? איר וועט קאָנען די אַלטע מאַכן ייִנגער?

— א—ו—י—ו—י!

— מערי מאגנע איז געקומען צו מיר און מיטגעבראַכט מיט זיך איר אַלטע באָבע. מאַדאַם, האָט זי געזאָגט, פרישט זי אויף פון דער טאַליע ביז אין דער הויך, ווייל ס'איז נאָך נישט באַוווסט, ווי אַזוי ס'וועט זיין מאָדיש, וואָס מ'וועט דאַרפן ווייזן. אָ, אָ, ווי פרייליך זי איז, די רייצנדע מערי. טאָ האָב איך גענומען די אַלטע דאַמע אין דער אַרבעט: באַלד וועט פאַרשווינדן די פאַלדן פון איר פּנים, איר הויט וועט ווערן ווייך, ווי די הויט ביי אַ קינד. אויף אירע באַקן וועט זי באַקומען צוויי חן-גריבעלעך און זי וועט טאַנצן מיט ייִנגע הערן, וואָס וועלן זי לחלוטין נישט אונטערשיידן פון אירס אַן אייניקל. נו וואָס? דאָס זענען נישט קיין ווונדער?

איצט האָב איך שוין פאַרשטאַנען, ווו איך געפין זיך: איך האָב אָפטמאָל געהערט וועגן דעם שיינקייט-סאַלאָן פון מאַדאַם פלאַנשעט. איך בין לחלוטין אַנטשוויגן געוואָרן, כ'האָב נאָר געטראַכט צי וואָלט נישט בעסער געווען, אָנצונעמען דעם טישלער פאַר אַ האַנט און איידל אַרויספירן, צי אפשר וואָלט גאָר בעסער געווען לאָזן אים אָנהייבן אַ קאַמף מיט אָט דער מאָדערנער ציוויליזאַציע?

פלוצלינג האָט זיך מאַדאַם פלאַנשעט געוואָנדן צו מיר.

— איך קאָן אייך, הער ביק, איך האָב אייך געזען מיט פריילין מאַגנע. איר פּאַסקודנער בחור! איר האָט צאַרטע זיידענע האָר־לאָזט זיי וואַקסן — אַכט צאָל די לענג — און דאַן וועט איר קומען צו מיר, אַז איך זאָל פון זיי מאַכן „דויערהאַפּטע לאָקן". אַזויפיל יינגע מענטשן קומען צו מיר, איך זאָל זיי מאַכן „דויערהאַפּטע לאָקן". איך זאָג עס תמיד: מיין ווערק איז בע־סער ווי דאָס ווערק פון דער נאַטור. איך דערקאָן די נאַטור לויט אירע פעלערן.

איך ווייס נישט, צי דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען, איז געווען אַ דאַנק מיר, צי אַ דאַנק דעם טישלער: די פּאַרטרעטעריין פון גאָט פון שיינקייט איז געווען גרייט צו מאַכן פאַר אונדז אַ פלוצלינגע אַנטפּלעקונג.

— איר וואָלט געוואָלט זען, ווי אַזוי עס ווערט געמאַכט „דויערהאַפּטע לאָקן"? איך וועל אייך וויזן די פּרוי ט. ס., אָבער איר זאָלט שווייגן, זי וועט זיך שלעכט פילן, ווען זי וועט זען, אַז איר קוקט אויף איר אין איר איצטיקן צושטאַנד. זי ליגט מיטן רוקן צו דער טיר און קאָן זיך נישט באַוועגן. מיר דערלויבן נישט די דאַמען צו זען דעם אַפּאַראַט; ער מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק און קאָן זיי נאָך איבערשרעקן. איר וועט זיין שטיל — יאָ?

— טויט־שטיל — האָט ראָסיט פאַרזיכערט שוין פאַר אונדז דריי.

— צוערשט — האָט מאַדאַם פלאַנשעט ערקלערט — ווערן די האָר פעסט געדרייט אין קליינע פּאַסן. דאָס איז אַ שרעקלעך לאַנגווייליקע אַרבעט — יעדערע האָר מוז ליגן גלייך, איינע טאָר נישט זיין לענגער ווי די אַנדערע. עס געדויערט זייער לאַנג — צוויי שעה ביי לאַנגע האָר — און עס טוט וויי, ווייל די מוזן זיין פעסט צונויפגעדרייט. יעדער לאָק ווערט אַרומגעוויקלט מיט אַ נאַס טוך, דאַן לאָזן מיר דעם עלעקטרישן שטראָם — און

אין עטלעכע שעה אַרום, ווען די האָר געבאַקן, געקאָכט, זיי פאַרטיקע לאָקן.

— אַלזאָ, זייט שטיל, איך בעט אייך.

זי האָט פאַמעלעך געעפנט די טיר.

## צענטער קאַפּיטל

פאַר אונדז האָט זיך באַוויזן עפּעס אַזוינס, וואָס איך וואָלט געקאָנט אָנרופן אַ באַרג פרויען-פלייש. דער באַרג-פלייש איז וואַרשיינלעך באַדעקט געווען מיט געהאָקטענע זיידענע וועש, וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי פייכט, דורכזיכטיק פאַפּיר. דער קאָפּ פון דעם באַרג-פלייש האָט געמאַכט אַ זעלטענעם איינדרוק: ער איז געווען אינגאַנצן אַ גאָלער שאַרבן און פונעם דאָזיקן גאָלן שאַרבן האָבן זיך געצויגן דראָטלעך. זיי זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשידענע ריכטונגען, און מחמת זיי זענען געמאַכט געווען פון גלאַנצידיקן מעטאַל, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, ווי דאָס איז דער קאָפּ פון אַ פּאַלינע, אָדער איינער פון די ווילדע מענטשן, אָדער גאָר, ווי דער קאָפּ פון אַ נייעם מלחמה-גאָט, וואָס לאָזט טון אַ וואַלד אויס כעמישע באַלאָנען גיפטיקע גאַזן. איבער דעם באַרג פלייש האָט זיך געהויבן אַ גלאַנצידיקער מעטאַלענער קופּאָל, מיט וועלכן די דראָטלעך זענען פאַרייניקט געווען. ס'איז שווער געווען אונטערצושיידן, צי דער באַרג פלייש האַלט אויס דעם קופּאָל, צי עס הענגט פון אים אַראָפּ. ס'האָט געמאַכט אַן איינדריק פון אַ סימבאָליש ווערק פון אַ משוגענעם קינסטלער. וועמענס באַדייטונג ס'איז שווער געווען צו פאַרשטיין.

פון קופּאָל האָט אַרויסגעזעצט אַ היץ. פון באַרג-פלייש איז געפלאָסן שווייס און אין קליינע שטראָמען זיך צונויפגעגאָסן אויף דער ערד אין אַ ים. וואַרשיינלעך מחמת דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער היץ קאָן דער באַרג-פלייש זיך נישט דערהאַלטן מיט אייגענע כוחו תאון דעריבער וואָלט ער געמוזט אינגאַנצן צערונען.

אָבער אָט זענען פאַראַן דריי דינער פון שיינהייט-סאַלאָן, וואָס זייער אויפגאַבע איז אונטערצוהאַלטן די פלייש - מאַסע. צוויי האַלטן די דאַמע אונטערן אָרעם, דער דריטער האַלט איר קאָפּ אין דער גלייכגעוויכט. יעדערע עטלעכע מינוט שרייט די באַרג פלייש: — אַ—ו—י—ו—י! דערנאָך ווערט עס אַנטשוויגן. עס דוכט זיך, ווי ס׳וואָלט זיך באַדאַרפט אָפּרייסן אַ לאַווע, און לעבעדיקע קאַריאַטידן האַלטן זי מיט גרויס מי קוים אונטער.

מאַדאַם פלאַנשעט האָט געשפּטשעט צו אונדז:

— אַזוי זעט אויס די דינסט ביים ייִנגען גאָט פון שיינקייט.

מיין פאַנטאַזיע האָט זיך אויפגעהויבן אויף פליגל: איך האָב געזען די שטאָלצע וועסטאַלינערינס. שפּיגלענדיק זיך אין פּיאַלעטים, וואָס האָט באַגאָסן די גריכישע אינזלען, יענע וועס טאַלינערינס, וואָס האָבן געהיטן אין די ווייסע טעמפּלען דאָס הייליקע פייער. איך האָב געזען די אַקאָליטן. אויפהייבנדיק און אַראָפּלאָזנדיק די כּלים ווייררויך, די ערנסטע, באָרדיקע כּהנים געקרוינט מיט מירטן-קרענץ, גייענדיק אין אַ לאַנגער ריי. דאַן האָב איך געפרעגט זיך אַליין, צי האָט דער ייִנגער גאָט פון שיינקייט שוין געזען פון ששת ימי בראשית אַן אַזוינע מיאוסע תפילות.

מיר זענען שווייגנדיק צו צו דער טיר, מאַדאַם פלאַנשעט האָט זי פאַרמאַכט הינטער אונדז. דאָס פּראָמעטעיִש זיפצן איז געוואָרן שוואַכער, ס׳האָט זיך שוין אויך נישט געפילט אַזוי שטאַרק דער ריח פון אַמאָניאַק. איך האָב נישט געזען דאָס געזיכט ס׳פּנים פון טישלער, ווייל ער האָט זיך פון אונדז אָפּגעדרייט. ראָסיט האָט מיר צוגעוואָרפן אַ שמייכל, און געשעפּטשעט:

— אַייער פריינט, ווייזט אויס, אינטערעסירט ווינציק שיינקייט. דערנאָך האָט ער געפרעגט:

וואָס האָבן באַדייט זיינע ווערטער „דער פרייז פון לעבן” און „דער ווילן פון גאָט”?

— איר האָט עס באמת נישט פאַרשטאַנען?

— ניין

— מיין טייערער, איר האָט אונדז נישט געזאָגט, ווו מיר געפינען זיך, דער טישלער האָט געמיינט, אַז מיר געפינען זיך אין אַ קינפּעטאָרין-אַנשטאַלט.

דער קינאָ קריטיקער פון טיימס אין וועסטערן-סיטי האָט ווילד אַ בליק געטון אויף מיר, דאַן האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַלדז אַ געשריי, ענלעך צום רעוון פון אַ יינג שעפּעלע, וואָס ווערט געפּייניקט. דער טישלער האָט אַ ציטער געטון, ס׳האָט זיך אויך איבערגעשראָקן די מאַדאַם פּלאַנשעט, און אפילו די ווייבלעך — די גן-עדן פייגל האָבן צום ערשטן מאָל, זינט מיר זענען אַריינגעקומען אין צימער, געגעבן פון זיך סמנים פון לעבן. דאָס שעפּעלע האָט נאָך צווייטמאָל אַ רעווע געטון, דאַן איז ראָ-סיט, איבגעקוצן אַ פּאַרויטלטער, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט, אַרויס-געלאָפן פון צימער.

מאַדאַם פּלאַנשעט [illegible] מיך אַוועקגענומען אין אַ זייט און געפרעגט:

— הער ביל, זאָגט זי, איז עס אמת, אַז דער דאָזיקער מענטש איז אַ „וווּנדער-רופא”? ער ווייסט ווי אַזוי צו פאַר-לייכטערן ווייטאָק.

— ביי מיר האָט ער דאָס לפּחית באַוויזן.

— ער איז אַ גאַנץ שיינער מאַנסביל, נישט אמת, הער ביל?

— אודאי.

— אָט האָב איך אַ געדאַנק, אַ הערלעכן געדאַנק — זי האָט זיך געוואָנדן צו מיין פריינט: — הער טישלער, איך הער, אַז איר קאָנט פאַרלייכטערן ווייטאָק. עס וואָלט געווען גאַנץ גוט, ווען איר וואָלט אַזוי געוואָלט אַריינ-טרעטן אין מיין סאַלאָן און פאַרנעמען זיך מיט מיינע דאַמען, בעת איך מאַך זיי די דויערהאַפטע לאָקן, די חן גריבעלעך. דאָס זיסע געלעכטערל. די אָרעמע באַשעפעניש ליידן דאָך אַזוי דערפון, אַ, ווען איר וואָלט אַזוי געוואָלט זיצן לעבן זיי, האַלטן זייערע הענט, איך מיין, אַז דאָס וואָלט זיי פאַרשאַפט פאַרגעני-גן. זיי וואָלטן געקומען אַהער יעדן טאָג, און איר, הער טיש-

לער וואַלט געוואָרן באַרימט און רייך. צו מיר קומען די באַרימסטע מענטשן פון שטאָט, אַלע וועלן אייך פאַרגעטערן, הער טישלער. וואָס זאָגט איר דערצו?

— ס'איז מיר פּלוצלינג אויסגעקומען מאָדנע, וואָס מאַדאַם פלאַנשעט האָט נאָך ביז איצט נישט געהערט דעם טישלערס קול. איצט האָט זי אים געצווּנגען צו רעדן, אָבער דאָך האָט זי אים נישט געקאָנט צווינגען, אַז ער זאָל אויף איר קוקן. זיינע אויגן האָבן געקוקט אין חלל, ערגעץ איבער איר קאָפּ, ווי זיי וואָלטן פאַרשטעקט געווען אין אַ ווּזיע; מיט אַ פּאַוואָליע זינגנדיק קול האָט ער אָנגעהויבן רעציטירן:

— אַז די טעכטער פון ציון וועלן זיין שטאָלץ, זייערע קעפּ וועלן זיין אויפגעהויבן הויך. די פנימער געפאַרבט און ווערטפולע סאַנדאַלן וועלן באַדעקן זייערע פיס, גאָט וועט אָפּגאָלן די קעפּ פון האָר ביי די טעכטער פון ציון און אַוועקנעמען פון זיי זייער שיינקייט.

— גרויסער גאָט! — האָט מאַדאַם פלאַנשעט אויסגערופן.

— און קומען וועט אַ צייט, ווען גאָט וועט ביי זיי אַוועקנעמען דאָס צירונג און דאָס באַפּוצונג פון די סאַנדאַלן, די קנעפּעלעך, קלאַמערקעס און קייטעלעך, די אָרעמבענדער און די שמעקעדיקע ריחות. די אוירינג, פינגערלעך, צע,עלוי-פּאַסקעס פון די האָר, די הייבלעך, פליטערלעך און די שפּיגעלעך... אָנשטאָט דעם אָנגענעמען ריח וועט זיין אַ געשטאַנק. אַ שטריקל אָנשטאָט אַ שיינער גאַרטל. אַ גאָלער קאָפּ, במקום געקרויזלטע האָר, און שטאָט דעם ברייטן מאַנטל, אַ שמאָלער ענגער זאַק... דאָס אַ'ז אָנשטאָט דיין שיינקייט.

אין דער רגע האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר פון קאָרידאָר און ס'איז אַריינגעקומען מערי מאַגנע.

# עלפטער קאַפּיטל

— מיין גאָט, ווער איז דאָ? ביל, אָרעמער, כ'האָב דיך שוין צוויי חדשים נישט געזען. ווילסט מיך איינגאַנצן פאַרלאָזן דערפאַר, וואָס האָסט דיך פאַרליבט אין אַ פרייל׳ין פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט אַ פּנים פון אַ יאַפּאַנישער ליאַלקע, וואָס טוט זיך מיט דיר? איך פאַרליר גיכער מיינע ליבהאָבער, ווי כ'געפין זיי. עדגערטאָן ראָסיט, קומט נאָר אַהער, איר קאָנט זיך גאַנץ לייכט באַרעכטיקן. איך האָב פּונקט אַזוי מורא פאַר אייער ווייב, ווי איר אַליין. איך וואָלט כאָטש איינמאָל געוואָלט האָבן אַ מעגלעכקייט צו ווערן גאַנגווייליק פאַר אַ מאַן. האַלאָ, פּלאַנשעט, ווי אַזוי דערגייט עס אייך ביים רייבן די הויט? און... ווער איז דער? באַקאָנט מיך מיט דעם הער. דאָס איז דיינער אַ פריינד, ביל? טישלער? אַנטשולדיקט, הער טישלער, אָבער מיר, מענטשן פון פילם, זענען צוגעוווינט צו רעדן וועגן אונדזער אויסזע. נישט יעדן טאָג באַגעגן איך מיליאָנען דאָלאַר, וואָס לויפן אויף צוויי פיס. ביי וועמען אַרבעט איר?

עס איז שווער געווען איינצוהאַלטן דעם שטראָם פון אירע ווערטער.

— וואָס הייסט? ער אַרבעט נישט אין קיין שום פילם־געזעלשאַפט? און איר אַלע שטייט אַזוי אַרום, און עס ווערן נישט אונטערגעשריבן קיין קאָנטראַקטן. עדגערטאָן, פאַרוואָס האָט איר דאָס נישט צווויסן געטון אין דער געזעלשאַפט „איי־ביקע שטאַט"? אַ, יאָ, ט. ס. וועט דאָ זיין אין פינף מינוט אַרום, זיין פרוי לאָזט זיך שוין ווידער מאַכן שיין. איך וועל אייך עצהנען, הער טישלער: שרייבט נאָך היינט נישט אונטער קיין שום קאָנטראַקט. וואָס לענגער איר וועט אָפּשלעפּן, אַלץ מערער וועט איר באַקומען, יעדער וואָך מיט עטלעכע הונ־דערטער.

מערי איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס איז מיר מאָד־נע אויסגעקומען, ווייל תמיד האָט זי אויפגעהערט רעדן, ווען

עמעצער האָט זי שוין געצווּנגען דערצו, אָבער ס'האָט אויסגעזען, אַז דער טישלער האָט זי פאַרכישופט.

— מיין גאָט, פון וואַנען קומט ער? ער דערמאָנט מיך

— ניין... ניין... נאַטירלעך ס'זעלבע בילד. הערט, ביל, איר מעגט מיר גלויבן אָדער נישט, אָבער מיט אייניקע וואָכן צוריק בין איך געווען אין דער קירך, ביי דער חופה פון פריילין ראָקסאַני רידלער מיטן גר.יספירשט. א גרויסע קירך, ביים פאַרק. יאָ, די קירך פון הייליקן באַרטלאָמיי; אָט דאָרט האָב איך געזען אַ געמאָלט בילד אויפן פענסטער איבערן אָלטאַר, איך קאָן שווערן, אַז דער הער טישלער איז אַראָפּגעקומען פון יענעם פענסטער.

— מעגלעך, אַז ער האָט אַזוי געטאָן, מערי.

— איך לאַך נישט, כ'זאָג דיר, דאָס איז דאָס לעבעדיק געוואָרענע בילד. איבעריקנס ער רעדט דאָך גאָרנישט, ער האָט דאָך נאָך קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. זאָגט, הער טישלער — איר האָט אַ לשון, אָדער צי זענט איר אַ שטומע פיגור פון „בן הור”? זאָגט, איך וויל עס זיך דערוויסן.

איך בין געווען טשעקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי דער טישלער וועט האַנדלען. צי וועט ער אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ און אַנטלויפן פאַר דעם האָגל ווייבערישע ווערטער? און וויבאַלד זי וועט אים פאַרכישופן, פונקט ווי זי פאַרכישופט יעדן מענסביל, וואָס שטעלט זיך איר אין וועג? און אפשר וועט זיך דעם מענטש איינגעבן דאָס, וואָס האָט זיך נאָך קיינעם נישט איינגעגעבן — ער וועט זי צווינגען צו שווייגן?

ער האָט געטאָן א צאַרטן שמייכל. אַזוי-ווייט האָט זי אים באַצויבערט — ער וועט זיין הינפלעך.

— מערי—האָט ער אַ זאָג געטאָן — איך מיין, אַז איר פאַרמאָגט שוין אַלץ, אויסער אוירינג אין דער נאָז.

— אוירינג אין דער נאָז? וואָס פאַרא מיאוסער געדאַנק? ווי קומט איר צו טראַכטן וועגן דעם?

— בעת איר זענט דאָ אַריינגעקומען האָב איך ציטירט די ווערטער פון נביא ישעיהו. פון זיין צייט אָן האָבן שוין גע-

לעבט אויף דער ערד עטלעכע הונדערט גענעראַציעס פרויען, זיי האָבן אויסגעקעמפט פאַר זיך וואַל־רעכט, אָבער דוכט זיך, אַז זיי האָבן שוין נישט געקאָנט אויסטראַכטן עפּעס אַ נייערע זאַך, כדי זיך צו מאַכן שיין. הערט אייך גוט צו צו אַ טייל ווערטער פון נביא און איר וועט זיך איבערצייגן, אַז איר פאַרמאָגט אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט: קנעפּעלעך קלאַמערקיס קייטעלעך, אָרעמבענדער, שמעקעדיקע ריחות, אוירינגג, פינגערלעך, צעלעלוי־פּאַסקיס אין די האָר, הייבלעך, פליטערלעך און שפּיגעלעך...

בעת דער טישלער האָט אויסגערעכנט דידאָזיקע רשימה, האָבן זיינע אויגן געשוועבט איבער דער הערלעכער טואַלעטע פון מערי מאַגנע. זי איז געשטאַנען אַקעגן אים מיט איר אַרויסרופנדיק לעבנס־שפּרודלדיק געשטאַלט, וואָס איז אונדז באַקאַנט אַלס קלעאָפּאַטרע, דובאַרי, אַלס אַננע באַלעי און אין צענדליקער אַנדערע ראָלן, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט באַרימטע קעניגנס און קורטיזאַניס: אויך אין דער אַלטעגלעכקייט האָט זי געווירקט פאַרכישופט, זי איז אַ הערלעכע ברונעטין, אַלע פאַרבן פּאַסן צו איר פּנים; בעת זי גייט אויף דער גאַס דוכט זיך דיר, ווי ס'גייט אַ פּראָצעסיע מיט בלישטשנדיקע פענער. איך וואָלט זיך געוועט, אַז אין היינטיקן נאָכמיטאָג — איבערציילנדיק די טייערע שטיינער, הגם כ'ווייס נישט, צי זיי זענען אמתע צי פאַלשע — האָבן זיי געהאַט די ווערט לפּחות עטלעכע צענדליק טויזנט דאָלאַר; אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ שוואַרצן הוט, אין איין זייט האָט זיך געזען אַ גאָרטן בלומען און אין דער אַנדערער אַ נעסט פון פייגל — אָבער צו וואָס איבערחזרן די רשימה פון נביא ישעיהו.

— אַלץ אויסער אוירינג אין דער נאָז — האָט דער טישלער איבערגעחזרט — און מעגלעך, אַז אויך דאָס וועט זיין מאָדיש אין דער נאָנטסטער וואָך.

— ווו איז דאָס שפּיגעלע? האָט ראָסיט געפרעגט, כדי אַרויסצורופן אַ געלעכטער.

— איצט, מערי — האָב איך געזאָגט, כדי צו נעמען מיין פריינט אונטער מיין שוץ — ווייז, וואָס דו האָסט אין דיין בייטל.

— און די צעלוי-פּאַסקילעך אין די [illegible].

— דאָס האָט דאָך די מאַדאַם פלאַנשעט אונדז איצט געוויזן.

אין דער גאַנצער צייט האָט מ'די נישט אַוועקגענומען אירע אויגן פונם טישלער.

— טאָ זענט איר באמת איינער פון די הייליקע מענטשן! — האָט זי אויסגערופן — איר וועט וויסן, וואָס צו טון אָן עמעצנס אָן עצה. אומגלויבלעך.

אין דעם דאָזיקן גייסטיקן מאָמענט האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר און ט. ס. האָט זיך פאַמעלעך אַר״נגעשלעפּט אין צימער.

## צוועלפטער קאַפּיטל

איר קענט באַטירלעך די קינאָ-שטערנס, אָבער אפשר ווייסט איר גאָרנישט פון די גרויסע הימלישע קערפּערשאַפטן, די געהיימע שטומע, נישט זעעוודיקע זונען, פון וועלכע אָט יענע לויכטנדע שטערן ציען זייער גלאַנץ. דערלויבט מיר אייך צו באַקאַנען מיט ט. ס., זיין אמתן נאָמען קאָן קיינער נישט געדענקען, יאָ, אפילו זיינע סעקרעטאַרן האָבן עס זיך אויפגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און אויפגעהאָנגען איבער דער שרייב-מאַשין: טשגניטשקלערפּיטש. מיט אייניקע יאָר צוריק איז ער געקומען פון רוטעניע אָדער רומעליע צי גאָר פון רומעניע קיין אַמעריקע, ווי די, וואָס זענען אַזוי רייך ווי ער, רופן אים אַבי, אַנדערע רופן אים הער ט. ס., וואָס ער האַלט עס פאַר אַ טייל פון זיין אַמעריקאַניזירן זיך.

ער איז קלענער ווי איך, און מחמת ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער קאָן נישט וואַקסן אין דער הויך, וואַקסט ער אָנשטאָט דעם האָריזאָנטאַל אין דער אומענדלעכקייט. זיינע מלבושים קענען אים קיינמאָל נישט האַלטן אינגאַנצן אינזיך, די פעטע הויט קריכט תמיד ארויס פון קאָלנער. ער האָט אַ געלבלעך פּנים, וואָס טוט זיך לייכט פאַרוויטלען און קליינע, גלאַנצידיקע

אייגעלעך. זיין ענגליש איז אָפּשיילעך, און קולטור פאַרמאָגט ער אַזויפיל, וואָס אַ האָריקער איינאָס, אָבער ער ווייסט ווי אַזוי צו שיטן מיט געלט, און ער רעוועט נאָך דעם, ווי אַ חזיר אין דער קאָריטע.

— האַלאָ ! וואָס מאַכט איר ? מאַדאַם, ווו איז מיין אַלטיטשקע ?

— מען טוט זי איצט אָן.

— זי מעג זיך אַביסל צוויילן. כ'האָב נישט קיין צייט. איך... יעזוס כריסטוס !

— יאָ, אודאי — האָט מערי מאַגנע געזאָגט.

— יאָ, ער וויל זיך אַנגאַזשירן, וואָס איז דאָס ? איר ווילט פון מיר חוזק מאַכן ?

— אַבסאָלוט — האָט מערי געענטפערט.

— אַזוי, איר האָט אים געבראַכט דאָ אַהער, אַז איך זאָל אים אַנגאַזשירן. ניין, אויסער מיין ביזנעס מאַך איך נישט קיין שום עסקים. זאָל ער מאָרגן אינדערפרי אויפזוכן ליפּסקין.

— ער וויל זיך לחלוטין נישט אַנגאַזשירן — האָט מערי געזאָגט.

— ער וויל נישט ? טאָ צו וואָס איז ער דאָ געקומען ? אפשר צו דער מאַדאַם פלאַנשעט, אַז זי זאָל אים מאַכן זיינע האָפּטע לאָקן ?

— זייט פאָרזיכטיק, אַבי ! — האָט מערי מאַגנע אויסגערופן

— ער איז אַ דזשענטעלמען, איר מעגט זיך האַלטן אַביסל אָנשטענדיקער. הער טישלער... דאָס איז הער ט. ס.

— טישלער ? נו, הער טישלער, וויבאַלד איך זאָל מאַכן מיט אייך אַ פילם, מוז איך דערויף אויסגעבן אַ מיליאָן דאָלאַר

— ביי אַזאַ טעמע קען מען זיך נישט באַנוצן מיט קיין ביליקן פילם, ווייל עס וואָלט אַדורכגעפאַלן אומבאַמערקט. מען דאַרף קאָסטיומען, דאָס איז נישט, ווי אַ לויה ביי אַן אָרעמאַן. איך גיב אויס מיין גאַנץ געלט, און דערנאָך קומט איר, אַקטיאָרן, און איר זאָגט, אַז כ'פאַרדין אויף אייך מיליאָנען דאָלאַר.

— געבוג, אַבי. — האָט מערי אים איבערגעריסן — דער הער טישלער פאַרלאַנגט פון אייך גאָרנישט.

— וואָס ? ער פאַרלאַנגט גאָרנישט ? דאָס איז נאָר אַן אָנ־שטעל. איבריקנס, וויבאַלד ער וויל רעדן וועגן געשעפט, זאָל ער קומען אין דער ביוראָ, ער ווייסט, ווו עס געפינט זיך די „אייביקע שטאָט". וואָס איז דאָרט געשען מאַדאַם ? מיין אלטיטש־קע האָט זיך צוגעקלעפט צו דער שטול ?

— איך וועל אַ קוק טון, הער ט. ס. — און מאַדאַם פלאַנ־שעט איז אַרויס פון צימער.

מערי האָט זיך דערנענטערט צו דעם גרויסן מאַן: — הערט מיך אויס, אַבי איר קאָנט יעצט באַגיין דעם גרעסטן פעלער אין אייער לעבן. דער דאָזיקער מענטש איז נאָך, ווייזט אויס, נישט אַנטדעקט געוואָרן. איר ווייסט, וואָס עס קאָן געשען, וויבאַלד ער זאָל ווערן אַנטדעקט ?

— פונוואַנען קומט ער ?

— כ'ווייס נישט. ביל האָט אים געבראַכט אַהער. איך האָב זיך משער געווען, אַז ער שטאַמט פון דעם געמאָלטן פענסטער אין דער קירך פון הייליקן באַרטלאָמיו.

— אָ, אָ — האָט ט. ס. אַ ברום געטאָן.

יעדנפאַלס שטעלט ער מיט זיך פאָר עפּעס נייעס אין עפּעס אַזוינס, וואָס איז צו גוט, אַז ער זאָל לאַנג קאָנען זיין אומ־אַנטפלעקט. די צייטונגען וועלן זיך פאַרנעמען מיט אים. קוקט אים גוט אָן.

— נו, יאָ, אָבער מערי, ער קאָן שפּילן ?

— שפּילן ? טייערער גאָט ; ער דאַרף לחלוטין נישט שפּילן ! ס'איז גענוג, אַז ער זאָל אַ קוק טון אויף עמעצן, און שוין וועט מען אים פאַלן צו די פיס, זייט צו אים העפלעכער, פאַרשט אויס, וויפל ער פאַרלאַנגט.

דער גרויסער מאַן האָט געקוקט פאַרשנדיק אויפן גע־שטאַלט פון פרעמדן און אָפּגעשאַצט זיין ווערט. דאַן האָט ער זיך צו אים דערנענטערט :

— איר ווייסט וואָס, הער טישלער, איך קאָן אייך מאַכן באַרימט. עס געפעלט אייך נישט?

— איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געטראַכט צו זיין באַרימט — האָט אָפּגעקלינגען אַן ענטפער.

— פאַרטראַכט אייך נאָר וועגן דעם. וויבאַלד איך וועל אייך אַנגאַזשירן, וועל איך אייך מאַכן פאַרן גרעסטן אַקטיאָר אין דער וועלט. מיט אייער הילף וועל איך איינאָרדענען פּראָפּאַגאַנדי פילמען פאַר דער קירך, מען וועט אייך ווייזן אין כינע און ביי די זולוסן. איך וועל מיט אייך שליסן אַ קאָנטראַקט אויף צען יאָר, איך צאָל אייך פינף הונדערט דאָלאַר אַ וואָך אָן אונטערשיד, צי איר וועט ארויסטרעטן, צי נישט. איר וועט נישט האָבן קיין סך אַרבעט, וואָרום איך וועל דאָך נישט קאָנען יעדער וואָך פּראָדוצירן אַ פילם מיטן אַלמעכטיקן גאָט און מלאכים, וואָס קאָסט אַ מיליאָן דאָלאַר. מעגלעך, אַז איר וועט געפינען אַ געמיינע פילם-געזעלשאַפט, וואָס וועט אייך צוזאָגן מער, אָבער דערנאָך וועט דערדאָזיקער פאַרשוין פאַרקויפן דעם פילם זיין ברודערס ווייב און באַשטימען אַ קאָנקורס, און וואָס וועט איר דעמאָלט טון? מערי מאַגנע קאָן אייך זאָגן, אַז זי האָט געשלאָסן מיטן אַלטן אַבי אַ קאָנטראַקט, וואָס האָט דעם זעלבן ווערט, וואָס די פרייהייטס-אַנלייע. יעדער וואָך באַקומט די שיינע דאַמע אַ טשעק אויף דריי הונדערט און פופציק דאָלאַר, און איך שרייב אים אַליין אונטער. איך זאָג אייך, אַז די האַנט ציטערט מיר, בעת איך שרייב אונטער אַזאַ גרויסן טשעק, אָבער כ'שרייב אונטער; גיט אַ קוק אויף די פינגערלעך, אויף די בענדעלעך. אויף דעם צירונג, דאָס איז אַלץ פאַר מיין געלט...

— דער הער טישלער האָט מיך טאַקע נאָר וואָס געשאָלטן דערפאַר, — האָט מערי געזאָגט — איך בין זיכער, אַז ווען איר וועט אים אויסצאָלן דאָס געהאַלט, וועט ער עס צעטיילן צווישן אָרעמע.

— אַז כ'וועל אים באַצאָלן, איז עס זיינס, ער קאָן עס

אויסגעבן אויף וואָס ער וויל, אפילו אויף שפייז פאַר פייגל.
וואָס זאָגט איר. הער טישלער?

— איך האָב געוואָרט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג אויף דעם ענטפער פון טישלער, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר פון טאָרטור־צימער, און ס'האָט זיך דערהערט דאָס קול פון מאַדאַם פלאַנשעט:

— אָט איז זי דאָ.

ס'האָט זיך באַוויזן אַ באַרג פלייש, אונטערגעהאַלטן פון צוויי קאַריאַטידנס.

## דרייצנטער קאַפּיטל

— אָ, מיין גאָט. — האָט פרוי ט. ס. געזיפצט — איך שטאַרב!

ווידער האָט זיך דיר פארגלוסט צו גיין אַהער, — האָט איר מאַן געענטפערט לאַכנדיק.

— איך וועל עס שוין מער נישט טון — האָט פרוי ט. ס. געיאָמערט.

איר מאַן האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

— תמיד זאָגסטו אַזוי. באַרויק זיך, מאַמעלע, ס'איז שוין אַלץ פאַרביי... גאַנצע זעקס חדשים וועסטו שוין נישט דאַרפן לאָקן די האָר.

— איך מוז זיך אַנידערלייגן. איך שטאַרב. אבי. כ'שטאַרב שוין. לאָזט מיך צו דער סאָפע.

— ניין, מאַמעלע, מיר מוזן גיין עסן.

— איך קאָן נישט עסן.

— וואָס? — אַן אויפריכטיקער פחד איז געלעגן אין זיין שטים — קאָנסט נישט עסן? מוזט גיין עסן מיטאָג, ווער עס עסט נישט דער קאָן נישט לעבן. קום, מאַמעלע, קום!

— א—ו—י...

ט. ס. האָט זיך אַנידערגעשטעלט, עבן זיין ווייב, אַ שמייכל פון פאַרביטערונג האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים.

ווי פּרעכטיק! מערי, טו נאָר אַ קוק אויף די שיינע לאָקן. גיט נאָר אַ קוק ביל. זי זעט ווידער אויס, ווי אַ קינד, נישט אמת? מאַדאַם, איר זענט אַ פּערל... איר גיט אַרויס די סחורה אין בעסטן צושטאַנד.

מאַדאַם פּלאַנשעט האָט ממש געשטראַלט פון שטאָלץ, דאָס באַרג פלייש האָט זיך געפינען אַביסל געטרייסט.

— ס׳געפעלט דיר, אַבי.

— אַוודאי געפעלט עס מיר. ס׳איז גרויסאַרטיק. עס דוכט זיך מיר, אַז כ׳האָב באַקומען אַ ניי ווייב, וואָס איך בין פאַרליבט אין איר. איצט קום, מיר מוזן גיין עסן און נאָכדעם זען, ווי אַזוי עס האָבן זיך איינגעגעבן די ביינאַכטיקע אויפנאַמען. פאַרגעס נישט, אַז אויפן היינטיקן אָוונט האָבן מיר אָפּגעדינגען צוויי טויזנט מענטשן, מיר צאָלן פינף דאָלאַר פאַר אַ קאָפּ. מיר מוזן אַרויסבאַקומען אונדזער געלט.

ער האָט געהאַלטן דעם ענין פאַר באַזאָרגט, און ער האָט זיך געווענדעט צו מערין.

— איר גייט מיט אונדז, מערי?

איך מוז וואַרטן אויף מיין באָבע.

לאָזט איבער דעם אויטאָמאָביל פאַר דער באָבען און קומט מיט אונדז. מיר וועלן אָפּעסן מיטאָג און דערנאָך וועלן מיר זען, ווי אַזוי ס׳זען אויס די מאַסן-סצענעס. קומט איר אויך, הער טישלער, איך וויל זיך נאָך מיט אייך דורכשמועסן. און איר, הער ביל, און איר, ראָסיט, קומט אַלע.

— איך מוז וואַרטן אויף מיין ווייב — האָט דער קריטיקער געענטפערט. — מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן דאָ.

— גוט — האָט ט. ס. געענטפערט און צוגעגעבן צום קריטיקער.

— טוט מיר דאָס געפעליקייט, הער ראָסיט, און דערציילט נאָך נישט קיינעם וועגן טישלער. קודם כל וועל איך אים געבן אָפּצועסן, אַריינברענגען אים אין אַ גוטער שטימונג, דאַן שליס איך מיט אים אַ קאָנטראַקט, און איר קאָנט שוין די גאַנ-

צע געשיכטע פּאַרעפּנטלעכן אויף דער ערשטער זייט פון אייער צייטונג. פאַרשטאַנען ?

— גוט.

— איז — שש ! — האָט דער פּילם-קעניג געזאָגט און זיך אַרויסגערוקט פון צימער. ביידע קאַריאַטידנס האָבן אויפגעהויבן פון דער סאָפע דאָס באַרג פלייש און עס צוגעטראָגן צו דער ווינדע. מערי איז געגאַנגען מיטן טישלער און איך, דער לעצטער, בין געגאַנגען צום סוף.

דער אויטאָמאָביל פון ט. ס. איז געשטאַנען פאַרן הויז. דערדאָזיקער אויטאָמאָביל פאַרמאָגט אַ גאַנץ באַזונדערן אויסזען: ער איז לאַנג ווי אַ משא אויטאָמאָביל, אינגאַנצן פון בלישטשנדיקן מעטאַל; פון בלישטשנדיקן מעטאַל זענען אויך זיינע גרויסע רעדער. אינגאַנצן זעט ער אויס ווי אַ מיל טער-אויטאָמאָביל, ביי זיינע ביידע זייטן זענען צוגעפּעסטיקט רעדער, און צוויי הענגען נאָך פון הינטן. דער שאָפער טראָגט אַ ליבעריע, דער דינער, וואָס עפנט די טירלעך איז דעסגלייכן אָנגעטון אין אַ ליבעריע. די זיצפּלעצער אינעווייניק זענען ווי די ווייכסטע פאָטעלען אין שיינהייטס-סאַלאָן פון מאַדאַם פלאַנשעט. אַ מענטש, וואָס זעצט זיך אויף זיי אַוועק פילט, ווי ער זינקט אין עפּעס אַ סאַמעטענע ווייכקייט, און ער זיפצט אָפּ פון גרויס צופרידנ-קייט; אַ... אַ...

— צום „פּרינצן-רעסטאָראַן” — האָט ט. ס. באַפוילן, און דער פּאַלאַץ אויף רעדער האָט זיך גענומען באַוועגן. איך האָב געשטוינט, ווי אַזוי הער ט. ס. האָט זיך נישט געשעמט, מיט-צונעמען דעם טישלער אין דעם דאָזיקן עלעגאַנטן רעסטאָראַן: אָבער איך האָב מיך תיכף געכאַפּט, וואָס ער איז אויסן דערמיט. אַלע וועלן מיינען, אַז ער איז געווען ערגיץ אויף אַ פאָרשטע-לונג מיט איינע פון זיינע פילם-שטערנס. און ווען אפילו נישט — וואָס צום טייוול, איז ער דען נישט אַבי טשניטש-קלערפּיש ?

— בררר ! בררר ! — האָט דער אויטאָמאָביל געראַשט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער זאָגט :

— איך בין דער אויטאָמאָביל פון אַבי טשניטשקלערפיש, פונם קעניג פון דער פילם-אינדוסטריע, דער צוקונפטיקער קעניג פון דער וועלט. מאַכט אַ וועג, צום טייוול, מאַכט אַ וועג!

אַזוי זענען מיר געפאָרן דורך די באַלעבטע גאַסן, די דורכגייער זענען פארשווינדן פון אונדזערע אויגן, ווי די טרוקענע בלעטער אין אָסיען.

— מיין גאָט, בין איך הונגעריק — האָט ט. ס. געברומט — שוין פון מיטאָג אָן גאָרנישט געהאַט אין מויל. וואָס איז מיט דיר מאַמעלע? פילסטו זיך שוין אַביסל בעסער? יאָ, ווערסט זיך באַלד פילן אויסגעצייכנט, אַזוי גיך ווי דו וועסט נאָר עפעס איבערקייען.

מיר זענען אָנגעקומען צום „פרינצן-רעסטאָראַן" און דאָ איז פאָרגעקומען אַ קליינע געשעעניש. פאַרן רעסטאָראַן איז פאַרזאַמלט געווען אַ המון מענטשן, און די פאָליציי האָט זיך באַמיט צו מאַכן אָרדנונג. איבער די קעפ פון די מענטשן זענען צעוויקלט געווען טראַנספּאָראַנטן באַלויכטן פון אינעווייניק, מאָוולען מיט אויפשריפטן.

— האַלאָ! — האָט ט. ס. אויסגערופן -- וואָס איז דאָ?

אין דער אויסער רגע האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס איך האָב געלייענט אין דער פרימאָרגן אויסגאַבע: די אָנגעשטעלטע פון דעם באַרימטן רעסטאָראַן האָבן פארשטרייקט און מ'האָט מורא פאַר אומרוען. איך האָב עס תיכף מודיע געווען ט. ס. און ער האָט אַ ברום געטון.

— צום טייוול! ווינציק צרות האָבן מיר נאָך מיט אונדזערע קינאָ-אַרבעטער. דאַרפן דידאָזיקע מענטשן נאָך אונדז שטערן אָפּצועסן אַ מיטאָג.

דער דינער איז אַראָפּגעשפרינגען פון געזעס, געעפנט דאָס טירל, און דער גרויסער מאַן איז אויסגעשטיגן פון אינעווייניק. אין דער מינוט האָט זיך צווישן המון אויפגעהויבן אַ מוראדיקער געשריי:

— אַ חרפּה, אַ חרפּה! גייט נישט דאָרט אַריין! זיי לאָזן

זייערע אַרבעטער שטאַרבן פון הונגער! איר רייסט אונדז אַרויס דאָס ברויט פון מויל. געלע! געלע!

איך בין דער צווייטער אַרויס פון וואָגן. איך האָב געזען פאַר מיר אָרעמע, איינגעדאַרטע פּנימער. פאַדערונגען און דראָענישן האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט; דאָ און דאָרט האָבן זיך געהויבן צונויפגעבײַלטע פויסטן. כ'האָב געזען די פּאָליציי, וואָס האָט מיט פויסטן און שטעקנס אויף אַ נישט איידעלן אופן צעטריבן דעם המון. אַן אָרעמער פאַרשוין, ווייזט אויס אַ קעלנער, האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמס, געשריגן מיט אַ פרעמדן דיאַלעקט:

— איר נעמט אַוועק בײַ מײַנע קינדער דאָס ברויט!

און אין דעם אויגנבליק האָט זיך דעם פּאָליציאַנטס שטעקן מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אַראָפּגעלאָזט אויף זײַן קאָפּ. כ'האָב דערהערט אַ געשריי פון מערין או כ'האָב זיך אויסגעדרייט גראַד דעמאָלט, ווען דער טישלער, איז אַרויסגעשפּרינגען פון אויטאָמאָביל, געלאָפן צום פּאָליציאַגט און געשריגן:

— הערט אויף!

ס'איז נישט געווען קיין צײַט צו פאַרלירן אויף טענות. איך האָב אָנגענומען דעם טישלער בײַ אַ האַנט, און די גוטע מערי האָט זיך אָנגעהאָנגען אויף אים בײַ דער אַנדערער זײַט, זי איז געווען געבויג שטאַרק, ווײַל זי האָט זיך געמוזט טרעניִרן אין די קערפּערלעכע איבונגען, וואָס זענען נויטיק געווען צו אירע ראָלן, ווו זי האָט באַדאַרפט פאַנגען די הערצער בײַ קיסרים און אַנדערע וועלט-הערשער. מיר האָבן אויך באַמערקט, בעת מיר האָבן געהאַלטן דעם טישלער אין אונדזערע הענט, אַז ער איז בלויז הויט און ביין. מיר האָבן אים אַ נעם געטון אין דער הויך, און מיר זענען גיך אַרײַן מיט אים אין רעסטאָראַן.

ער האָט זיך געלאָזט אײַננעמען און געלאָזט זיך פירן צווישן די טישלעך. דער פאַרסאַפּעטער ט. ס. האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ זאַל, ווו ס'איז סערווירט געווען אַ טיש. דאָרט האָבן מיר אַרײַנגעשלעפּט דעם טישלער און זיך אַוועקגעזעצט. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ דערקלערונג וואָס דאָ איז געשען.

# פערצענטער קאַפּיטל

דער טישלער האָט זיך געווענדעט צו מיר; זיינע אומעטיקע אויגן האָבן געפינקלט;

— איר האָט זיך צופיל דערלויבט מיט מיר. — האָט ער זיך אָפּגערופן.

ס'איז נישט געווען קיין צייט צו רעדן — האָב איך זיך אַנגעהויבן פאַר אים צו פאַרטיידיקן — ווען איר וואָלט געקאַנט די פּאָליציי אין וועסטערן־סיטי און זייער האַלטונג, וואָלט אייך לחלוטין נישט געקומען אויפן געדאַנק זיך אַנטקעגנצושטעלן זיי.

מערי איז מיר געקומען צו הילף:

— זיי וואָלטן אייך צעקלאַפּט ס'פּנים, הער טישלער.

— דאָס פּנים? — האָט ער איבערגעחזרט — איז דען דער מענטש נישט מער, ווי אַ פּנים.

— וואָס רעדט איר? — האָט זיך ט. ס. אַריינגעמישט — איך האָב אייך נאָר וואָס פאָרגעלייגט פאַר דעם פּנים פינף הונדערט דאָלאַר וועכנטלעך, און אייך גלוסט זיך גאָר דאָרט צו שטופן, אַז זיי זאָלן אייך דאָס פּנים אָפּשיילן? און דאָס ווילט איר נאָך טון פאַר אַ באַנדע לאָבוסעס, וואָס ווילן נישט אַרבעטן פאַר אַ לייטישן לוין און לאָזן נישט אַרבעטן אַנדערע. ביי גאָט, הער טישלער, ווען איך זאָל אייך דערציילן, וואָס קומט פאָר ביי די שטרייקן אין אונדזערע אונטערנעמונגען — אָ, דאַן וואָלט איר לחלוטין נישט געהאַט קיין חשק מער קאַליע צו מאַכן דאָס פּנים פאַר דידאָזיקע הינטישע זין.

— שווייג, אַבי, רעד נישט אַזוי געמיין. דאַרפסט זיך אַביסל שעמען.

דאָס האָט געזאָגט דאָס „מאַמעלע”. די היטערין פון אָנשטענדיקייט, וועמען דער דינער האָט אַרויסגענומען פון אויטאָמאָביל און צוגעפירט צום טיש.

— יאָ, איר ווייסט אָבער נישט, הער טישלער, וואָס פאַראַ געמיינע באַנדע דאָס איז.

— זעץ דיך, אַבי — האָט די אַלטע דאַמע באַפוילן — מיר

האָבן נישט באַשטעלט ביים קעלנער קיין מעניו פון ווערטער,
מיר האָבן זיך אָוועקגעזעצט. די טונקעלע אויגן פון טיש.
לער זענען געווענדעט געווען צו מיר:

— איך האָב באַמערקט, אז אין אייער שטאָט איז פאַראַן
אַ פאַרשידנאַרטיקער המון, און די פּאָליציי זאָגט נאָר פאַר
אַ טייל פון אים.

— אוודאי אַזוי — האָט ט. ס. אויסגעשריגן, — מ'קאָן
דאָך נישט דערלויבן, אַז דידאָזיקע לאָבוסעס זאָלן באַפאַלן
מענטשן, וואָס גייען עסן מיטאָג.

דער טישלער האָט געענטפערט:

— הער ראָסיט האָט געזאָגט, אַז די פּאָליציי אַרבעט נאָר
דעמאָלט, ווען זי איז באַלוינט. צי קאָן איך פרעגן, ווער ס'האָט
איר באַצאָלט פאַר דער אַרבעט? דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן?

— ער מוז דאָך פאַרהיטן זיין רעסטאָראַן! האָט ט. ס.
אויסגערופן.

— איך מיין — האָב איך זיך אָפּגערופן מיט אַ געלעכטערל
— אַז לויט דעם, וואָס איך האָב געלייענט היינט אינדערפרי
אין „טיימס", באַצאָלט דערפאַר דאָסמאָל אַן אַלטער באַקאַנטער
פון הער טישלער.

דער טישלער האָט אויף מיר אַ קוק געטון פרעגנדיק.

— הער אַלזשערנאָן דע ווייגס, דער פּרעזידענט פון דער
האַנדלס-קאַמער, האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, ווו ער פאַראורטיילט
די מעסיגע באַציונג פון דער פּאָליציי לגבאי די שטרייקנדיקע
— און ער פאַרלאַנגט, אַז די האַנדלס-קאַמער זאָל אויסגעפינען
דערצו די נויטיקע מיטלען. איר דערמאָנט זיך דעם
הער ? בס? איר געדענקט, ווו מיר האָבן אים איבערגעלאָזט?

— איך דערמאָן זיך — האָט דער טישלער געענטפערט,
און ביידע האָבן מיר געלאַכט; טראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס מיר
האָבן געטון אין דער קירך.

איך האָב געזען, ווי ט. ס. האָט אויפגעשטעלט די
אויערן.

— וואָס? איר קענט דע ווייגס?

— איר וועט שטוינען, ווען איר וועט זיך דערוויסן, ווי גוט דער הער טישלער קען די בעסטע געזעלשאַפט.

— פאַרוואָס האָט איר דאָס מיר באַלד גישט געזאָגט?

האָט ט. ס. נעפרעגט און שטילערהייט האָב איך פאַרענדיקט זיין זאַץ: — אַן אַנדערער האָט אים פאַרגעלייגט מער געלט.

— דאָ האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קול פון „מאַמעלע”:

— ס'איז דאָ גאָרנישט פאַראַן צו עסן?

דידאָזיקע פראַגע האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן דאָס פּראָבלעם פון קאַפּיטאַל און פּראָלעטאַריאַט. לעבן אונדזער טיש זענען געשטאַנען צוויי קעלנער, דער שטרייק האָט זיי, ווײַזט אויס, געמאַכט שטאַרק נערוועז. ט. ס. האָט אַרויסגעריסן בײַ איינעם פון זיי די שפּייז־קאַרטע פון דער האַנט און אָנגעהויבן אויסרעכענען די מאכלים. דאָס מאַמעלע, וואָס האָט זיך איצט געלערנט די עלעמענטאַרע באַגריפן פון דער עטיקעטע, האָט דערלאַנגט די אַנדערע קאַרטע דער פרײַלין מערי, זי האָט באַשטעלט מאכלים, דאַן האָט דאָס מאַמעלע באַשטעלט און איך, בלויז דער טישלער איז געווען איבעריק.

ער איז געזעסן שטיל, זײַנע טונקעלע אויגן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אין עס־זאַל. דער פּרינצן־רעסטאָראַן מוזט איר וויסן, איז אַ פּרעכטיקער לאָקאַל, פיל מיט לוקסוס, לויט מײַן עסטעטישן געשמאַק. קעגנאיבער דעם טישלער איז געזעסן אַ דאַמע מיט ווײַסע אויסגעדעקאָלטירטע פּלייצעס מיט אַ שניר פּערל אויפן האַלדז און אַ בריליאַנטענעם דיאַדעם אויפן קאָפּ, און ווײַטער זענען געזעסן פאַרשידענע דאַמען און מענער, אַלע אין אָוונט־קליידער; זיי האָבן געשטופּט די מאכלים אין ווײַערע רויטע פּנימער. מיר זענען שוין צוגעוווינט צו דעם בילד, אָבער אַ פרעמדער קאָן זיך אויפרעגן צוקוקנדיק זיך צו אַזוינע מענטשן, וואָס עסן די בעסטע מאכלים.

— וואָס באַשטעלט איר, הער טישלער? האָט ט. ס. געפרעגט און ער האָט געוואַרט נײַגעריק אויף אַן ענטפער: וואָס וועט דער מענטש באַשטעלן אין דעם לוקסוס רעסטאָראַן?

דער טישלער האָט גענומען די שפּייז־קאַרטע אין דער

האַנט און אָנגעהויבן דורכקוקן. ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, איז אים לחלוטין נישט שווער אָנגעקומען אויסצוקלויבן די בעסטע מאכלים.

— איך פאַרלאַנג — האָט ער געזאָגט — געבראָטן רינד־פלייש און שעפּסנס מיט קאָפּער־יויך, אינדיטשקע און פאַשטעטן פון פייגל־פלייש און פערלהון.

דער קעלנער האָט געהאָרכזאַם אַלץ פאַרשריבן.

— ביפשטיק און ריפּן־פלייש.

— מיין גאָט — האָט ט. ס. ארויסגעשטאַמלט.

— און אַ געבראָטענע גאַנז..

— גרויסער גאָט, הער טישלער, איר וועט דאָך נישט אויפעסן דאָס אַלץ.

— אוודאי נישט.

— טאָ צו וואָס האָט איר באַשטעלט אַזויפיל?

— פאַר די הונגעריקע, דאָרט אין דרויסן אַרויסצוטראָגן.

עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, ווי די ערד וואָלט זיך אויפגעהערט דרייען. ביידע קעלנער האָבן שיער נישט ארויסגעלאָזט פון זייערע הענט די נאָטיץ־ביכלעך און די סערוועטלעך. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די געמבעס. די דויערהאַפטע לאָקן פון פּרוי ט. ס. האָבן זיך פּלוצלינג אויסגעוויזן ווי פּלאַטשיק.

— צום טייוול, — האָט ט. ס. לסוף ארויסגעברומט — איר קאָנט דאָס נישט טון!

— איך קאָן עס נישט טון?

— איר קאָנט גאָר באַשטעלן אַזויפיל, וויפל איר ווילט אויפעסן.

— ווייבאַלד אַזוי, ווייל איך גאָרנישט, כ'בין נישט הונגעריק.

— מענטש, איר קאָנט דאָך אָבער דאָ נישט זיצן ווי אַ לאַלקע... ט. ס. האָט זיך געווענדעט צום קעלנער:

— ברענגט אים דאָסזעלבע, וואָס מיר: פאַרשטאַנען? גיין, ווייל כ'שטאַרב פון הונגער: געגאַנגען!

דער קעלנער האָט זיך אויסגעדרייט און אין איין אויגנ-בליק פאַרשוואונדן.

## פיפצנטער קאַפיטל

דער אייגנטימער פון דער „אייביקער שטאָט" האָט זיך אָפּגעווישט מיט אַ סערוועטל דעם פאַרשוויצטן שטערן, דערנאָך האָט ער געפּרוּווט אָנקניפּן אַ געשפּרעך. איך האָב פאַרשטאַנען: ער האָט געוואָלט אָפּעסן זיין מיטאָג און דע־בײ שמועסן וועגן אָנגענעמע זאַכן.

— איך וויל אייך דערציילן, הער טישלער וועגן פילם, וואָס מיר וועלן דערנאָך זען זייבע אויפנאַמעס: איך וויל, אַז איר זאָלט פאַרשטיין אין וואָס פאַר אַ ברייטן מאַסשטאַב מיר אַרבעטן, בעת עס האַנדלט זיך ביי אַ גרויסע טעמע. מיר געבן אַ נאַכט בילד, אַ מאַסן-סצענע.

אַ מאַסן-סצענע? — האָט דער טישלער געפרעגט — געע-פינען זיך אין אייער וועלט אַזויפיל מאַסן?

— אַוודאי האָט ט. ס. געענטפערט — מען מוז נעמען די וועלט אַזוי ווי זי איז, די מענטשלעכע נאַטור איז שווער צו ענדערן. אָבער דאָס, וואָס איר וועט היינט זען, דאָס איז אַ מאַסן-שטיק, פאַרשטאַנען?

— דאָס איז גראָד דאָס, וואָס מיר קומט אויס זעלטן צו זען. — האָט דער טישלער געזאָגט טיף פאַרטראַכט. — די מאַסן געפעלן אייך דען אַזוי גוט, אַז איר ווילט זיי זען אימיטירט.

— די מענטשן האָבן ליב צו זען אויפן פילם גרויסע מאַסן, אויסערדעם פאַרלאַנגען זיי האַנדלונג, וויבאַלד מ'וויל אויס-שטעלן אַ גרויסן פילם, מוז מען אויסגעבן אַ סך געלט.

— פאַרוואָס באַנוצט איר נישט צו דעם די מענטשן, וואָס שטייען דאָ פאַר דער טיר?

— אַ, אַ, אַ! מיט זיי קאָן מען גאַנץ ווייניק אויפטון הער טישלער. אַלץ מוז זיך באַוועגן, און וויבאַלד מיר נעמען

א געדרונגענע מאסע קומט קיינמאל נישט ארויס דאס, וואס מיר דערווארטן. אויסערדעם איז נויטיק צו די נאכט-אויפנאמען שטארקע באליכטונג און פארשידענע אנדערע זאכן. ניין, ניין, מיר מוזן זיך באנוצן מיט אונדזערע אייגענע מאסע, ביז איצט האבן מיר אזוינע לייט ביז צוויי טויזנט.

— זענען דאס די מענטשן, וועלכע הער ראסיט האט אנגערופן סטאטיסטן?

— יא, דידאזיקע קאנען מיר האבן אפילו צען טויזנט, וויבאלד ס'וואלט געווען נייטיק. דער פילם הייסט: „די געשיכטע פון צוויי שטעט", די האנדלונג קומט פאר אין דער צייט פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע. עס האנדלט זיך וועגן א מענטש וואס האט איבערגענומען דעם נאמען און די עבירות פון אן אנדערן און מ'שניידט אים אפ דעם קאפ. א רירעוודיק הערלעך שטיק! בעת מ'האט מיר געבראכט דעם מאנוסקריפט האב איך געפרעגט: ווער איז דער מחבר? איינער, וואס הייסט טשארלז דיקענס". דיקענס? זיין ארבעט געפעלט מיר. ווי איז זיין אדרעס? און ליפסקי האט מיר אויפגעקלערט: — ער וווינט אין וועסטמינסטער אפט. אין לאנדאן. גוט מיר וועלן ארויסשיקן צו אים א קאבעל-דעפעשע מיט אן אנפראגע וויפל ער פארלאנגט פאר אויסשטעלן דעם פילם. מיר האבן אלזא געשיקט א קאבעל-דעפעשע צו טשארלז דיקענס, קיין וועסטמינסטער אין לאנדאן, ענגלאנד. אבער ס'איז נישט געקומען קיין שום ענטפער, די אקטיארן האבן געלאכט, געחוזקט פון אלטן אבי, ווייל דערדאזיקער דיקענס האט גאר געלעבט אין פאריגן יארהונדערט און גאר זיינע ביינער רוען אין וועסטמינסטער-אפטיילונג. זאלן זיי לאכן. ווען, צום טייוול, קאן אזא מענטש ווי איך האבן צייט אויף שטודירן ליטעראטור? נאך נישט קיין צוועלף יאר אוועק, ווי איך האב מיטן מאמעלע געשלעפט א וועגעלע מיט אלטע הויזן צום פארקויפן, און מיר האבן לחלוטין קיין שום השגה נישט געהאט פון וועלכער זייט מ'עפענט א בוך. נישט אמת, מאמעלע?

דאס מאמעלע האט עס באשטעטיקט, אבער נישט אזוי

שטאַרק באַגייסטערט ווי איר מאַן. ס'זענען שוין געווען פינף קלענערע ט. ס.; עטלעכע פון זיי כמעט דערוואַקסענע, און צו־ליב זיי איז גלייכער געווען צולאָזן די פערגאַנגנהייט צורו... אַלצאיינס, צי אין וועסטמיניסטער אַפטיילונג, צי ערגעץ אַנדערש.

ענדלעך האָט זיך דער קעלנער באַוויזן מיט די מאכלים. ט. ס. האָט פאַרלייגט אַ סערוועטל אונטערן האַלדז, גענומען דאָס מעסער מיטן גאָפּל אין דער האַנט, טיף אָפּגעעטעמט און געזאָגט:

— זייט געזונט, מיינע טייערע. מיר וועלן זיך באַלד ווי־דער זען.

און ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

## זעכצענטער קאַפּיטל

פינף מינוט האָט זיך לחלוטין נישט געהערט עפּעס אַנ־דערש, ווי דאָס גערויש בעת דער אכילה, ווי מען שטופּט דאָס עסן אין מויל און מען שלינגט. אַזוי האָט געגעסן ט. ס.. פּלוצלינג האָט ער איבערגעריסן, אַראָפּגעלאָזט די הענט אויפן טיש, דאָס מעסער מיטן גאָפּל אין דער הויך און אויסגערופן:

— הער טישלער, איר עסט דאָך גאָרנישט!...

דער פרעמדער, וואָס איז ווייזט אויס פאַרזינקען געווען אין אַ חלום. האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט. ער האָט אַ קוק געטון אויפן טיש, ווו ס'איז אָנגעשטעלט געווען פיל מאכלים.

— ווען איר וואָלט מיר אַזוי דערלויבט אַרויסצוטראָגן עפּעס פון דעם פאַר די מענטשן אויף דער גאַס — האָט ער געזאָגט בעטנדיק.

ט. ס. האָט ענערגיש געקלאַפּט אין טיש.

— עסט, הער טישלער, עסט, זאָג איך אייך!

זיין קול איז געווען באַפעלעריש, ווי ער וואָלט גערעדט צו איינעם פון די קליינע ט. ס. און מאָדנע, דער טישלער

האָט אים געהערט. ער האָט גענומען אַ שטיקל ברויט און אָנגעהויבן קייען, און ט. ס. האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

נאָך עטלעכע שווייגנדיקע מינוטן, האָט דער פילם-קעניג ווידער איבערגעריסן זיין עסן, אַן אויסדריק פון שרעק האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים.

— מיין גאָט! ער וויינט!

יאָ, ער האָט באמת געוויינט, צוויי גרויסע טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער זיינע באַקן, זיי זענען אַראָפּגעפאַלן אויפן ברויט, וואָס ער האָט געגעסן.

— הערט מיך אויס, הער טישלער — האָט זיך ט. ס. געערגערט — וויבאַלד דאָס איז צוליב די שטרייקנדע

— זייט מיר מוחל, אָבער...

— אָבער מענטש, פאַרוואָס זאָלט איר צוליב אַזאַ באַנדע לאָבוסעס זיך שטערן אַ מיטאָג?

אַבי, ווי קאָנסטו אַזוי רעדן אין קעגנוואַרט פון געסט — האָט דאָס מאַמעלע אים געשטראָפט.

דאַן האָט זיך פלוצלינג אַריינגעמישט מערי מאַגנע. ס'איז געווען וווּנדערבאַר, כאָטש מיר איז עס ערשט שפּעטער געוואָרן אויפפאַלנד: מערי, די צעלאָזענע, האָט זינט מיר האָבן פאַרלאָזט דעם שיינהייטס-סאַלאָן נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. מערי, די לעבעדיקע, וואָס איז תמיד געווען די נשמה פון אַלע פאַרווייַלונגען, איז זי יעצט געזעסן ווי אַ פּר. י., וואָס האָט געזען די נשמה פון אַ טויט קינד; אירע אויגן זענען באַהאַפטן געווען צום פנים פון טישלער... זי האָט געפרוווט, ווייזט אויס, אַריינצודרינגען אין זייגע געדאַנקען.

— אַבי— האָט זי זיך אָפּגערופן מיט ליידנשאַפטלעכער אויפרעגונג, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ביז יעצט ביי איר נישט געזען — פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע אייער עסן; איך וויל אייך עפּעס זאָגן. דאָ געפינט זיך אַ מענטש מיט אַ האַרץ, פול מיט ליבע צו מענטשן, בעת איר און איך טראַכטן נאָר, וויפל געלט פון זיי אַרויסצובאַקומען. אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט באמת

א גלויבן — און איר ווילט גאָר פון אים מאַכן אַ קינאָ-לאַלקע? פרוווט זיך איבער דעם פאַרטראַכטן, אַבי.

די אויגן פון דעם גרויסן מאַן האָבן זיך ברייט געעפנט.

— הייליקער גאָט, מערי, וואָס איז מיט אייך געשען?

דאַן האָט ער זיך הויך צעשריגן:

— אויך זי וויינט!

— ניין, איך וויין נישט — האָט מערי זיך אַנטקעגנגעשטעלט, אָבער אירע באַקן זענען געווען פייכט און זי האָט געמוזט אָפּווישן די טרערן. — איך שעם זיך נאָר... דאָס איז אַלץ. מיר זיצן דאָ, פאַר אונדז איז פאַראַן דריימאָל אַזויפיל עסן, וויפל מיר קאָנען אויפעסן, און די גאַנצע שטאָט ווימלט מיט אָרעמע, וואָס האָבן לגמרי גאָרנישט, נישט קיין עסן, נישט קיין דירות... צו ווייסט איר נישט, אַז ס'איז אַזוי, הער אַבי? און איר, מאַמעלע, ווייסט אויך גאָרנישט וועגן דעם?

— דו ווייסט אויך, אַז דו אַליין עסט צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפל דו מעגסט, כ'האָב איינמאָל געהערט, ווי דער דאָקטאָר האָט עס דיר געזאָגט. איך מוסר מער נישט דיך, ווי זיך אַליין, מיט מיינע צוויי אויטאָמאָבילן און מיט דער גאַנצער אויסשטעלונג, וואָס געפינט זיך אויף מיר.

זי האָט זיך געווענדעט צום טישלער:

— וואָס קאָנען מיר טון?

ער האָט געענטפערט:

— דאָ עסן די מענטשן אַ סך — אין רוסלאַנד עסט מען מענטשן-פלייש.

ביים הער ט. ס. איז אַרויסגעפאַלן דאָס מעסער מיטן נאַפּל פון דער האַנט. דאָס מאַמעלע האָט אָנגעהויבן שלוכצן:

— אָ, מיין גאָט!

— דאָרט זענען צען מיליאָן מענטשן פאַרמשפט צו אַ הונגער-טויט. קינדער עסן גראָז, זייערע בייכלעך זענען אָנגעשוואָלן, זייערע פיסלעך ווערן דין ווי די שטעקעלעך... זיי

שלעפן זיך, פאַלן אין די גריבער, און אַנדערע קינדער רייסן פון זיי שטיקער פלייש לעבעדיקערהייט און עסן.

— א—ו—י! — האָט דאָס מאַמעלע געשלוכצט. די געסט אין זאַל האָבן אָנגעהויבן קוקן צו אונדזער טיש.

— הערט מיך אויס — האָט ט. ס. ווילד אויסגערופן — עס פּאַסט זיך נישט אַזוי צו האַלטן ביי אַ מיטאָג, צו זיין אַ גאַסט ביי יענעם און שטערן אים דאָס עסן. באַרויקט זיך, עסט, עסט, וואָס שטייט לעבן אייך, ס׳זאָל נישט קאַליע ווערן.

— הערט מיך אויס, מיין קינד — האָט דער פילם-קעניג געענטפערט — ווייסט איר, וואָס ס׳קאָן געשען, וויבאַלד איר וועט אייך גריבלען אין די פראַגן; איר וועט באַקומען קנייטשן אויפן פּנים, אַ, איר האָט שוין איצט אָפּגעריבן די שמינקע.

— אָבער אבי — האָט דאָס מאַמעלע אים איבערגעריסן — וואָס אַרט עס דיך? זאָרג וועגן וועגן דיינע אייגענע אָנגעלעגנהייטן.

— מיינע אָנגעלעגנהייטן? מיינע אייגענע אָנגעלעגנהייטן זאָגסטו? איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס דו רופסט מיינע אָנגעלעגנהייטן. וויבאַלד איך שרייב אונטער יעדער וואָך אַ קאָנטראַקט אויף דריי הונדערט און פופציק דאָלאַר און די דאָזיקע סומע צאָל איך אויס דעם מיידל יעדער וואָך פאַר איר פּנים, און זי טוט דערמיט, וואָס איר געפעלט, און זי באַקומט קנייטשן! קאָנסט פרעגן ביי וועלכן יוריסט דו ווילסט, צי דאָס איז נישט מיינס קיין אָנגעלעגנהייט. און אַ מענטש לאָזט טרערן צוליב דידאָזיקע שלעפער און באָלשעוויקן, לאָזט פאַלן די טרערן אין דער זופּ...

זיין קול האָט געקלינגען זייער שטרענג, אָבער מער האָט, שוין גוט געקענט דעם הער אבי, און באַמערקנדיק, אַז אויך דאָס מאַמעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, האָט זי זיך אָפּגערופן:

ס׳האָט נישט קיין זינען איינצורייסן זיך מיט מיר, אבי, איר ווייסט פונקט ווי איך, אַז אין אונזער שטאָט געפינט זיך

אַ גרויסע צאָל הונגעריקע מענטשן, וואָס ליידן הונגער נישט צוליב זייער שולד. און איך זאָג אייך צו, אַז מאָרגן וועל איך גיין אויף דער הויפּט קוואַרטיר פֿון די שטרייקנדע און כ׳וועל זיי איבערלאָזן אַ טשעק אויף טויזנט דאָלאַר, זיי זאָלן האָבן אויף עסן, ווײַבאַלד זייערע פאַרשאָלטענע פירער וועלן נישט צוגנבענען דאָס געלט. איך וועל נאָך מער טון: כ׳וועל אַרויסשיקן דער רוסישער רעטונגס־אַקציע פינף טויזנט דאָלאַר. נו, וואָס זאָגט איר צו דעם?

— איך וועל זאָגן, הער ט.ס. אַז איך קאָן נישט זיין קיין הי־טער פון יענעמס געוויסן. אָבער כ׳וועל פּרוּוון עסן, כדי נישט אויסצוזען אומהעפלעך.

ט. ס. האָט אַ ברום געטון און ווידער זיך גענומען צום עסן; דער פּרעמדער האָט זיך געמאַכט, גלייך ווי ער וואָלט געגעסן, און מיר האָבן נאָכגעטון זיין ביישפּיל.

# זיבעצנטער קאַפּיטל

איך בין דערצויגן געוואָרן אין אַ געוויסנהאַפטע פאַמיליע, מיט גוטע מאַנירן. פאַר מיין ליבער מוטער און אירע שוועסטער איז נישט פאַראַן קיין ערגערע זאַך, ווי דאָס, וואָס מ׳רופט אָן „סצענע”. און דאָס וואָס מ׳רופט אָן „סיטואַציע”, און באַטייט אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג, איז פאַר זיי נאָך שרעקלעכער. און דאָ האָבן מיך זיך געפינען אין אַ זייער אומאָנגענעמע „סיטואַציע”. איך האָב מיר צעבראָכן דעם קאָפּ ביים אויסזוכן אַ נישט גע־פערלעכע טעמע צום געשפּרעך. דאַן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ט. ט. מיט זיין דערציילונג וועגן דעם פילם: „די געשיכ־טע פון צוויי שטעט” האָט געהאַט דערפאָלג און איך האָב אָנ־געהויבן וועגן דעם רעדן.

— הער טישלער, דער פילם, וועלכן איר וועט זען היינט

ביינאַכט, איז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט זייער אינטערע־סאַנט. אַ גרויסער בינע־מאַלער אין פּאַריז האָט שקיצירט די בילדער, און די בעסטע קריטיקער האַלטן דעם פילם פאַר אַ מייסטער־ווערק, זיי ערקלערן, אַז ער וועט שאַפן אַן עפּאָכע אין דער פילם־טעכניק.

— דערציילט מיר עפּעס וועגן דעם — האָט דער טישלער געבעטן, און איך בין אים געווען דאַנקבאַר פאַר זיין אינ־טערעס.

— איך ווייס נישט, אויף וויפיל איר פאַרשטייט זיך אויף דער פילם־קונסט.

— דערציילט מיר אַלץ.

הער ט. ס. האָט געלאָזט אויפשטעלן אַ גרויסע בינע, וואָס וועט פאָרשטעלן פּאַריז מיט הונדערט יאָר צוריק. ער האָט אַנגאַזשירט טויזנט מענטשן...

— צוויי טויזנט — האָט מיר ט. ס. איבערגעריסן.

— אין דער רעקלאַמע? — האָב איך צוגעגעבן מיט אַ געלעכטער.

— ניין, ניין, ווירקלעך צוויי טויזנט, אין דער רעקלאַמע פינף טויזנט.

— גוט. דידאָזיקע מענטשן זענען אָנגעטון אין קאָסטיו־מען, וואָס ט. ס. האָט געהייסן פאַר זיי מאַכן און זיי דאַרפן פאָרשטעלן דאָס פאָלק. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געמאַכט פּראָבן, איצט ווייסן זיי שוין, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אַ מענטש גיט אַרויס באַפעלן דורך אַ מאַגעפאָן, אַן אומגעהייער שטאַרק ליכטיקייט באַלויכט די סצענע, כּדי זיי צו קאָנען פאָטאָגראַ־פירן. דאָס בילד איז אומגעווייגלעך לעבעדיק, און היסטאָריש גענומען האָט עס אַ גרויסן פּעדאַגאָגישן ווערט.

— און וואָס טוען די מענטשן, נאָכדעם ווי דער פילם איז שוין פאַרענדיקט?

איר זעט אַליין, אַז דערדאָזיקער מענטש איז געווען

האָפּנונגסלאָז. מיר האָבן זיך ווידער געפינען ביי אַ געפּערלע-כער טעמע.

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— איך פרעג, ווי אַזוי לעבן די מענטשן?

— יעדערער פון זיי באַקומט דאָך פינף דאָלאַר — דאָס האָט ט. ס. געהאַלטן פאַר נויטווענדיק אים קלאָר צו מאַכן.

— יאָ, אָבער מיט דעם געלט קאָנען זיי דאָך נישט לאַנג אויסקומען, וויפל קאָסט דאָס מיטאָג, וואָס מיר עסן איצט דאָ?

דער פילם-קעניג האָט אַ בליק געטון אויפן רעדנדיקן און ער האָט אויסגעזועצט אין אַ געלעכטער.

— אָ, אָ, אָ, דאָס איז באמת גוט.

איך האָב זיך גיך אַריינגעמישט.

— הער ט. ס. מיינט, אַז ס׳זענען אויך פאַראַן ביליקערע רעסטאָראַנען.

טאָ פאַרוואָס — האָט דער טישלער געפרעגט — זענען מיר נישט געגאַנגען אין איינעם פון זיי?..

— ס׳וועט גאָרנישט העלפן, ווייל דער מענטש מיינט, אַז מיין אויפגאַבע איז צו שפייזן אַלע שלעפּער פון דער וועלט, נישט אַזוי, הער טישלער?

— איך קאָן גאָרנישט זאָגן, הער ט. ס., ווייל איך ווייס נישט, וויפל ס׳זענען פאַראַן הונגעריקע, און כ׳ווייס אויך נישט, ווי רייך איר זענט.

— ביי היינט-צו-טאָג, זענען פאַראַן אין לאַנד פינף מיל-יאָן אַרבעטסלאָזע, און וויבאַלד איך זאָל זיך וועלן רויינירן, וואָלט איך זיי געקאָנט שפייזן איין אָדער צוויי טאָג. אָבער ווי-באַלד איך וועל זיין רויינירט, וועט שוין נישט זיין, ווער ס׳זאָל פּראָדוצירן פילמען, שמעצער וואָלט נאָך געמוזט דער-נערן דעם אַלטן אַבי — אָדער דאָס מאַמעלע און איך וואָלטן ווידער געמוזט שלעפּן אַ וועגעלע מיט אַלטע הויזן. וויבאַלד איר טראַכט, אַז איך זע עס גאָרנישט גערן, אַז די אַלע הונ-

געריקע זאָלן זיין אָנגעזעטיקט, זענט איר אומגערעכט צו מיר, הער טישלער. איינס האָב איך געלערנט: וויבאַלד מ׳בלייבט שטיין ביי דער אָרעמקייט אויף דער וועלט, דערגייט מען שוין צו גאָרנישט.

— און וואָס וואָלט דאָס אויסגעמאַכט? — האָט דער טישלער געפרעגט.

דער באַזיצער פון דער אייביקער שטאָט האָט ווירקלעך געוואָלט אַריינדרינגען אין דעם געדאַנקען-גאַנג פון דעם אומנאָרמאַלן מענטש. ער האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, טיף זיך פאַרטראַכט.

— הערט מיך אויס, הער טישלער—האָט ער לסוף געזאָגט — וואָס ס׳איז שייך מיר, האָט איר אַ טעות. איך בין גראָד אַ גוטער מענטש, ביי מיין אַרבעט בין איך פונקט ווי יעדער אַרבעטער. איך האָב שווער געאַרבעט פון קינדווייז אָן, כ׳האָב אָנגעהויבן נאָך אַלס קליין יינגל, און וויבאַלד איך עס היינט צופיל, איז עס דערפאַר, ווייל כ׳האָב אַלס קינד געגעסן ווייניק. אפשר פאַרמאָג איך טאַקע מערער געלט, וויפל איך וואָלט באמת באַדאַרפט האָבן, אָבער איך ווייס נאָר איינס; כ׳האָב נאָך קיינמאָל נישט געגנוג, צו קאָנען האָבן דאָס אַלץ, וואָס איך וויל. ס׳זענען פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרמאָגן צען מאָל מערער ווי איך און האָבן נאָך קיינמאָל נישט אַ ריר געטון מיט דער האַנט. אָט יענע מענטשן דאַרפט איר אָנגרייפן.

— איך וואָלט עס געטון, ווי באַלד איך וואָלט געוווּסט, ווי אַזוי — האָט דער טישלער געזאָגט.

— דאָ, אין דעם עס-זאַל זענען זיי פאַראַן אַ סך האָט מערי אַריינגעמישט, — פרעגט ביים הער ביל, ער קען זיי אַלע.

— זי חנפעט זיך צו מיר, מערי — האָב איך געזאָגט.

— קיינער איז דאָ נישטאָ? — האָט ט. ס. געפרעגט.

— יאָ, עטלעכע פון זיי זיצן אַפילו גאַנץ נאָענט פון

אונדז, ווי איך דערקען אין זייערע באַוועגונגען האָבן זיי שטאַרק חשק זיך צו באַקענען מיטן הער טישלער.

— ווו זיצן זיי? — האָט ט. ס. געפרעגט.

— דאָס קאָן איך אייך נישט זאָגן — האָב איך געענטפערט לאַכנדיק — ווייל איר קענט זיך נאָך אַמאָל אויסדרייען און נעמען קוקן אויף זיי.

— ער וואָלט זיכער אַזוי געטון — האָט דאָס מאַמעלע זיך אַריינגעמישט — וויפל מאָל האָב איך דיר שוין געזאָגט, אַז די פאַרמאָגסט נישט מער מאַנירן, ווי אַ שימפּאַנזע.

— שוין גוט — האָט דער פילם-קעניג געענטפערט. — כ׳וועל זיך נישט אויסדרייען, כ׳וועל ווייטער עסן. ווער איז אַלץ דאָ?

— פּרוי פאַרמעל שטעביין — האָב איך געענטפערט. זי שטאָלצירט דערמיט, וואָס אין איר סאַלאָן פאַרזאַמלען זיך אַלע פּערזענלעכקייטן. פון דער מינוט אָן, ווי מיר זענען אַריין אין זאַל, באַאָבאַכטעט זי דעם הער טישלער — זי פּרווט צו דער־גיין, צי ער איז אַ פּערזענלעכקייט, צי נאָר אַ בלויזער אַקטיאָר, ווען זיין הויט וואָלט געווען טונקעלער, וואָלט זי זיכער אים אָנגע־נומען פאַר אַ פירשט פון מזרח, אָבער זי האָט מורא, אויב ער שטאַמט נישט אַמאָל פונדאַנען, דאַן וואָלט שוין דאָס באַקענען זיך מיט אים געווען צו ווולגאַר, אויך די געזעלשאַפט, ווו ער געפינט זיך, פּאַסט זיך נישט צו אים, אָבער נישט געקוקט דע־רויף האָט פרוי שטעביין שוין דריי מאָל אויפגעכאַפּט מיין בליק, האָפנדיק, אַז איך וועל איר געבן אַ צייכן. איך האָב עס נישט געטון, זי קלייבט זיך אַוועקצוגיין.

— פאַר מיינעטוועגן זאָל זי גיין צום טייוול! — האָט ט. ס. זיך געצאָרנט, ער איז פאַרנומען געווען, ווי ער האָט צו־געזאָגט בלויז מיטן עסן. — איך האָב פאָרגעלייגט איר מאַן אַ דריטל פון ריוח פאַר דער דראַמע: „דער שטאָלץ און ליידנ־שאַצט, אָבער דאָס נאַרישע אייזל האָט לחלוטין נישט געוואָלט

דערפון הערן, דער פילם האָט שוין אַריינגעבראַכט אַ פערטל מיליאָן.

— ער זוכט צוריק אָפּ די פאַרלוירענע סומע — האָב איך צוגעגעבן — גאַנצע נעכט איז ער פאַרנומען ביי די אונטער־האַנדלונגען מיט דער שטאָט־מאַכט, כדי זי צו געווינען צו זיינע נייע באָדן שפּעקולאַציעס, דערפאַר עסט ער נישט דאָ קיין מיטאָג צוזאַמען מיט דער פאַמיליע. איר קאָנט דאָ אויך זען דאָס פריילין לוצינדע שטעביין, זי איז באַרקענט מיט בעבקאָק, אַ מיליאָנער און גלייכצייטיק אַ ספּאָרטלער, אַ מענטש, וואָס האָט ליב אויסצונוצן דאָס לעבן. היינט איז ער דאָ נישטאָ, ווייל ער נעמט אָן אָנטייל אין די געיעגן אין ראָקי־מיטן, און דערפאַר טוט זיך לוצינדע לאַנגווייליקן, זי וויל ליבערשט אַזוי, איידער אָפּגעבן זיך „מיט ווערמען ס'איז". זי האָט נאָר וואָס געזאָגט צו איר מוטער, אַז זי פאַרשטייט נישט ווי אַזוי אַ פרוי אין איר שטייגער, זעט נישט צו פאַרברענגען איר צייט מיט מענער פון דער גוטער געזעלשאַפט, נאָר זוכט תמיד עפּעס אַ נייע סענסאַציע!

— מיין גאָט, ביל — האָט ט. ס. אויסגערופן — ציי זענט איר טעלעפּאַטיש פאַרבינדן מיט די מענטשן?

— ניין, אָבער איך קען די מענטשן אַזוי גוט, אַז איך קאָן פון זייער פּנימער לייענען די געדאַנקען. פריילין לוצינדע טרוימט וועגן אַ ניי גרויס הויז אויף דער גראַנד־עוועניו, און פאַר איר איז יעדערער, וואָס געהערט נישט צו איר קליקע, אַן אייגבערעכער, וואָס וויל זי באַרויבן. און דער יונגער בערטיע שטעביין טראַכט וועגן אַ נייעם פּאָרם קאָלנער, וואָס ער האָט געזען אין מאָדע־זשורנאַל, און ער איז צופרידן מיטן גע־דאַנק גופא, וואָס פאַר אַן איינדרוק ער וועט מאַכן אויף זיין נייע פריינדין, בעת ער וועט טראָגן אָט דעם קאָלנער.

— מערי האָט צוגעגעבן:

— איך קען דעם קליינעם קרעט, איך האָב אים געזען אין

„פּאַלאַץ", ווו ער האָט געטאַנצט מיט דאָראָטי דאָדלע, אָדער ווי הייסט זי דאָרט...

— פרוי שטעביין געהערט צו דער נייער קליקע — האָב איך ווייטער דערקלערט — זי געהערט צו יענע, וואָס יאָגן זיך נאָך סענסאַציעס און ווילן, אַז מ'זאָל זיי באַשרייבן אין די צייטונגען, דערויף קאַרגן זיי נישט די גרעסטע סומע געלט, אָבער... איך בין באַלד אַנטשוויגן געוואָרן.

— זעט זי גייט צו צו אונדז.

# אַכצנטער קאַפּיטל

איך האָב געהערט, ווי דאָס מאַמעלע האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און איר מאַן האָט געסאַפּעט פון אויפרעגונג, איך האָב זיך אויפגעשטעלט.

— ווי גייט עס אייך, ביל — האָט זיך געהערט אַ קול — איר זענט אַ טויגעניכטס, פאַרוואָס קומט איר נישט צו אונדז?

— איך האָב געוואָלט קומען צו אייך מאָרגן, — האָב איך געענטפערט, איך בין געווען זיכער, אַז קיינער וועט מיר נישט קאָנען באַווייזן דעם ליגנט — איר וועט מיר דערלויבן אייך צו באַקאָנען מיט פרוי טשניטשקלערפיטש.

— עס פרייט מיך זייער אייך צו באַקאָנען, — האָט פרוי שטעביין געזאָגט — מיין מאַן רעדט אָפט וועגן אייער מאַן. ווי גוט איר זעט אויס, פרוי...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס מאַמעלע, זעענדיק ווי שרעקנד איר נאָמען קלינגט, האָט זיך צוגעאײַלט צו זאָגן עפּעס פריינדלעכס.

— יאָ, דאָס לאַנד ווירקט אויף מיר זייער גוט. זינט איך בין דאָ, פאָר איך אַרום און עס... דאָס איז אַלץ

— הער ט. ס. — האָב איך פאָרגעשטעלט ווייטער.

— ווי גייט עס איין, הער ט. ס.?

— זייער גוט, פרוי שטעביין — האָט ט. ס. געענטפערט. זיין מויל איז פול געווען מיט פלייש, און מיט מאַטערניש האָט ער זיך באַמיט אַראָפּצושלינגען אַלץ מיטאַמאָל.

וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך עס איז דער קלאַסן-פּרעסטיזש! אָט איז דאָ געווען דאָס מאַמעלע, אַן ערלעכע פרוי, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט און דער-גרייכט אַן אומגלויבלעכן, ווונדערבאַרן דערפאָלג. זי האָט פאַר-מאָגט אַלץ, וואָס מ׳קאָן באַקומען פאַר געלט: אירע האָר זענען געקעמט געוואָרן ביים בעסטן פריזירער, אירע קליידער האָט געניייט אַן ערשטקלאַסיקער דאַמען-שניידער, אירע פינגערלעך און בריליאַנט־זאָלעטן האָבן געשטאַמט פון די גרעסטע יובילער-געשעפטן — און דאָך האָט דאָס אַלץ נישט אויסגעזען אַזוי, ווי ס׳האָט באַ-דאַרפט אויסזען, קיין שום מאַכט פון דער וועלט איז נישט בכּוח געווען צו מאַכן פון איר אַ „דאַמע״. דאָס מאַמעלע האָט דאָס אַלץ גוט געוווסט און דאָס האָט איר פאַרשאַפט עגמת נפש. און דאָ איז געשטאַנען פרוי פאַרמעל שטעביין, די, וואָס האָט נאָך אין איר לעבן גאָרנישט געטון קיין נוצלעכס — ווייבאַלד מ׳וויל נישט אָננעמען דעם אַרויסוואַל פון אַ רייכן מאַן פאַר אַ נוצלעכע אַר-בעט, — און ביי פרוי שטעביין איז אַלץ געווען אין אָרדענונג. דאָס מאַמעלע האָט דאָס אַלץ גוט געוווסט און דערפאַר האָט דידאָזיקע פרוי געוועקט ביי איר פיינלעכע געפילן, זי האָט געציטערט מיט יעדן אבר. און אַפילו דער אַלטער ט. ס., וואָס וואָלט זיכער, ווייבאַלד ער וואָלט געווען אַליין אָפּגעשיקט די פרוי שטעביין צום טייוול, האָט יעצט אָנגעהויבן ציטערן און האַסטיק צו שלינגען דאָס עסן, ווייל ער איז געווען פאַרהייראַטעט און ליב געהאַט דאָס ציטערדיקע ווייבל.

פרוי שטעביין האָט געהערט צו יענע אַמעריקאַנערינס, וואָס דערלאָזן נישט, אַז די הייראַט און מוטערשאַפט זאָל איבערלאָזן אויף זייערע לייבער וואָלגאַרע שפּורן. איר העל-

בלאָ קלייד וואָלט אויך געפּאַסט איר טאָכטער. די קאַלטע בלאָע אויגן האָבן צערויסגעקוקט פונם פּנים, וואָס האָט נאָך נישט גע־האַט אויף זיך קיין שום קנייטשן, און זיי האָבן פאַרראַט אַ נשמה, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט געליטן. זי האָט פאַר־געטערט די קונסט און די אינטעליגענץ, דאָך האָט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין איר וויכטיקסטע אויפגאַבע: צו הויבן דעם פּרעסטיזש פון איר פאַמיליען־נאָמען. מיט גרויס העפלעכקייט האָט זי זיך באַצויגן ביים באַקענען זיך מיט אַרטיסטנס, אָבער דערביי האָט זי נישט פאַרגעסן אויף איין מינוט אונטערצושיידן אַן אַקטריסע פון אַ דאַמע.

צו אונדזער טיש האָט זיך אויך דערנענטערט בערטיע, אַ יינג ייִנגל, וועמענס נישט רייַנע הויט האָט דערציילט, אַז ער איז, יעצט נישט לאַנג אַרויס פון די קינדער־יאָרן, ער איז תּמיד פאַרנומען געווען מיט געדאַנקען וועגן קליידונג. זיין שוועסטער, לוציַנדע איז פאַרבליבן אויף איר אָרט, זי האָט גע־האַלטן, אַז די עקסצענטרישקייט פון איר מוטער קאָן זי נאָך קאָמפּראָמיטירן. בערטיע האָט ווי מיר ווייזט אויס יאָ געהאַט אַ סיבה צוצוקומען. דערדאָזיקער ציל איז פאַר מיר באַלד געוואָרן, ווי כ'האָב אים נאָר פאָרגעשטעלט: דער ציל, דאָס איז געווען מערי מאַגנע. דעם ייִנגל האָט זיך געדוכטן, אַז אין דער פילם־וועלט איז ער שוין אַ גאַנצער פּרינץ. זיין געזעלשאַפטלעכע שטעלונג האָט אים געקאָנט לייכטער מאַכן דעם דערפאָלג: ער האָט אויסגעזען, ווי אַ בוים פון ווייַנאַכט, באַהאָנגען מיט פּיוּקל־דיקע באַפּוצונגען.

איך בין געשטאַנען נאָענט פון ביידע, געהערט דעם אָנ־הויב פון זייער געשפּרעך.

— אָ, פריילין מאַגנע, איך פריי זיך זייער דערמיט, וואָס איך האָב אייך באַקאָנט. איך האָב אַ סך געהערט פון פריילין דולע וועגן אייך.

— פריילין דולע?

— יאָ, דאָראָטי דולע.

— עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך האָב נאָך נישט פון איר געהערט.

— וואָס, איר קענט נישט דאָראָטי דולע, די פילם-אַרטיסטין?

— ניין, איך קאָן זיך נישט דערמאָנען דעם נאָמען.

— אָבער... זי איז דאָך אַ שטערן.

— איר ווייסט וואָס, הער שטעביין? אויפן הימל זענען פאַראַן אַ סך שטערן, אָבער נישט אַלע קאָנען מיר דערזען מיטן פרייען אויג.

איך האָב זיך געוואָנדן צו בערטיעס מאַמע. זי האָט דורך דער צייט שוין באַוויזן צו אַנטדעקן, אַז דער טישלער זעט אויס פון דער נאָענט נאָך ווונדערבאַרער; זי האָט אים נישט אָנגענומען פאַר אַ געוויינלעכן מענטש פון דער בינע, נאָר פאַר אַן עפעקטועל, ערנסט פערזענלעכקייט, וואָס וועט באַווייזן צו כאַנגען דאַמבן פון די „העכערע אַרטיסטישע ספערן", ווו מ'וועט אים פאַר זיי פאָרשטעלן אויף איר לונטש, וועלכן זי אָרדנט איין יעדן חודש — און דאָס וואָלט געהויבן דעם פרעסטיזש פון די, וואָס האָט אים „אַנטדעקט".

אָט צוליב דער סיבה, האָט זי פאַרבעטן די גאַנצע געזעלשאַפט אין טעאַטער אַריין, אין איר לאָזשע, אָבער ט. ס. האָט ערקלערט, אַז זיי וועלן נישט קאָנען גיין, ווייל זיי מוזן זען, ווי אַזוי ס'זענען געמאַכט געוואָרן די פילם אויפנאַמען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, באַזונדערס צוליב דעם, וואָס דער המון וועט באַשטיין פון פינף טויזנט געדונגענע מענטשן.

לסוף האָט די גרויסע דאַמע באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון טעאַטער און פאָרן צוזאַמען מיט אונדז זען די אויפנאַמען. ט.ס. האָט נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט דאָס מיטאָג, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט לאָזן די פרוי שטעביין וואַרטן. ער

האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום קעלנער, אויפגעשריבן זיין פאַרכשוף־טן נאָמען אויף אַ טשעק און געגעבן פינף דאָלאַר טרינק־געלט. פרוי שטעביינס האָט צוריקגערופן אירע נאָענטע און האָט זיך דערנענטערט צו דער טיר, און מיר זענען געגאַנגען הינטער איר.

איך בין געווען זיכער, אַז פאַר דער טיר וועלן מיר ווידער דערזען די שטרייקנדע, אָבער די גאַסן זענען געווען אָפּגעליידיקט, מ'האָט נאָר געזען פּאָליציאַנטן און שאָפערן. איך האָב געוווּסט, אַז דאָ איז שוין געקומען צום אויסדרוק די ברוטאַלע האַנדלונג פון דער מאַכט, אָבער איך האָב נישט אַרויסגעזאָגט וועגן דעם איין וואָרט, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון טישלער. דער אויטאָמאָביל פון די שטעביינס איז פאַרפאָרן און איצט האָב איך ווידער געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך איבערצוצייגן, וואָס פאַר אַ ראָלע דאָס ווייב פון גרויסן באַן־מאַגנאַט שפּילט אין דער געזעלשאַפט.

— ביל — האָט זי באַפוילן — שטייגט איין אין מיין אויטאָמאָביל... און אויך איר, הער טישלער, איך וויל מיט אייך עפּעס רעדן.

אַלץ, ווי איר זעט, איז געווען גאַנץ פּשוט: זי האָט געוואָלט עפּעס. און זי האָט עס פאַרלאַנגט.

איך האָב אָנגענומען דעם טישלער ביי דער האַנט, איינגעזעצט אים אין אויטאָמאָביל; בערטיע האָט אים געפירט און דער שאָפער איז געזעסן לעבן אים.

— מיר וועלן זיך פרווון — האָט בערטיע געשריגן מיט אַרויסרופנדע חוצפה און ער האָט געוווּנקען צום פילם־קעניג, וואָס האָט געזאָגט דעם אויטאָמאָביל אין באַוועגונג.

# ניינצנטער קאַפּיטל

לכתחילה זענען מיר געפאָרן פּאַמעלעך, בעת מיר האָבן פאַר־קערוועט אין דער בראָדוויי, זענען מיר אַריינגעפאָרן צווישן דעם געדיכטן עולם פון טעאַטער־באַזוכער. מיר האָבן זיך געמוזט פאַרהאַלטן פאַרן „עמפּיר וואַריעטע”. וויבאַלד איר קענט וועלכע ס'איז הויפּט־גאַס פון די גרעסערע שטעט אין אַמעריקע, קאָנט איר האָבן אַ באַגריף, ווי אַזוי עס זעט אויס די לויכטנדע עלעקטרישע אַנאָנסן, בילדער פון אַקטיאָרן, מענטשן, וואָס וואַרטן, כדי זיך צוצובאַקומען צו דער קאַסע, דאָס געווימל אויפן טראָטואַר. היינט האָט מען געקאָנט זען גאָר עפּעס אַנדערש: אַ גרויסע מחנה יוגנטלעכע, וואָס האָבן געטראָגן רויטע פענער, זייערע אויגן זענען געווען פיל מיט לוסט צום קאַמף. בעת אונדזער אויטאָמאָביל איז שטיין געבליבן, האָט דער פירער פון דערדאָזיקער מחנה געגעבן אַ צייכן און פון הונדערטער העל־זער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ליד:

ריקעטי צום, ריקעטי צאַם,
ריקעטי, שטיקעטי, שטיקעטי סלאַם!
וואַליבאַל! בילייבי זאַל!
מיר זענען די יינגען פאַר אַ קראַוואַל —
וועסטערן סיטי!

דאָס געשריי האָט נאָכמער פאַרטויבט די אוירן, בעת בערטיע האָט זיי מיטגעהאָלפן.

האַלאָ; — האָב איך געזאָגט — ווי מיר דאַכט זיך, האָבן מיר געזיגט.

— אודאי, אודאי - בערטיע האָט שיער געפּלאַצט פון צופיל שטאָלץ.

— אין וואָסער שפּיל האָבן מיר געזיגט — האָט דער טישלער געפרעגט.

— אין פוסבאָל — האָב איך געענטפערט — די מאַנשאַפט פון וועסטערן-סיטי האָט געשפּילט מיט אוניאָן-טאַטש.

די פענער האָבן געפּאָכעט, דאָס געשריי איז וואָס אַמאָל געוואָרן העכער — הוראַ, הוראַ! זאָל לעבן יעזשי ווילסאָן! זאָל לעבן האַרימאַן! וועסטערן-סיטי! וועסטערן-סיטי! וועסטערן-סיטי!

בערטיעס געשריי האָט אַמשטאַרקסטן אָפּגעקלינגען אין אונדזערע אויערן. בעת אונדזער אויטאָמאָביל האָט געריר̈ט און דער ליאַרם איז וואָס אַמאָל געוואָרן שטילער, האָב איך געזאָגט צום טישלער:

— דאָס זענען שילער, זיי פייערן אַ נצחון איבער אַ צווייטן אוניווערסיטעט.

— יאָ, אָבער ווי אַזוי קאָנען זיי אַזוי גלייכמעסיק און איינהייטלעך שרייען?

— זיי האָבן זיך געאיבט.

געאיבט? ווילט איר דערמיט זאָגן, אַז דידאַזיקע יינגלעך קומען זיך צונויף און איבן זיך צו מאַכן אַזוינע געשרייען.

— יאָ.

— און זיי טוען דאָס קאַלטבלוטיק?

איך האָב געלאַכט.

— דאָס בלוט פון די יוגנטלעכע איז ווי מיר דאַכט זיך זעלטן קאַלט. אין דער צייט פון די איבונגען שטעלן זיי יואַרשיינלעך זיך פאָר דעם נצחון.

דער טישלער האָט גערעדט האַלב צו זיך:

— איר מאַכט פון אייערע קינדער אַן ערב-רב, איר דערציט זיי אין שלעכטן גייסט.

— ס'איז נאָך נישט אַזוי שלעכט — האָב איך זיך פאַרטיידיקט — דאָס איז אַ פּשוטע פאַרווײלונג.

— יאָ, יאָ, איז דען די פאַרווײלונג נישט קיין צוגריי-

טונג צו דער ווירקלעכקייט? ווי אַזוי איז מעגלעך, בעת ווילדע מלחמה-טעג צו לערנען שלום?

אומעטום איז באַוווסט, אַז נאָך דער מלחמה איז אַנט-שטאַנען אַ נייער דור יינגע מענטשן, אַ דור, וואָס טראַכט זעלבסטשטענדיק און פאַרמאָגט אַן אייגענעם ווילן. אַבסטראַקט בין איך אַן אָנהענגער פון דער דאָזיקער אידעע, אָבער נאָך יעצט, בעת זי האָט זיך באַוויזן צו מיר אין אַזאַ קאָנקרעטן פאָרם, בין איך געוועזן עטוואָס צעטומלט.

פלוצלינג האָט בערטיע זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיך געפרעגט מיט זיין האַרטער שטים.

— ווו האָט איר געפינען דעם דאָזיקן משוגעדיקן פאַר-שוין?

— ליבער בערטיע — האָט די מוטער אויסגערופן — זיי העפלעך.

— איך בין העפלעך. כ'האָב נאָר געוואָלט וויסן, פונוואַ-נען דער מענטש האָט געבראַכט זיינע אידיאָטישע אָנשוי-אונגען?

— בערטיע, מיין ליבסטער! — האָט די מוטער נאָכאַמאָל אויסגערופן, און איך האָב שוין גאַנץ גענוי געוווסט, אַז זייט אַכצן אָדער ניינצן יאָר, האָט זי זיך צוגעוויינט צו רופן אים מיט דעם נאָמען. אינם טאָן פון דעם אויסגעשריי האָט גערוט אַן איידעלער פאָרוואורף און גלייכצייטיק אַ נאַרישע מוטערלעכע באַוווּנדערונג. און בערטיע האָט תמיד געטון, וואָס אים איז געפעלן. ער האָט געוווסט, אַז די מוטער איז אינערלעך צו-פרידן פון זיין דעספּאָטישע האַנדלונג און זעט איין דערין דעם שטאָלץ פון דער פאַמיליע שטעביין. איך האָב אים געזען אין זיינע פריסטע קינדער-יאָרן, ווי אַזוי ער האָט געטופּעט מיט די פיס, באַפוילן די גוווערנאַנטין, אַז זי זאָל אים ברענגען אַ נאָז-טיכל, ווי אַזוי ער וואַרפט איר זיין שיך, ווי באַלד זי דערפילט נישט מאָמענטאַל זיין פאַרלאַנג.

און איצט איז געקומען די ריי אויף לוצינדע. ביז איצט האָט זי געליטן פון דער געזעלשאַפטלעכער חרפּה, וואָס די מוטער האָט מיר אָנגעטון. בעת דער טישלער איז איינגעשטיגן אין אויטאָמאָביל, האָט זי אויף אים חוצפּהדיק אַ קוק געטון, דאַן האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און לחלוטין נישט געלייגט קיין אַכט אויף מיין פּרווו פאָרצושטעלן איר דעם גאַסט. זי איז געזעסן שטייף, קאַלט און שטאָלץ. מיטאַמאָל האָט זי זיך געווענדעט צו דער מוטער מיט אַ פראַגע:

— צי דאַרפן מיר זיך ווידער באַגעגענען מיט די מיאוסע, פעטע יידן?

פרוי שטעביין איז געווען אויף אַזוי פיל קלוג צו פאַרשטיין, אַז נישט איצט איז די צייט צו פאָרשן די נשמה ביי דעם עוונטועלן פירשט פון מזרח. זי האָט ליבערשט געוואָלט פלוידערן וועגן דער גאָרטן פאַרוויילונג, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין דער נאָענטסטער וואָך, לטובת דער הילפס־אַקציע פאַר פוילן.

— פוילן איז דער באַשיצונגס־וואַל פון דער וועלט קעגן באָלשעוויזם — האָט זי דערקלערט, און באַלד האָט זי צוגעגעבן.

— בערטיע, מיין ליבסטער... דו פאָרסט אומפאָרזיכטיק.

— האָסט נישט געהערט מוטער, ווי כ'האָב געוואָרנט דעם אַלטן ייד, אַז כ'וועל אים איבעריאָגן.

— יאָ, אָבער, בערטיע מיין ליבסטער, די גאַס איז דאָך פול מיט מענטשן.

— זאָלן זיי אַכטונג געבן.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער זון און יורש פון די שטעביינס האָט זיך אונטערגעגעבן און געפאָלגט זיין מוטער. דער אויטאָמאָביל האָט זיך פלוצלינג פאַרהאַלטן, אַזוי פלוצלינג, אַז מיר זענען שיער אַראָפגעשליידערט געוואָרן פון אונדזערע געזעסן. די ברעמזע האָט אַ סקריפּע

געטון, די רעדער האָבן זיך אָנגעשטריכן און עפּעס אַ ווי-
דערשטאַנד, פֿון טראָטואַר האָט זיך געטראָגן אַ ווילד געשריי.
פֿרוי שטעבליין האָט געזיפֿצט: — אָ, מיין גאָט! לוציינדע האָט
אויסגערופֿן צאָרנדיק: — מאַמע! דער טישלער האָט געקוקט
אויף איר צעטומלט און געפֿרעגט:
— וואָס איז געשען?

# צוואָנציקסטער קאַפּיטל

אָס אומגליק האָט פּאַסירט אין אַ געדיכט באַוווינטן קוואַרטאַל, פֿול מיט מעקסיקאַנער, איטאַליענער און אַנדערע אויסלענדער. און דאָס האָט נאַטירלעך געקאָנט געשען נאָר אין דעם קוואַרטאַל, ווו ס'לויפֿן קינדער אַרום ביינאַכט אויף דער גאַס. איין קינד איז געלעגן אונטער די פֿאָדערשטע רעדער פֿון אויטאָמאָביל, ס'איז געווען שרעקלעך צעריסן, אַז ס'האָט פּשוט אַרומגענומען אַן אימה נישט נאָר ביים אָנרירן עס, נאָר אַפֿילו בלויז צו קוקן דערויף, און אַ צווייט קינד איז אַריינ-געשליידערט געוואָרן אין אַ רינשטאָק.

דערלעבן איז געשטאַנען אַן אַלטיטשקע, די הענט אויפֿ-געהויבן אין דער הויך, זי האָט געשריגן פֿון פּחד און ווייטאָק מיט אַ קול, וואָס כ'האָב נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געהערט. איר שרייען האָט געשטעלט אויף די פֿיס די גאַנצע געגנט, און איידער עמעצער פֿון אונדז האָט נאָך באַוויזן אויסצושטייגן פֿון אויטאָמאָביל, זענען זיך שוין געהאַט צוזאַמענגעלאָפֿן מענטשן פֿון אַ צוואָנציק הייזער.

דער ערשטער איז אַרויס פֿון אויטאָמאָביל דער טישלער. ער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן קערפּערל, געזען, אַז ס'איז שוין לחלוטין נישטאָ קיין האָפֿענונג, דאַן איז ער צוגעלאָפֿן צום רינשטאָק, אויפֿגעהויבן דאָס פֿאַרווונדעטע קינד און געטו-

מען עס אין זיינע אָרעמס. ער האָט זיך אָנגעלענט אויף א שטיין, לאַנג זיך איינגעקוקט אין דעם אָרעמען, פאַרקרימטן פּנימל און געשעפּטשעט אומעטיקע, צאַרטע ווערטער. נישט ווייט האָט געברענט אַ לאַמטערן, מ׳האָט געקאָנט זען דאָס פּנימל פונם קינד, ווי אויך די שטריכן פון טישלער.

אַ פּרזי האָט זיך דערנענטערט, ווייזט אויס די מוטער פון טויטן קינד. זי האָט אַ קוק געטון אויפן צעריסענעם קערפּערל אונטער די רעדער, אַרויסגעלאָזט אַן אימהדיקן געשריי און געפאַלן אין חלשות. באַלד איז אָנגעקומען אַ מאַן, ווייזט אויס דער טאַטע, ס׳זענען אָנגעלאָפן קרובים, זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם אויטאָמאָביל און דעם קרבן. איך בין צוגעגאַנגען צום טישלער:

— דאָס קינד לעבט נישט?

ער האָט געענטפערט:

— איך מיין, אַז ס׳וועט לעבן.

און זעענדיק, אַז דער המון שטערט יעטוועדער רעטונגס-אַקציע, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט:

— וווּ וווינט דאָס קינד?

עמעצער האָט אָנגעוויזן אויף אַ הויז, און דער טישלער האָט אַריינגעטראָגן דאָס פאַרווונדעטע קערפּערל אינעווייניק. ער האָט אָנגעלייגט דאָס קינד אויף אַ בעט, אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויפן קינדס שטערנדל, צוגעמאַכט די אויגן, געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט פאַרזונקען געווען אין תפילות. איך האָב געהערט דעם וואַקסנדיקן געשריי אויף דער גאַס, כ׳בין צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַרויסגעקוקט אין דרויסן און געזען ווי די פאַמיליע שטעבליין געפינט זיך אין אַ פיינ-לעכע לאַגע. מענטשן האָבן אַרויסגעצויגן פון אויטאָמאָביל בערט-יען מיטן שאָפער, זיי האָבן זיי געריסן און געדראָט מיט נקמה. דער אָרעמער בערטיע האָט געשריגן, פאַרטיידיקט זיך,

אַז ס'איז נישט זיין שולד, זיי ווידער האָבן געשריגן, אַז ער האָט נישט באַדאַרפט פאָרן אין זייער געגנט און זיין פּרעכטיקן, גרויסן אויטאָמאָביל, פאַרוואָס פאָרט ער נישט אין זיין געגנט, פאַרוואָס דערהרגעט ער נישט קינדער פון די רייכע?

אַ מאַן האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין פּנים און ער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד.

פרזי שטעביין האָט געטון אַ הויכן געשריי און איז אַרויסגעשפרונגען פון אויטאָמאָביל אים צו באַשיצן, אָבער אין דער רגע האָט זיך אַ מחנה אַ וואָרף געטון אויף איר, די מענער האָבן זיך געוואָרפן אויפן שאָפער. נאָענט איז געלעגן אַ באַרג שטיינער, די אויסלענדער האָבן אויך זיכער געהאַט מעסער אין זייערע טאַשן. די קליינע געזעלשאַפט וואָלט אָן ספק צעריסן געוואָרן אויף שטיקער, ווייבאַלד עס וואָלט מיר נישט געקומען אויפן געדאַנק צוצורופן דעם טישלער.

פאַרוואָס האָב איך דאָס געטון? איך גלויב, אַז דערפאַר וואָס כ'האָב געזען, ווי אַזוי דער המון האָט זיך אָפּגערוקט פאַר אים, בעת ער איז געגאַנגען און געטראָגן דאָס קינד אין זיינע אָרעמס. כ'האָב געוווסט, אַז אַליין וועל איך דאָ גאָרנישט אויפטון און איידער כ'וועל באַווייזן צוצורופן אַ פּאָליציאַנט, וועט שוין זיין נאָך אַלעמען. איך האָב איבערגעגעבן דעם טישלער, וואָס דאָרט קומט פאָר, און ער איז תיכף אַרויס אויפן גאַס.

זיין קעגנוואַרט האָט געווירקט ווי אַ כּישוף. פאַר דידאָזיקע אָרעמע אויסלענדער, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען קאַטאָליקן, האָט ער לגמרי נישט אויסגעזען ווי אַ קינאָ־אַקטיאָר, נייערט ער איז געווען פאַר זיי עפּעס אויסערגעוויינלעכעס, וווּנדערבאַרס. ער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער צו דער מענטשן־מאַסע, אויסגעשטרעקט די אָרעמס, און זיי האָבן תיכף געמאַכט פאַר אים אַ וועג צו די באַפאַלענע; און בעת ער איז צוגעקומען צו זיי, האָט ער צעשפּרייט זיינע אָרעמס,

ווי ער וואָלט זיי גענומען אין זיין שוץ, דאָס איז עס געווען אַליין.

נאַטירלעך האָט ער ביי אָט דער געלעגנהייט נישט פאַרגעסן, אָפּצוהאַלטן אַ רעדע. שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט בערטיעס לעבן, האָט מען זיך געקענט ריכטן, אַז דער מענטש פון דער נייער גענעראַציע זאָל מוזן שווייגנדיק אויסהערן דעם טישלערס פּאָליטישע און סאָציאָלאָגישע אויספירונגען, וואָס האָבן פיינלעך באַרירט בערטיעס אָנשויאונגען און געפילן. און בערטיע האָט אויסגעהערט, איך בין איבערצייגט, אַז ער וואָלט נישט פּראָטעסטירט מיט איין וואָרט אַפילו דאַן, ווען ער וואָלט געקאָנט רעדן, וואָס איז אים יעצט אוממעגלעך געווען צוליב דעם שטאַרקן קלאַפּ, וואָס ער האָט באַקומען אין פּנים.

— מיינע פריינד! — האָט דער טישלער געזאָגט. — וואָס פאַר אַ זינען האָט עס, צו דערהרגענען די דאָזיקע עלנטע בלוטזויגער, וואָס זויגן אויס דאָס בלוט פון די אָרעמע זענען פאַראַן אַ סך, מיט איינצלנע קלעפּ איז אוממעגלעך זיי צו פאַרטיליקן... תמיד קומען אויף נייע און נאָך ערגער: ווילבאַלד איר טויט זיי, טויט איר אין אייך גופא דאָס, וואָס דערהייבט אייך איבער זיי, וואָס גיט אייך רעכט צום לעבן. איר צעשטערט די צניעות, דאָס גוטס און געדולד, דאָס צירונג פונם אָרעמען, וואָס מאַכט זי פאַר קעניגן אין קעניגרייך פון ליבע. זאָלן מיר היטן די קרוין פון רחמנות, פאַרקוקט אייך נישט אויף די פאַרברעכנס פון אייערע אונטערדריקער! איר דאַרפט דערווערבן חכמה, כדי אַ סוף צו מאַכן צו דער פאַרשקלאַפונג פון דער וועלט, און נישט ערנידעריקן דערביי אונזערע אייגענע הערצער. מיר זענען געווען אַזוי פיל יאָרהונדערט געדולדיק, לאָמיר וואַרטן נאָך אַ ביסל צייט. אָ, מיין פאָלק, מיינע ליבע אָרעמע, אונטערגעדריקטע אין דער סאָלידאַריטעט, אין

דער ברידערלעכקייט ליגט אייער צוקונפטיקער וועג. מיר ווילן זען דעם סוף פון די גבירים, וואָס וואַרט אויף זיי, מיר ווילן אָבער נישט באַפלעקן אונדזערע הענט מיט זייער בלוט.

ער האָט ווידער אויסגעשטרעקט מאַיעסטעטיש די אָרעמס:

— צוריק! לאָזט זיי גיין!

נישט אַלע האָבן געהערט און פאַרשטאַנען זיינע ווערטער, די, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט פון אים האָבן געגעבן אַ ביישפיל. שווייגנדיק האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן פון אויטאָביל. דאָס קערפּערל פון טויטן קינד, איבערגעדעקט מיט אַ טוך, האָט מען אַוועקגעלייגט אויפן טראָטואַר. דער טישלער האָט זיך געווענדעט צו די שטעביינס.

— דער וועג איז פריי, איר קאָנט אַוועקפאָרן.

אַלע פיר, האָבן פאַרטויבט, תיכף אויסגעפירט דעם באַפעל. דער טישלער האָט נאָכגעמאַכט אויפגעהויבן זיין שטים.

— זויגער פון מענטשלעך בלוט, פרעסער פון מענטשן פלייש, גייט אייער וועג, גייט אַ קעגן דעם אונטערגאַנג, וואָס די געשיכטע מאַכט גרייט פאַר די פּאַראַזיטן!

דער מאָטאָר האָט אָנגעהויבן רוישן, דער אויטאָמאָביל האָט געווירט. פון דער מענטשן-מאַסע האָט זיך געהערט אַ שטיל מורמלען, דאָ און דאָרט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי פון צאָרן, אָבער ס'האָט זיך נישט אויפגעהויבן קיין איין האַנט.

דער אויטאָמאָביל איז פאַרשווונדן. דער טישלער איז ווייטער געשטאַנען אויף דער גאַס און אָפּגעהאַלטן פאַר די מעקסיקאַנער און איטאַליענער אַ סאָציאַליסטישע רעדע.

# איינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן ערשט דאַן, ווען אַ פרוי האָט זיך צו אים צוגעשטופּט, אָנגענומען ביי אַ האַנט.

— האַר, מיין יינגעלע — האָט זי געשלוכצט, — דער קליינטשיקער, וואָס איז פאַרוואונדעט געוואָרן.

דער טישלער האָט זיך געוואָנדן צו דער מאַסע.

— דאָס קראַנקע קינד נויטיקט זיך אין מיין הילף, איך מוז גיין. גייט נישט אַריין אינעווייניק — האָט ער צוגעגעבן, זעענדיק ווי זיי שטופּן זיך הינטער אים — דאָס קינד דאַרף לופט.

ער איז אַריין אינעווייניק, אַנידערגעקניט פאַרן בעט און אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויפן קינדס שטערנדל. די מוטער, אַ שלאַנקע, ברונעטע מעקסיקאַנערין, איז געשטאַנען עטוואָס פונדער־ווייטנס און נישט געוועגן דרייסט זיך אַ ריר צו טון. זי האָט געקוקט פון איינעם צום אַנדערן, מיט אַ פּנים פול פּחד.

דער קליינער האָט געעפנט די אויגן און געקוקט פאַר זיך. מסתמא איז אים געפעלן געוואָרן דאָס, וואָס ער האָט דערזען, ווייל אויף זיין פּנימל האָט זיך אויסגעגאָסן אַ שמייכל, אַ בענקנדיקער, איידעלער און אומעטיקער שמייכל פון אַ קינד, וואָס האָט אין משך פון אַלע זיינע טעג נאָך קיינמאָל נישט אָנגעגעסן זיך צו דער זאַט. דערהערנדיק דאָס קול פון קינד האָט די פרוי האַסטיק אָנגעכאַפּט די האַנט פון טישלער און טרערן זענען גערינען איבער אירע באַקן.

— גאַנץ גוט — האָט ער געזאָגט — גאַנץ גוט. ס'וועט זיין געזונט... האָב נישט קיין מורא...

ער האָט אַ שמייכל געטון צום קינד.

— ס'איז שוין בעסער, וועסט שוין נישט פילן קיין ווייטאָק. און צו מיר האָט ער געזאָגט: איז נאָך פאַראַן עפּעס שענערס, ווי אַ קינד?

די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען פאַר דער טיר, האָבן אָנגעהויבן דערציילן פאַר די אַנדערע, וואָס עס איז געשען. דער טומל איז געוואָרן שטאַרקער. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ פרויען שטימע, זי פאַרלאַנגט מ׳זאָל זי אַריינלאָזן אינעווייניק. דער המון איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט. דאָס איז געווען אַ קראַנק קינד. כ׳ווייס נישט, וואָס דעם קינד האָט געפעלט, וואַרשיינלעך האָט עס די מוטער אַליין אויך נישט געוווסט. זי איז אַנידער-געפאַלן ביי די פיס פון טישלער און אָנגעהויבן אים בעטן, ער האָט איר באַפוילן אויפצושטיין, גענומען דאָס קינד אין זיינע הענט, איינגעקוקט זיך אין זיין פנימל און אָנגעהויבן תפילה טון.

בעת ער האָט דאָס קינד אין אַ ווײַלע אַרום דער לאַנגט דער מוטער, האָט זי עס אויפמערקזאַם באַטראַכט. עפּעס איז געשען, אָדער זי האָט לפּחות געגלייבט דערין, ווייל זי האָט אַרייסגעלאָזט פון זיך אַ געשריי פון צופרידנקייט און ווידער זיך אַ וואָרף געטון צו די פיס פון טישלער, זי האָט אָנגע-נומען אַ זוים פון זיין קלייד און ליידנשאַפטלעך אָנגעהויבן קושן, די ידיעה וועגן בעל-מופת האָט זיך מיט אַ בליץ-שנעל-קייט פאַרשפּרייט צווישן המון, וואָס אַמאָל האָבן זיך געשטופּט מער מענטשן, לאָמע, טויבע און בלינדע.

איצט נישט לאַנג, ווי איך האָב געלייענט וועגן די וווּנ-דער פון לורדס און כ׳ווייס, אַז די מאָדערנע וויסנשאַפט טאָ-לערירט די דאָזיקע היילונג באשר די שטאַרקע סוגעסטיע, וואָס קומט פון אונטערבאַוווסטזיין קאָן דערוועקן נייע לעבנס כוחות און נישט בלויז ביי היסטערישע, נעוראַטישע, נאָר טיילמאָל אפילו אויך ביי פיזישע ליידן. איך האָב דאָס אַלץ גוט פאַר-שטאַנען און דאָך האָב איך זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון אַ מערקווירדיקער באַאומרויקונג.

אָבער פּלוצלינג, פונקט ווי כ׳וואָלט געדאַרפט האָבן מיט

זועמען זיך צעטיילן מיינע אומאָנגענעמע געפילן, האָט דער המון זיך פאַנאַנדערגערוקט — און מערי מאַגנע איז אַריין אין צימער. זי האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט; זי איז שטיל שטיין געבליבן אין אַ זייט, אומבאַוועגלעך. די מענטשן האָבן פון דער זייט איר צוגעוואָרפן בליקן, האַלטנדיק זי, לויט איר שייכעם אויסזען און קאָסטבאַרע קליידער פאַר אַן אויס-לענדישע פרינצעסין. איך בין צוגעגאַנגען צו איר און שטיל געשעפטשעט:

— ווי אַזוי ביסטו דאָ אַהערגעקומען?

זי האָט דערציילט, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט דער-וואַרטן אויף אונדזער אָנקומען, איז זי צוגעפאָרן צו די שטע-ביינס, און דאָרט האָט זי זיך אַלץ דערוווּסט.

— זיי האָבן מיך געוואָרנט, אַז כ'זאָל נישט גיין אַהער, ווייל דערדאָזיקער מענטש איז אַ געפערלעכער באָלשעוויק, ער האָט אָפּגעהאַלטן פאַרן המון אַ בלוטדורשטיקע רעדע. וואָס האָט ער אייגנטלעך געזאָגט?

איך האָב איר געוואָלט אַלץ דערציילן, אָבער פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ מוראדיק געשריי. אין שטוב האָט מען אַריינגעבראַכט אַ דאַר, געליימט יינג מיידל; מ'האָט זי אַוועק-געלייגט אויפן בעט און דער טישלער האָט אַרויפגעלייגט אויף איר די האַנט. און וואָסער נס!... דאָס מיידל האָט זיך אויפגעהויבן און זיך אַ שטעל געטון אויף דער ערד, זי האָט אויסגעצויגן די הענט און געשריגן פון גרויס פרייד. באַטירלעך, האָט דער גאַנצער המון מיטגעשריגן; דידאָזיקע פרימיטיווע מענטשן-מאַסע האָט גערן געליאַרמט. דער טישלער האָט זיך נישט גע-קאָנט באַפרייען פון דער גרויסער באַגייסטערונג פאַר אים; פון אַלע זייטן האָט מען זיך געשטופּט צו אים, כדי נאָר אים צו באַרירן, כדי תּפילה צו טון פאַר אים אויף די קני.

ער איז צוגעקומען צו אונדז:

— וואָס מיינסטו, מערי... איז דאָס נישט בעסער, ווי שפּילן אין טעאַטער?
— יאָ, זיכער, ווײַבאַלד מ׳קאָן דאָס טון.
— אַלע וואָלטן געקאָנט, ווײַבאַלד זיי וואָלטן נאָר געוווּסט.
— באמת אַזוי? — האָט זי געפרעגט מיט אַ טיפער ערנסטקייט.
— גאָט לעבט אין יעדן מאַן און אין יעדער פרוי.
— און פאַרוואָס ווייסן נישט דערפון די מענטשן?
— ווײַל נישט נאָר גאָט לעבט אין זיי, נאָר אויך די חיה. די חיה איז צוטרויליך און מעכטיק, גאָט אָבער איז ניי, אומבאַגרײַפבאַר און פול מיט שרעק. און דערפאַר דערהרגעט אים די חיה אינם מענטשן.
— וואָס איז דאָס פאַר אַ חיה?
— זיין נאָמען איז „איך" און ער פאַרמאָגט אומצאָליקע געשטאַלטן. ביי מענער איז דאָס די גיריקייט, ביי פרויען די פּוסטקייט, זי צירט זיך אין אָרמבענדער, פליטערלעך.
— אָ, ניין! — האָט מערי אויסגערופן בעטנדיק.
— גוט, מערי, גוט.
אָבער מערי, האָט אויסגעזען אומגליקלעך, ווי ער וואָלט ווידער אויסגערעכנט אירע צירונג.
ער האָט זיך געווענדעט צו אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט זיך אַרײַנגעשלעפּט אין שטוב אויף קוליעס:
אָרעמער אַלטער חבר! אָרעמער אַלטער חבר!
דאָס רחמנות געפיל האָט אים געשטערט צו רעדן.
— זיי האָבן דיך געהייסן שווער אַרבעטן, ווי אַן אַלטן אייזל, ביז דיין הויט האָט געפּלאַצט און פאַרשטאַרט זענען געוואָרן דיינע אָדערן, אָבער צו דיר זענען זיי נישט געווען אַזוי רחמנותדיק ווי צום אַלטן אייזל: זיי האָבן דיך געהייסן ווייטער לעבן, ווייטער ליידן.

צו אַ יינגע, בלייכע פרוי, וואָס האָט הוסטנדיק, זיך דער־נענטערט צו אים, האָט ער זיך געווענדעט מיט די ווערטער:

— וואָס קאָן איך טון פאַר דיר? זיי הייסן דיך שטאַרבן פון הונגער! דאַרפסט דערנערונג — און איך האָב נישט מיט וואָס דיך צו דערנערן.

און אַרומגענומען פון אַ פלוצלינגן צאָרן, האָט ער אויס־געצויגן די הענט אין דער הויך:

— ברענגט מיר אַהער די האַרן פון דער שטאָט, וואָס צווינגען די אָרעמע צו הונגערן, בעת זיי אַליין ווערן צעזעצט פרעסנדיק!

אָבער די מיטגלידער פון דער האַנדלס־קאַמער און די פּאַרייניקטע באַנקירן פון וועסטערן־סיטי זענען געווען צו ווייט, כדי אים צו הערן. זייערע נעמען זענען אַפילו שווער געווען אויסצוגעפינען אין טעלעפאָן־בוך. דער טישלער האָט זיך אומ־געקוקט איבער דער שטוב, וואָס איז פול געווען מיט קאַליקעס און קראַנקע. ס'איז גענוג געווען צוויי שעה, כדי זיי אַלעמען, דידאָזיקע טונקעלע און אומגליקלעכע געשפּענסטער, אַרויסצוציען פון די פינצטערע לעכער און טיפע קעלער. ער האָט געקוקט אויף די איינגעפאַלענע פנימער; מיט אַן אויסדרוק פון יאוש האָט ער צוגעדריקט די האַנט צום שטערן.

— ניין, ניין. עס וועט גאָרנישט העלפן.

און ער האָט ווידער אויפגעהויבן זיין שטימע, רופנדיק צו די האַרן פון שטאָט.

— איר מאַכט גיכער קאַליקעס, ווי איך קאָן זיי היילן. איר פאַרטיליקט זיי מיט דער הילף פון מאַשינען — און דער, וואָס וויל דאָ העלפן, מוז צעשטערן די מאַשין.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, זיינע ווערטער האָבן מיך כמעט איבערגעשראָקן: ער האָט געלייענט מיינע גע־דאַנקען:

— כ'ווייס, אַז דאָס וועט נישט לייכט אָנקומען. אָבער

איר מוזט געדענקען: איך האָב צעשמעטערט די רוימישע וועלט-אימפעריע.

דאַן האָט ער זיך אויפגעהערט צו כעסן. ער האָט גע-שעפּטשעט:

— איך קאָן שוין נישט מער. די כחות האָבן מיך פאַר-לאָזט; איך מוז רוען.

זיין שטימע האָט זיך איינגעבראָכן.

— איך בעט אייך, גייט אַוועק, איר אָרעמע פון דער וועלט. היינט האָב איך געטון פאַר אייך אַלץ, וואָס כ'האָב נאָר געקאָנט.

שטיל, געדולדיק און הכנעהדיק, ווי נפשות צוגעגרייט צום אונטערגאַנג, האָבן זיך די קאַליקעס און קראַנקע אַרויס געשאַרט פון שטוב.

## צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

ער איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעט, פאַרזונקען אין טרויריקע געדאַנקען. איך און מערי האָבן אים באַאָבאַכטעט. מיר האָבן נישט געוווסט, צי מיר זאָלן אים איבערלאָזן אַליין, אָבער ס'האָט אויסגעזען, ווי ער באַמערקט לחלוטין נישט אונדזער קעגנוואַרט און דערפאַר זענען מיר פאַרבליבן.

אין אונדזער וועלטל איז נישט פאַסיק, אַז מענטשן פון דער געזעלשאַפט זאָלן שווייגן. וויבאַלד אַ שמועס רייסט זיך איבער, זוכן מיר גיך אַ טעמע, כדי ווידער „צו מאַכן קאָנווער-סאַציע". דאָך האָט אויסגעזען, ווי דער טישלער וואָלט נישט געקענט דעם מנהג, און קיינער פון אונדז האָט אים דאָס נישט אויסגעלערנט. עטלעכע מאָל האָב איך פון דער זייט אַ קוק גע-טון אויף מערין, און איך האָב ממש געשטוינט פון איר האַל-טונג. אין איר גאַנץ לעבן איז זי געווען אַ קאָנווערסאַציע-

וווּלקאַן, וואָס האָט תמיד אויסגעבראָכן. איצט האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, ווי זי שטעלט יעדעס וואָרט אירס פאַר אַ משפּט און באַשטעטיקט, אַז עס פאַרדינט נישט אַרויסצוזאָגן.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דאָס קליינע ייִנגעלע, וועמען דער אויטאָמאָביל האָט איצט נישט לאַנג אַריינגעשליידערט אין רינשטאָק. ער האָט אַ קוק געטון אויפן טישלער, דאַן איז ער צו אים צוגעגאַנגען. דער טישלער האָט אַ שמייכל געטון, ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, און דאָס ייִנגעלע האָט זיך שטאַרקער צו אים צוגעטוליעט. דורך דער טיר האָבן אַריינגעקוקט אַנדערע קינדער און באַלד האָט אַ קליינע גרופּע אַרומגערינגלט דעם טישלער, זיי האָבן זיך געזעצט אויף זיין שויס און לעבן אים אויפן בעט. דאָס זענען געווען קינדער פון דער גאַס, אָבער ער האָט מיט גרויס אינטערעס אויסגעפרעגט זייערע נעמען, זייער פאַמיליע, אויסגעפרעגט, וואָס זיי לערנען אין שול, און וואָס זיי שפּילן. איך גלויב, אַז ער האָט געטראַכט וועגן בערטיעס פוסבאָל-פעבל, וואָס האָבן אויסגעשריגן דעם נצחון אין דער פוסבאָל-שפּיל. ער האָט דאַן געזאָגט:

— אַמאָל, שוין נישט לאַנג, ווען מען אייך לערנען אַ שפּיל פון ליבע און פריינטשאַפט, אַנשטאָט אַ שפּיל אין קאַמף.

ס'איז אָנגעקומען די מוטער. זי האָט מורא געהאַט, אַז דעם גרויסן מאַן וועט לאַנגווייליקן דאָס פּלוידערן פון די קינדער, באַזונדערס איצטער, בעת ער האָט מיט שמועסן צו אַזוינע צוויי רייכע מענטשן, ווי איך און מערי.

— איר שטערט דעם הער — האָט זי געזאָגט אויף שפּאַניש.

דער טישלער, ווי ער וואָלט זי פאַרשטאַנען, האָט געענטפערט:

— דערלויבט די קינדער צו זיין לעבן מיר. זיי לערנען מיך, אַז די וועלט קאָן נאָך אַמאָל גליקלעך זיין.

די קינדער האָבן געפּלוידערט ווייטער, די מוטער איז

געשטאַנען ביי דער טיר צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע ווייבער, אַלע האָבן זיי געשטראַלט פון שטאָלץ. זיי האָבן תמיד געוווסט, אַז זייערע קינדער קומט עפּעס אויסערגעוויינלעכס, און אָט היינט איז זיי דאָס מקוים געוואָרן ס׳איז גוט געווען. צו זען, ווי אַזוי ס׳האָבן געשטראַלט דידאָזיקע טונקעלע מעקסיקאַנישע פּנימער, בעת די קינדער האָבן הויך געלאַכט און דער פרעמדער האָט מיט זיי מיטגעלאַכט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אַ קינד אָנגעהויבן רייבן די אויגעלעך. דאַן האָט די מוטער געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז ס׳איז שוין זייער שפּעט. די קינדער זענען נאָך טאַקע געווען מונטער, אָבער ס׳איז שוין נויטיק געווען צו לייגן זיך שלאָפן. די מוטער האָט זיי אַרויסגעפירט פון שטוב, אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אומגעקערט, טראָגנדיק אין איר האַנט אַ גלאָז מילך און אַ טעלער, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן ברויט און אַ פּאָמעראַנץ.

— איר זענט אַודאי הונגעריק — האָט זי געזאָגט מיט אַן הכנעהדיקן פאַרנייג. זי האָט געהאַלטן, אַז דער טישלער וועט פאַרלאַנגען „עסן פון די אָרעמע", און זי האָט נישט גע־האַט קיין טעות, ווײַל ער האָט געגעסן מיט פאַרגעניגן. ער האָט זי געבעטן, אַז זי זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן אים, אָבער די פרוי איז נישט דרייסט געווען, צו זעצן זיך אין זיין קעגנ־וואַרט. — אָדער אפשר איז דידאָזיקע אומדרייסטקייט געווען צוליב מערין און מיר? איך בין זיכער, אַז זי וואָלט גערן געוואָלט מיט אים שמועסן, אָבער מיר זאָלן נישט זיין דאָרטן. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַזאַ שיינער הער און אַזאַ שיינע פרוי, האָבן בריער ווי זי דאָס רעכט דערצו.

# דרייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

מיר זענען פאַרבליבן זאַלבעדריט. מערי האָט ברייט גע־עפנט אירע גרויסע, טונקעלע אויגן, וואָס זענען אַזוי גוט באַ־קאַנט דעם פובליקום און זי האָט געפרעגט:

— הער טישלער, צי זענט איר שוין געווען אַמאָל פאַר־ליבט?

די פראַגע האָט מיך צעטומלט, אָבער דער טישלער האָט זיך לחלוטין נישט פאַרלוירן.

— מערי — האָט ער געענטפערט — איך בין געווען זייער אומעטיק.

און כדי צו מילדערן זיין עטוואָס שאַרפן ענטפער, האָט ער צוגעגעבן:

— און איר, מערי, זענט איר שוין געווען אַמאָל פאַר־ליבט?

זי האָט געענטפערט:

— ניין.

איך ווייס נישט, צי איך האָב עפעס געזאָגט, צי זי האָט סתם געטראָפן מיינע געדאַנקען, ווייל זי האָט זיך געווענדעט צו מיר:

— דו ווייסט לחלוטין נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס ליבע, אָבער אַ פרוי ווייסט, אַפילו ווען זי האַנדלט נישט לויט איר.

— וויבאַלד דו ווילסט ווערן מעטאַפיזיש...

— צום טייוול מיט דער מעטאַפיזיק! — האָט זי אויס־געשריען און קוקנדיק אויפן טישלער איז זי תיכף אַנטשוויגן געוואָרן.

ער האָט זיך אָפּגערופן:

— אַ גוטע פרוי, ווי איר...

— ווי איך! — מערי האָט זיך ווילד צעלאַכט. שלאָגט מיך נישט, וואָרום איך ליג שוין אויף דער ערד. איך האָב

זיך פאַרקויפט פאַר יעדער ראָלע, פאַר דעם צירונג, וואָס כ'האָב היינט באָכמיטאָג געטראָגן אויף זיך. איצט טראָג איך עס שוין נישט.

— איך פאַרשטיי אייך נישט, מערי — האָט ער גערעדט צאַרט — פאַרוואָס זאָל זיך אַזאַ פרוי ווי איר פאַרקויפן?

— וואָס דען קאָן איך אָנויהבן טון? איך האָב געוווינט אין אַן אָרעם שענקל, געקאָנט פאַרבלייבן אַ דינסט-מויד, אָבער איך האָב נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם גורל. דאַן האָב איך זיך פאַרקויפט פאַר אַ שטעלע אין אַ האַנדלס-הויז, דער-נאָך האָב איך זיך פאַרקויפט פאַר אַ קלייד מיט בענדעלעך, ווייל כ'האָב געוואָלט שיין אויסזען, דערנאָך פאַר אַריינגעמען מיך אין אַ כאָר, דערנאָך פאַר אַ קליינע ראָלע — און אַזוי ווייטער. איצט שפיל איך די ראָלן פון פרויען, וואָס פאַרקויפן זיך, זיי באַקומען דערפאַר ריזיקע סומעס, און איך באַקום אויך, דערמיט בין איך אַ „שטערן".

איך האָב אַ צעטומלטער באַטראַכט די סצענע. דערדאָ-זיקער טאָן אין מערי מאַגנעס שטימע איז געווען פאַר מיר לחלוטין ניי; מעגלעך, אַז זי האָט אין די לעצטע ראָלן אויף דער בינע מער אַזוי נישט גערעדט. איך האָב געטראַכט ביי זיך: אין דער פילם אינדוסטרי קומט אַ קריזיס.

דער טישלער האָט געפרעגט:

— מערי, וואָס טראַכט איר איצטער צו טון?

— וואָס קאָן איך טון? מיין קאָנטראַקט איז געשריבן אויף זיבן יאָר.

— קאָנט איר נישט טון עפּעס אַן ערלעכערע אַרבעט? איך מיין צו שפּילן אין אַ פילם אַן ערלעכע ראָלע...

— איך? מיין גאָט! זאָגט דאָסדאָזיקע דעם אַלטן ט. ס. און קוקט דעמאָלט אויף זיין פנים! אויף די גאַנצע וועלט זוכן זיי אויס אַ ניי שמיקל קלייד, וואָס איך זאָל קאָנען אויסטון אויף דער בינע, כדי עס זאָל פאָרקומען אַ מלחמה, וואָס איך האָב

אַרויסגערופן, אָדער כּדי צו שילדערן אַ קעניגרייך, וואָס איך האָב צעשטערט. איך זאָל שפּילן אַ ראָלע פון אַן אָנשטענדיקע פרוי! דאָס פּובליקום וואָלט עס אָנגענומען פאַר אַ וויץ און די פילם־צושויער וואָלטן דאָס געהאַלטן פאַר נישט אָנשטענ־דיקייט.

דער טישלער האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעהויבן שפּאַ־צירן הין און צוריק איבערן צימער.

— מערי — האָט ער אָנגעהויבן — איך האָב אַמאָל גע־לעבט אין רוימישן קיסרטום.

— איך קען דאָס. איך האָב געשפּילט קלעאָפּאַטרע און אויך די געליבטע פון נעראָן, מיט וועלכע ער קוקט צוזאַמען אויף דער ברענענדיקער שטאָט.

— רוים איז געווען ווילד, פּרימיטיוו און אָרעם, מערי, רוים איז געווען גאָרנישט אַקעגן דער היינטיקער וועלט. דאָס איז דער שטן אויף מיין פּאָטערס טראָן, וואָס שאַפט פאַר זיך נייע וועלטן. איך פאַרשטיי נישט די וועלט. איך וויל זי בעסער דערקענען, ווייבאַלד איך וויל זי ראַטעווען.

אַן אומאויסדריקלעכער טרויער, אַן אומענדלעכער מיט־געפיל האָט געציטערט אין זיין קול, בעת ער האָט איבערגע־חזרט:

— איך מוז זי בעסער דערקענען.

— איר ווייסט אַלץ — האָט מערי אויסגערופן — איר זענט די פאַרקערפערונג פון חכמה.

אָבער ער האָט ווייטער געזאָגט, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך, פאַרזונקען אין באַטראַכטן אַ פּראָבלעם:

— טאָ ווי אַזוי קאָן איך לערנען די אָרעמע מענטשן גע־דולד, בעת די האַרן נוצן אויס דידאָזיקע לערע פאַר אַ ניי מיטל צו דער שקלאַפעריי?

ער האָט אַ בליק געטון אויף מיר, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפער, דאַן האָט ער אויסגערופן אַנטשלאָסן:

— איך מוז גיין צוזאַמען מיט די, וואָס שטעלן זיך אַ קעגן די שקלאַפעריי! מאָרגן וועל איך גיין צו די שטרייקנדע, צו אַלע שטרייקנדע אין אייער שטאָט.

— אין דעם פאַל וועט איר זייער אַ סך האָבן צו טאָן.

— האָב איך געענטפערט. וואָרום איך האָב מורא געהאַט און איך האָב אויך אים געוואָלט האַלטן דערווייטערט פון די ענינים.

— ווו קאָן איך זיי געפונען?

— כ'ווייס נישט. זייער הויפט-קוואַרטיר געפינט זיך וואַרשיינלעך אינעם הויז פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

— איך וועל דאָרט גיין. דערווייל וויל איך בלייבן אַליין. איך מוז זיך פאַרטראַכטן איבער דעם אַלעם, וואָס איך האָב געזען.

— ווו ווילט איר איבערנאַכטיקן?

— איך ווייס נישט.

מערי האָט נישט דרייסט געזאָגט:

— מיין אויטאָמאָביל וואַרט אינדרויסן...

— אין די אַלטע צייטן — האָט ער געענטפערט — האָב איך געזען די יינגע פאַטריצער פאָרן דורך די גאַסן. איך וויל שוין מער מיט זיי נישט פאָרן.

איך האָב זיך אָפּגערופן:

איך האָב אין קלוב אַ וווינונג, עס וועט זיין דאָרט גע-נוג אָרט...

— ניין, ניין, מיין פריינד. איך האָב זיך שוין גענוג צו-געזען ביי די האַרן פון שטאָט. פון איצטער אָן, וויבאַלד איר ווילט מיך געפינען, זוכט מיך ביי די אָרעמע.

— קאָן איך קומען מאָרגן, כדי אייך צוצופירן צום הויז פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען? — האָב איך אים גע-פרעגט, זייענדיק גרייט צו דינען אים מיט מיין הילף.

– ביטע, אָבער קומט פרי, איך קאָן זיך נישט פאַר־שפעטיקן...

– ווו ווען מיר זיך טרעפן?

– קומט דאָ אַהער. דידאָזיקע מענטשן וועלן מיך זיכער באַזאָרגן מיט אַ באַכטלעגער.

ער האָט זיך אומגעקוקט.

– דידאָזיקע שטוב איז באַוווינט, אָבער וויבאַלד זיי וועלן מיר דערלויבן צו בלייבן אויפן הויף, וועל איך האָבן די איינזאַמקייט אין וועלכע איך נויטיק זיך.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

– איך מוז דאַוונען. האָסט שוין געפרוווט אַמאָל דאַ־וונען, מערי?

זי האָט געענטפערט פשוט:

– איך האָב נישט געוווּסט, ווי אַזוי צו דאַוונען.

– קום מיט מיר, איך וועל דיך אויסלערנען...

## פּיראָונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

צומאָרגנס בין איך געקומען, אָבער נישט גענוג פרי. די מעקסיקאַנערין האָט מיר געזאָגט, אַז דער הער האָט געוואַרט אויף מיר, אָבער לסוף איז ער אַליין אַוועקגעגאַנגען, ער האָט זיך געפרעגט, ווו ס׳געפינט זיך דאָס הויז פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און ער האָט געהייסן מיר זאָגן, אַז איך וועל אים דאָרטן געפינען. איך בין אַריין אין אויטאָמאָביל און געהייסן דעם שאָפער פאָרן מיטן קורצסטן וועג.

בעת איך בין געפאָרן, האָב איך זיך אַרומגעקוקט, טאָמער וועל איך ערגיץ דערזען פריינד, און דאָס איז נישט געווען אומזיסט,

פאַר אונדז האָט זיך געשטופּט אַ המון מענטשן, דער פּאַרקער איז געווען אָפּגעשטעלט.

— מיין גאָט! — האָב איך אָפּגעזיפצט — איך קום צו שפּעט. דער מענטש האָט שוין ווידער עפּעס אָפּגעטון...

איך האָב זיך אַרויסגעבויגן פון אויטאָ, און באמת, ער איז געשטאַנען אויף אַ וואָגן און געהאַלטן אַ רעדע פאַרן המון, וואָס האָט פול געמאַכט די גאַס. און דאָס איז ערשט קוים געווען אַ העלפט וועג צום הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַריינען, האָב איך געטראַכט יאושדיק.

איך בין אויסגעשטיגן, באַצאָלט דעם שאָפער און אָנגעהויבן זיך מאַכן אַ וועג. פון צייט צו צייט האָב איך אויפגעכאַפּט טייל ווערטער פון טישלערס רעדע. דאָס, וואָס ער האָט גערעדט, האָט געקלינגען לחלוטין אומשולדיק; אַלע זענען ברידער אַלע דאַרפן זיך קעגנזייטיק ליבן און זיך נישט באַעוולען. האָט ער ווירקלעך געמוזט נאָך פאַרן פרישטיק דערפילן זיין אויפגאַבע? איך האָב דערזען, אַז איך געפין זיך אין יידישן קוואַרטאַל; אומעטום אויף די שילדן האָט מען געזען מאָדנע אומפאַרשטענדלעכע אותיות.

— וואָס צום טייוול! — האָב איך געטראַכט — וויל ער דען מחזיר זיין די יידן?

איך האָב זיך געשטופּט ווייטער און באַמערקנדיק דעם פּאָליציאַנט, האָב איך געפרעגט?

— וואָס קומט דאָ פאָר?

איך האָב גערעדט צו אים, ווי ס'רעדט אַ מענטש, אָנגעטון לויט דער לעצטער מאָדע און ער האָט מיר געענטפערט מיט דער געהעריקער העפלעכקייט:

— ווייס איך, מ'האָט צו וויסן געטון וועגן אומרוען, און מ'ז זענען געקאָמאַנדירט געוואָרן אַהער... אָבער ווי ס'ווייזט זיך אַרויס איז עס גאָר אַ רעליגיעזע פאַרזאַמלונג.

דער פּאָליציאַנט האָט מיר איבערגעגעבן עפּעס־וואָס, דאָס

איבריקע האָב איך זיך שוין דערוווסט פון די אַרומיקע. אַ יידענע, איז געגאַנגען איינקויפן און האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ פאַלשע וואָג, דער קצב האָט זי געהייסן פאַרלאָזן די יאַטקע, דעריבער האָט זי פאַר אים אַרויסגעזאָגט אירע געדאַנקען וועגן די בלוטזויגער און שווינדלער, און דאַן האָט ער זי אַרויסגעוואָרפן אונטער דער טיר. אויפן טראָטואַר האָט די יידענע אויפגעהויבן אַ געוואַלט, אַז ס'זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אַלע פרויען פון דער געגנט. די אויפרעגונג קעגן די העכערונג פון די פרייזן, וואָס האָט זיך נישט אויסגעגלייכט מיט די לוינען, איז אַריבער אַלע גרעניצן. די פרויען האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער יאַטקע, כדי זי חרוב צו מאַכן, אַזוי אַז דעם קצב זאָל האָבן צו געדענקען. דער טישלער האָט געמוזט באַרויקן דעם צעווילדעוועטן המון.

— איר ווייסט, ווי אַזוי דאָס איז — האָט דער פאָליציאַנט געזאָגט — דידאָזיקע אָרעמע קענען זיך קוים דערנערן, און דאָ האַלט מען תמיד אין איינרעדן אונדז, אַז די פרייזן פאַלן, יאָ, יאָ, זיי פאַלן, אָבער בלויז אויף די צייטונגען.

— נו — האָב איך באַמערקט — זענט איר דאָך אַודאי צופרידן, אַז עמעץ אַנדערש האָט אייך דאָ פאַרטרעטן אין דער דינסט.

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— גאַנץ זיכער. כ'האָב שוין נישט איינמאָל געהאַט צו טון מיט ווייבער. ס'איז נישט גוט מיט זיי אָנצוהייבן, זיי קראַצן ס'פנים. איך מיין, אַז אונזער שעף וועט דערלויבן דעם פאַרשוין דאָרט צו רעדן, וואָס אים געפעלט, כאָטש ער שטערט דעם גאַסן-פאַרקער.

מיר האָבן געהאָרכט אַ ווײַלע:

— זייט וויסן, מיינע פריינט, אַז איך בין געקומען צו אייך און איך וועל אייך נישט פאַרלאָזן. איך וועל אייך געבן

מיין גערעכטיקייט און פרייהייט. אייער זאַך איז מיין זאַך אויף אַלע אייביקייטן. אָמן.

— היילֹיקער גאָט — האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט — ווען איר זאָלט וויסן, וואָס פאַראַ נאַרישקייטן מיר מוזן טייל־מאָל אויסהערן. וואָס טראַכט דערדאָזיקער פּאַרשוין אין נאַכט־העמד פון אברהם?... עס דוכט זיך אים, אַז ער קען עפּעס אויפטון.

און דער טישלער האָט גערעדט:

— די טעג פון די בלוטזויגער זענען געציילטע. עס וואַקלען זיך די טראָגנען פון הערשער, די ערד וועט געהערן די, וואָס אַרבעטן. ווער עס אַרבעט נישט, דאַרף אויך נישט עסן, און יענע, וואָס זענען פעט געוואָרן מיט מענטשן־בלוט, זאָלן צוריק דאַר ווערן.

— וואָס זאָגט איר דערצו? — האָט געפרעגט דער היטער פון אָרדנונג. — זאָל מיך דער רוח נעמען, וויבאַלד דאָס איז נישט אַ באָלשעוויסטישע רעדע, אונדזער שעף וועט זיך געדולדיק לאַנג נישט צוהערן דערצו.

צום גליק איז דאָס געדולד פונם פּאָליציי־שעף נישט לאַנג געשטעלט געווען אויף פּראָבע. דער רעדנער האָט דער־גרייכט זיין העכסטן שטאַפּל:

— נאָענט איז שוין דאָס קעניגרייך פון גערעכטיקייט. דאָס וואָרט וועט ווערן אַרויסגערעדט, דער וועג וועט זיין גרייט. און איצטער, מיין פאָלק, גייט גלייך אויף אייער וועג! מיידט אויס די נישט געוווּנשענע אומרוען, איר זאָלט נישט ציען אויף זיך די פאַראַכטונג פון די, וואָס פאַרשטייען נישט אייער ווייטיק און באַגרייפן נישט די יסורים פון די אָרעמע. שלום מיט אייך!

ער האָט אויפגעהויבן די אָרעמס. אַ שטיל מורמלען האָט אים אָפּגעענטפערט, און דער המון איז זיך לאַנגזאַם פאַנאַנ־דערגעגאַנגען.

דאָ האָט מיין באַקאַנטער זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף באַווייזן זיין אויטאָריטעט. ער האָט אָנגעהויבן באַוועגן מיט זיין שטעקעלע איבער די דאַרע רוקנס פון די יידישע שניי־דער און איבער די הענגענדיקע בייכער פון די יידישע ווייבער.

— געגאַנגען? געגאַנגען! פאַרהאַלט נישט דעם פאַרקער!

אַ דאַנק מיינע עלעגאַנטע מלבושים האָב איך זיך גע־קאָנט אומגעשטערט צושטופן צום טישלער, איך האָב אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געשעפטשעט:

— קומט, מיר דאַרפן גיין אין הויז פון די פראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען.

## פינפאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

ס'איז אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז אַ טייל פונם המון איז געגאַנגען אונטער אונדז, און צוליב דעם האָב איך אויפמערק־זאַם געמאַכט דעם טישלער, אַז מ'דאַרף די מענטשן זאָגן, אַז זייער ווייטערדיקע געזעלשאַפט איז אונדז לחלוטין נישט גוי־טיק. אָבער איידער מיר זענען צוגעקומען צו דער נאָנטסטער גאַס, האָב איך דערפילט, ווי עמעצער נעמט מיך ביי דער האַנט און גלייכצייטיק האָט זיך אַ קול אָפּגערופן צו מיר:

— אַנטשולדיקט... איך בין אַ רעפּאָרטער פון „אָוונט־געשריי".

איך האָב גוט געוווסט, אַז דאָס מוז אומפאַרמיידלעך קומען, כ'האָב געוווסט, אַז דאָס גרייט זיך אויף מיר, בעת איך בין אויסגעשטיגן פון אויטאָמאָביל, כדי צו זיין אין דער געזעלשאַפט פונם טישלער. איך האָב אים געוואָלט וואָרענען, איך האָב אים געוואָלט דערקלערן, וואָס דאָס איז אַזוינס אונ־

דזער פּרעסע, אָבער ווי אַזוי האָב איך געקאָנט וויסן, אַז ער וועט נאָך פאַרן פרישטיק אַרויסרופן אַזאַ צוזאַמענלויף און ער וועט אַרויסציען די פּאָליציי-רעזערוון און די רעפּאָרטערן פון זייערע באַהעלטענישן?

— איר מוזט מיר אַנטשולדיקן — האָב איך געענטפערט קאַלט — מיר האָבן אַ וויכטיקע באַראַטונג...

— איך וויל נאָר בלויז די רעדע פון דעם הער...

— מיר זענען אויפן וועג צום הויז פון די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען. וויבאַלד איר וועט דאָרט קומען אין עטלעכע שעה אַרום, וועלן מיר אייך קענען געבן אַן אינטערוויו.

— אָבער איך דאַרף דאָס צו דער ערשטער אויסגאַבע. זי איז שוין אין דרוק.

איך האָב פעסט געהאַלטן דעם טישלער ביי דער האַנט און אים געצווּנגען ווייטער צו גיין. אָבער ס'איז אוממעגלעך געווען זיך צו באַפרייען פונם רעפּאָרטער, אָבער פונדעסטוועגן האָב איך באַשלאָסן אומבאַדינגט אַרויסצוזאָגן מיין וואָרנונג:

— הער טישלער, עס האַנדלט זיך דערין, אַז איר זאָלט פאַרשטיין דידאָזיקע זאַך. דערדאָזיקער יינגער מענטש איז אַ פּאָרשטייער פון אַ געוויסער צייטונג; דאָס, וואָס איר וועט אים זאָגן, וועט אין עטלעכע שעה אַרום געלייענט ווערן דורך הונדערטער טויזנטער מענטשן. וויבאַלד דאָס וועט זיין אַ סענסאַציע, וועט עס די קאָנטינענטאַל-פּרעסע טעלעגראַפירן איבערן גאַנצן לאַנד, און עטלעכע הונדערט צייטונגען אין לאַנד וועלן עס פאַרעפנטלעכן...

— צוועלף הונדערט און זיבן און דרייסיק צייטונגען — האָט פאַרענדיקט דער יונגערמאַן.

— זעט איר, דאָ דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק מיט ווערטער, אַ סך פאָרזיכטיקער ווי דעמאָלט, בעת איר רעדט צו אַ הייפל מעקסיקאַנישע אַרבעטער און יידישע ווייבער.

— איך פאַרשטיי נישט, וועגן וואָס איר רעדט — האָט דער טישלער געזאָגט — איך רעד דאָך דעם אמת...

— נאַטירלעך — האָב איך געזאָגט.

איך האָב מיר געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי איך זאָל פאָרשטעלן מיין באַקאַנטן פאַר דער וועלט, פאַרן קלוגסטן און טאַקטפולסטן. איך האָב געוווסט, אַז דער רעפּאָרטער באַמיט זיך אויפצוכאַפּן עטלעכע זאַצן, און דאַן לויפן צום טעלעפאָן און זיי מודיע זיין זיין צייטונג.

— איך קאָן אייך נאָר זאָגן דאָס, וואָס איך בין באַפּול־מעכטיקט — האָב איך אָנגעהויבן — דערדאָזיקער הער איז אָ וווּנדערבאַרער רופא. אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט מאָדנע כוחות, ער היילט מיט גייסטיקע מיטלען. איר פאַרשטייט?

— אַך, דאָס איז אַ נייע רעליגיע?

— יאָ, דער הער טישלער לערנט אַ נייע רעליגיע.

— איך פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי. אַ ניי נביאות. פונוואַנעץ קומט ער?

איך האָב זיך געפּרוווט פלינק אַרויסצודרייען, כדי נישט צו ענטפערן אויף דער פראַגע.

— ער איז ערשט נישט לאַנג געקומען.

אָבער דער בלוטהונט פון דער פרעסע האָט זיך נישט געלאָזט אַזוי גיך אַראָפּפירן פונם דרך.

— פונוואַנען קומט איר, הער טישלער? — האָט ער זיך געווענדעט מיט אַ פראַגע צו מיין פריינט.

און ער האָט געענטפערט נישט וואַקלדיק זיך:

— פון גאָט.

— פון גאָט? וואָס? אָ, אָ, זייער אינטערעסאַנט! און ווען זענט איר געקומען, אויב ס'איז מיר דערלויבט צו פרעגן?

— נעכטן.

— אַך, אַזוי! דאָס איז שוין עפּעס אויסערגעוויינלעכס.

אין דאָס פּעבל, צו ווען איר האָט ערשט נישט לאַנג גע-
רעדט? צי היילט איר טאַקע די מענטשן מיט אייערע גייס-
טיקע מיטלען?

איך האָב זיך אָנגעהויבן פאָרשטעלן, ווי אַזוי די גאַנצע
געשיכטע וועט אויסזען: אַ גרויסער טיטל האָט געפלאַמט פאַר
מיינע אויגן, גרויסע אותיות, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער
דריי עמודים, ווי ס'זענען זיך נוהג צוגעבן אונזערע אָוונט-
צייטונגען, וועלן מודיע זיין:

## אַ נביא געשיקט פון גאָט שטערט אַן אויפשטאַנד!

# זעקסאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אין דערדאָזיקער קריטישער מינוט האָב איך אָנגענומען
אַ פלוצלינגן באַשלוס. מען דאַרף זיך דרייסט אַנטקעגנשטעלן
דעם אָנגריף און פאָרשטעלן דעם טישלער אויפן שענסטן אופן.
ער איז דאָך באמת געווען אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש און
ער האָט פאַרדיגט דערויף, אַז ער זאָל אָנשטענדיק באַהאַנדלט
ווערן. איך האָב זיך געווענדעט צום רעפּאָרטער:

— איך בעט אייך נעמען צו קענטעניש, אַז דערדאָזיקער
הער איז אַ מענטש, וואָס איז באַשאָנקען מיט אויסערגעוויינ-
לעכע פעיקייטן, און פאַר דער הילף, וואָס ער גיט, נעמט ער
לחלוטין נישט קיין געלט. וויבאַלד איר ווילט דורכאויס עפּעס
זיך פון אים דערוויסן, בעט איך אייך צו טון דאָסדאָזיקע אין
דער פאָרם, אַז ס'זאָל צוגעפּאַסט זיין צו זיין כבוד.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. איך מיין, אַן די אָנווייזונגען
זענען איבעריק...

— אייער רעדאַקטאָר קאָן זיין ביי אַן אַנדער מיינונג —
האָב איך באַמערקט טרוקן — דערלויבט מיר זיך פאָרצו-
שטעלן...

איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען. ס'איז ביי מיר פאַר־בליבן דער איינדרוק, וואָס מיין נאָמען האָט אַרויסגערופן ביי דעם יונגנמאַן.

— דאָס זענט איר דער הער... ער האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק אויף מיר, און האָט מסתמא נישט געפינען פאַר נויטיק צו פאַרענדיקן מיין פראַגע.

— אָט דאָס איז מיין וויזיט־קאַרטע.

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר, און דאַן האָט ער אויסגערופן.

— איך וועל גערן אַלצדינג דערקלערן אין דער רעדאַק־ציע און זאָרגן דערפאַר, אַז די גאַנצע געשיכטע זאָל פאַרעפנט־לעכט ווערן לויט אייער ווונטש.

— אַ דאַנק. טאָ הערט מיך אויס: נעכטן איז דער פעבל מיך באַפאַלן פאַרן קינאָ און מיך אַזוי צעשלאָגן, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין באַוווסטזיין. דערדאָזיקער הער האָט זיך פאַרנו־מען מיט מיר און מיך אויסגעהיילט. איך בין אים נאַטירלעך דערפאַר זייער דאַנקבאַר, און בעת־מעשה האָב איך זיך דער־ווּוסט, אַז ער איז אַ מגיד, וואָס העלפט די אָרעמע און נעמט פון קיינעם נישט קיין געלט. איך וואָלט געוואָלט אים עפנט־לעך דערפאַר דאַנקען, מאַכן אים אַ נאָמען אין דער וועלט.

— נאַטירלעך, נאַטירלעך! — האָט דער רעפּאָרטער אויס־גערופן, און ווידעראַמאָל האָבן געפלאַמט פאַר מיינע אויגן רי־זיקע אותיות:

**אַ רייכער קלובמאַן געהיילט דורך אַ נס.**

אָדער דער טיטל וועט גאָר אַנדערש קלינגען:

**אַ נביא היילט אויס אַ קלובמאַן, וואָס איז צעשלאָגן געוואָרן פון פעבל.**

**אַ זון פון אַ רייכער יחוסדיקער באַקאַנטער פאַמיליע, אַ קרבן פון בלוטיקע אומרועו, ער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ מענטש, וואָס איז געקומען פון גאָט.**

איך האָב געטראַכט, אַז עס וועט שוין געננג זיין מיט די סענסאַציעס און דערמיט וועט זיך פאַרענדיקן אונדזער שמועס, אָבער לײדער האָב איך געהאַט אַ טעות. דער שמעק־הינט פון דער פרעסע האָט געפרעגט ווייטער:

— צי וועט איר היילן עפּנטלעך, הער טישלער?

דער טישלער האָט געענטפערט:

— איך באַשעפטיק זיך נישט מיט היילן.

— וואָס? פאַרוואָס נישט?

— די וועלטלעכע און פאַרדאָרבענע מענטשן פאַרלאַנגען פון מיר נסים, זיי פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל זיי באַווייזן מיין כח. אָבער איך וועל ברענגען דער וועלט אַן אַנדער באַווייז, אַ נייע וויזיע, אַ נייע האָפנונג.

— איך פאַרשטיי. אַ נייע רעליגיע. צי קאָן איך זיך נישט עפּעס וואָס דערוויסן וועגן איר?

— איר זענט דער ערשטער, וואָס פרעגט וועגן דעם. די וועלט וועט נאָכטון אייער ביישפּיל. זאָגט די מענטשן, אַז איך בין געקומען צו שטודירן די נשמות פונם פּעבל און ווי אַזוי זיי אַנטשטייען.

— דאָס פּעבל? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט צע־טומלט.

— איך וויל זען דאָס לאַנד, וווּ עס הערשט פּעבל.

— האָט איר היינט אינדערפרי שטודירט דאָס פּעבל?

— איך פרעג: פאַרוואָס וואַרפט זיך די פּאָליציי פון דעם פּעבל־לאַנד אויפן אָרעמען פּעבל און נישט אויפן רייכן פּעבל? איך פרעג: ווער באַלוינט די פּאָליציי און ווער דאָס פּעבל?

— אַך, איר זענט אַ ראַדיקאַל.

ס'איז מיר געוואָרן אומגעווײנלעך שלעכט, פאַר מיינע אויגן האָט זיך ווידער באַוויזן אַ טיטול:

## אַ רייכער קלובמאַן שטיצט אונטער אַ באָלשעוויס־טישן נביא.

איך האָב זיך האַסטיק אַריינגעמישט:

— דער הער טישלער איז נישט קיין ראַדיקאַל, ער ליבט נאָר די מענטשהייט.

טיף אין מיין נשמה האָב איך געפילט, אַז דאָס איז נישט קיין געוויינע שילדערונג. ווי אַזוי, צום טייוול, זאָל איך שיל־דערן דעמדאָזיקן מענטש. וואָס קען עס זיין, וואָס אַלע זיינע ווערטער וועגן ליבע און ברידערלעכקייט שמעקן מיט סאָציאַליזם?

איך האָב געפרווווט אויפסניי:

— ער איז אַן אָנהענגער פון שלום.

— אַך, טאָ איז ער אַ פּאַציפיסט — האָט דער רעפּאָרטער אויסגערופן.

— פאַרשאָלטענער הונט! — האָב איך געטראַכט ביי זיך, וואָרום איך האָב געוווסט, אַז ביי אים קומט אויס דאָס וואָרט פּאַציפיזם פּראָ־דייטשלאַנד.

אָבער איך האָב הויך צוגעגעבן.

— ער פּרעדיקט ברידערלעכקייט.

דער פּרעסע־הונט האָט זיך אָבער נישט אינטערעסירט מיט מיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען.

— ווו האָט איר געזען דאָס רייכע מעבל, הער טיש־לער? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב זיי געזען, ווי זיי ווילדעווען איבער די גאַסן, בעת זיי פאָרן אין די אויטאָמאָבילן... ווי זיי דערהרגע־נען קינדער פון אָרעמע...

— דאָס האָט איר געזען?

— יאָ, נעכטן ביינאַכט.

היינט אינדערפרי האָב איך געלייענט אונדזער „טיימס“ און דעם „עקסעמינער“ און איך האָב באַמערקט, אַז אינם באַ־ריכט וועגן אומגליקלעכן פאָרפאַל איז נאָר אָנגעגעבן געוואָרן דער נאָמען פון שאָפער און נישט פון אייגנטימער פונם אוי־טאָמאָביל. איך האָב פאַרשטאַנען ווי־ווייס עס ווירקט אויף דער פּרעסע דער דרוק פון דער העכערער געזעלשאַפט און פינאַנסן, און אָט איצט וועט דער טישלער אַלץ קאַליע מאַכן. איך האָב אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און געזאָגט:

— מיין פריינט, איר זענט געווען אַ גאַסט אין יענעם אויטאָמאָביל, איר דאַרפט דעריבער דערפון גאָרנישט רעדן.

איך האָב דערוואַרט אַ ווידערשפּרוך, אָבער ווייזט אויס, אַז דער טישלער האָט אָנערקענט דעם אמת פון מיינע ווערטער, ווייל ער האָט געשוויגן. דער יינגער רעפּאָרטער האָט גערעדט ווייטער:

— איר זענט געווען ביים אויטאָמאָביל-פּאָרפאַל? מיר האָבן נאָר געהאַט אַ קורצע נאָטיץ וועגן טויט, וואָס איז געשען צוליב דעם אויטאָמאָביל פון דער פרוי שטעביין. זענט איר געזעסן אינעווייניק?

און בעת דער טישלער און איך האָבן נישט געענטפערט, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— ס'איז מיר אַלציינס! סיי-ווי וואָלט איך זיך נישט געקאָנט באַנוצן מיט די אינפאָרמאַציעס. פרוי שטעביין איז איינע פון אונדזערע „הייליקע קי". אויף ווידערזען. אַ דאַנק!

ער האָט זיך געקליבן אַוועקצוגיין, בעת מיך האָט אַרומגענומען דער אַלטער פחד פאַר די צייטונגס-רכילות. איך האָב זיך דאָך נישט געקאָנט באַווייזן אין דער עפנטלעכקייט אַלס אַ פּאַרטיידיקער פון אַ באָלשעוויק. איך האָב נאָכגעשריגן דעם רעפּאָרטער:

— יונגערמאַן!

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַ העפלעכן אויסדרוק אויף זיין פנים.

— איך הזר אייך איבער, אַז דער הער טישלער איז נישט קיין ראַדיקאַל. איך בעט אייך דאָס צו געדענקען.

און באַמערקנדיק דעם אומגלויבלעכן שמייכל אויפן פנים פונעם יונגנמאַן, האָב איך אויסגעשריגן נאָך העכער:

— ער איז אַ קריסט!

דער רעפּאָרטער האָט זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

# זיבנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צום הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דאָרט האָט געהערשט גרויסע אויפרעגונג, צוליב די געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען נעכטן פאַרן „פרינצן רעסטאָראַן". בעלד דעמאָלט, בעת דעם אַרויסגיין פון לאָקאַל, האָב איך געטראַכט, ווי ברוטאַל די פּאָליציי האַנדלט אויף דער גאַס. אָבער איצטער זענען די אויסדריקלעכע באַווייזן געווען די אַרומגעבונדענע קעפּ, די בלוי צעשלאָגענע הענט און ברוסטן.

אין אַ גרויסן זאַל האָט אַן אויפגערעגטע מאַסע גערעדט אין אַ צענדליק שפּראַכן וועגן די עולה, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן לגבי די אָנגעשטעלטע פון רעסטאָראַן. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אַכט פון זיי געפינען זיך אין שפּיטאָל, און אויף עטלעכע פון זיי איז געווען ווינציק האָפנונג, אַז זיי זאָלן בלייבן ביים לעבן. און דאָס אַלץ איז געשען דעמאָלט, בעת מיר האָבן געגעסן אינעווייניק און בעת דער טישלער האָט געוויינט.

דער און יענער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ צייטונג — די פרימאָרגן צייטונגען האָבן מיטגעטיילט, אַז אַ צעווילדעוועטער באַוואָפנטער המון האָט זיך געוואָלט אַריינרייסן אין רעסטאָראַן און נאָר מיט גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן די העלדישע פּאַרטיידיקער פון דער אָרדנונג זיי אָפּצושטיפן. איינער האָט מיט כעס צעקנייטשט דעם צייטונג בעתן לייענען און אויסגעשריגן הויך אויפן קול:

— ליגנער! נידערטרעכטיקער ליגנער! און נאָך אַנדערע ווערטער, וואָס זענען לחלוטין נישט פּאַסיק אָפּצודרוקן.

איך האָב דערזען, אַז ס'איז געווען אַ פעלער צו לאָזן דעם טישלער צו גיין אַהער. דאָס איז נישט געווען קיין פּאַסיק אָרט פאַר אַ מענטש, וואָס איז נישט צופרידן פון דער אָרדנונג אויף דער וועלט. דעם פּראָלעטאַריאַט האָט מען געמאַכט טויזנטער הבטחות, כדי זיי זאָלן מיטהעלפן צו געווינען די-

מלחמה; און איצטער, אַז זיי זענען זיך געקומען מאָנען דאָס ווייעריקע, האָט מען זיי געקאָפּעט און אַראָפּגעשליידערט פון די טרעפּ. די לוינען זענען געוואָרן „ליקווידירט", ווי שיין דאָס וואָרט קלינגט, דאָך האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן, וואָס האָבן זיך כסדר פאַרענדיקט מיט אַן אַדורכפאַל. די שטרייקנדע זענען תּמיד באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט, מען איז אויף זיי אָנגעפאַלן אויף דער גאַס, די שפּיאָנען האָבן פאַרראַטן די אָרגאַניזאַציעס, פּראָוואָקאַטאָרן האָבן זיך אַריינגעריסן אין זייערע רייען.

די גאַנצע עלנטע מאַסע, וואָס דערדאָזיקער צושטאַנד האָט דערפירט צו דער לעצטער אָרעמקייט, האָב איך דערזען פאַרזאַמלט אין אַ שיינעם נאָוועמבער-פרימאָרגן אינם הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. מ'האָט געזען איינגעדאַרטע גע-שטאַלטן פון מענער און פרויען, און אַפילו קינדער, וואָרום אַ סך זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע וווינונגען אויפן גאַס, זיי האָבן דאַן נישט געהאַט, וווהין צו גיין, אַלע זענען זיי געווען אָפּגעריסענע, פאַראָרעמטע, הונגעריקע, טייל האָבן גע-וויינט פון ווייטאָק, אַנדערע האָבן צונויפגעביילט די פויסטן אין אַן אומעכטיקן כּעס. מיין פריינט ט. ס., דער פילם-קעניג וואָלט דאָ געקאָנט אויספירן די פינקטלעכסטע פילם-אויפנאַמען פון מענטשלעכער אָרעמקייט, וואָס וואָלטן אַמשטאַרקסטן אויפ-געציטערט די פילנדיקע נשמה פונם נביא און איבערגעצייגט אים, אַז דאָס קאַפּיטאַליסטישע אַמעריקע איז נאָך ערגער, ווי דאָס אימפּעריאַליסטישע רוים.

דאָס באַווייזן זיך פונם כּישלער האָט לכתּחילה נישט געצויגן אויף זיך קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. דידאָזיקע מענטשן האָבן געליטן צופיל, אַז זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט עפּעס אַנדערש. זיי האָבן נאָר געגאַרט נאָך אַ מענטש, פאַר וועמען זיי זאָלן זיך קאָנען אַראָפּרעדן פון האַרצן און זיי האָבן זיך טאַקע באַלד אַרומגעזען, אַז דער פרעמדער איז דער פּאַסיקס-טער אָביעקט. ער האָט זיי געשטעלט אָן אַ שיער פראַגן, באַלד איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ מחנה, ער האָט

אויסגעזען, ווי אַ פּאָליצײ־שעף, וואָס ווערט אַן אויספאָרשונג. איך האָב אַ טראַכט געטון, אַז וואַרשיינלעך וועלן מיר דאָ פאַרבלייבן אַ גאַנצן טאָג; איך האָב זיך אַריינגעשטופּט אין אַ ווינקל, כּדי נישט באַמערקט צו ווערן.

אַרום מיטאָג צייט האָט אַ יינגל געבראַכט צייטונגען, איך האָב געקויפט די ערשטע אויסגאַבע פון "אָוונט־געשריי". יאָ, אונדזער געשיכטע איז אָפּגעדריקט געווען אויפן ערשטן עמוד. נישט קיין שריפה אין אַ האָפן און אַפילו קיין ערד־ציטערניש אין יאַפּאַן איז נישט בכוח געווען אָפּצושטופן דיזאָזיקע סענסאַציע אויפן צווייטן עמוד. אַקוראַט ווי כ'האָב פריער פאָרויסגעזען, האָט דער רעפּאָרטער דריימאָל אונטערגעשטראָכן דאָס, וואָס האָט געשמעקט מיט סענסאַציע: דער טישלער האָט זיך אַליין אָנגערופן נביא, וואָס האָט ערשט מיט פיר און צוואָנציק שעה צוריק פאַרלאָזט גאָט, און זיין נביאישן כּוח האָט ער באַוויזן דערמיט, וואָס ער האָט געהיילט בלינדע און לאָמע און גלייכצייטיק האָט ער היפּנאָטיזירט די אַלע, וואָס זענען נאָר געקומען מיט אים אין בארירונג, אָנהויבנדיק פון אַ קלובמאַן ביז צו יידישע פרויען. אַמעריקע האָט ער אָנגערופן אַ לאַנד פון פּעבל, ווו עס הערשן משוגעים.

איך האָב אים געוויזן דעם צייטונג. כּדי ער זאָל זיך אויסלערנען עטוואָס פּאָרזיכטיקייט, וואָס איז אַזוי נויטיק אויף דער וועלט. די נאָזלעכער האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן, און די אויגן האָבן זיך אים באַוויזן פלאַמען.

— פּעבל? די מענטשן פון דער צייטונג, דאָס איז דאָס אמתע פּעבל, דאָס ערגסטע, וואָס קאָן נאָר זיין.

ער האָט אַ וואָרף געטון די צייטונג אויף דער ערד און צוגעטרעטן זי מיטן פוס. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו די אַרומיקע:

— דערציילט ווי אַזוי מ'האָט אייך באַהאַנדלט.

איינער פון די מענער, אַ קליינער רוסישער שניידער, מיטן נאָמען קאָרווסקי, האָט אָנגעהויבן רעדן מיט אַ צעבראָכענעם ענגליש, אַז ער איז דער סעקרעטאַר פון שנייזער

פאַריין, ערשט נישט לאַנג האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ שטרייק־אַקציע. אין איינע פון די לעצטע נעכט האָט מען אויסגעפירט אַן אָנפאַל אויף זייער ביוראָ, מ'האָט אויסגעבראָכן די טיר, ארויסגעגנבעט פאַפירן און דאָקומענטן. ווי ס'ווייזט זיך אַרויס איז דאָס געווען אַן אַרבעט פון די ברויט־געבער, אָדער פון זייערע אַגענטן, ווייל זיי האָבן נאָר מיטגענומען פאַפירן, וואָס זענען געווען נוצלאָך צום ברעכן דעם שטרייק, זיי האָבן איצט אַ רשימה פון אונדזערע מיטגלידער — האָט קאָרווסקי געזאָגט — צו וועלכע זיי שיקן איצט מענטשן, אַז זיי זאָלן זיי מיט כל ערליי איבערשרעקונגען צווינגען זיך אומצוקערן צו דער אַרבעט. קוים באַקומען אונדזערע מיידלעך, עפּעס אַן אַרבעט אין די מאַגאַזינען, ווערן זיי תיכף אָפּגעזאָגט. מיר ווערן געפייניקט צום טויט.

ער האָט אויפגעוויזן, אַז דער אָנפאַל און דער איינברוך האָט נאָר געקאָנט פאָרקומען מיט דער הילף פון פּאָליציי; קיינער האָט זיך נישט גערירט, כדי צו אַרעסטירן די שולדיקע, זיין קול האָט געציטערט פון אויפרעגונג, דער טישלער האָט אַ בליק געטון אויף מיר.

— איר פאַרמאָגט פעבל, וואָס גייט אַרום ביינאכט מיט בלינדע לאַמטערן און מיט מכשירים פון איינברעכער.

צווישן די מענטשן האָב איך באַמערקט אַ מאַן, וואָס איז שטאַרק ענלעך געווען צום טישלער. ער איז געווען הויכגעוויקסיק, דאַר, און אָנשטאָט די ווייסע אַמעטיסט־מלבושים פון מיין נביא האָט ער געטראָגן אויף זיך אַרבעטער־מלבושים מיט פאַרשאַרצטע אַרבל; דער טישלער האָט געטראָגן אַ ווייסע באָרד און יענער מאַן איז געווען אויסראַזירט און מ'האָט געזען, ווי דאָס אדם־עפּעלע באַוועגט זיך כסדר אונטער די הויט פון זיין האַלדז. ער האָט אויסגעזען, ווי אַן אַגיטאַטאָר מיט אַ קריסטלעכע באַפאַרבונג. איך האָב געהערט, ווי ער האָט געזאָגט:

— איך בין אַ קריסט, אָבער איינער פון יענע, וואָס באַקעמפן די אומגערעכטיקייט, איך וועל אייך ווייזן דעם

טעקסט פון תנך, מיט ווערטער פון גאָט וועל איך אייך באַווייזן דעם אמת דערפון, וואָט איך רעד.

דערדאָזיקער מענטש האָט געהייסן דזשעמס און ער איז געווען, ווי איך האָב זיך דערוווּסט, איינער פון די שטרייקנדע טישלער. דער נביא האָט זיך צו אים געווענדעט:

— דערציילט אייער געשיכטע.

דזשעמס האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ פעט נאָטיץ־ביכל און ארויסגענומען פון אינעווייניק אַן אויסשניט פון אַ צייטונג, וואָס ס'האָט אַנטהאַלטן דעם אורטייל פון ריכטער וואַלקאָט אין פּראָצעס פונם פּראָפעסיאָנעלן טישלער־פאַריין.

— ביטע, לייענט דאָס — האָט ער געזאָגט צו מיר. אָבער איך האָב אים געענטפערט, אַז מיר איז די דאָזיקע געשיכטע באַקאַנט. איך האָב זיך דערמאָנט, אז מיין פעטער האָט דערציילט דערפון מיט אַ געלעכטערל ביים מיטאָג און ער האָט נאָך צוגעגעבן אין אַ וויץ, אַז באָב וואַלקאָט האָט פאַרווערט די שטרייקנדע אַלצדינג, ער האָט זיי נאָר דערלויבט צו זיצן אויף דער לופט און צו שפּאַצירן אויפן וואַסער. איצט האָב איך געהערט פון מויל פון אַ נאָר־וואָס געקומענעם פון גאָט אַן אַנדערע מיינונג וועגן באָב וואַלקאָט.

— אייערע ריכטער זענען פעבל—האָט דערדאָזיקער פּראָפעט געזאָגט.

## אַכטאונצוואָנציקסטער קאַפּיטל

באַלד וואָכדעם האָט זיך אַריינגעשטופּט אין צימער אַ יונגערמאַן, און איך האָב דערקענט אין אים איינעם פון די סעקרעטאַרן פון הער ט. ס., ער האָט מיר געשעפּטשעט אין אויער אַריין, אַז זיין שעף זיצט אין אויטאָמאָביל און, אַז ער פאַרלאַנגט צו רעדן מיטן טישלער און מיט מיר; עס האַנדלט זיך אין עפּעס וויכטיקס. ער וויל נישט אַרויפקומען, ווייל

דאָס וואָלט צופיל געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. צי מיר וואָלטן נישט געקענט דורכמאַכן מיט אים אַ קליינעם שפּאַציר?

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך פּערזענלעך וואָלט עס גערן געטון, אָבער דער טישלער וועט וואַרשיינלעך נישט מסכים זיין דערויף, ווייל ער האָט נעכטן בייגעוווינט דעם אויטאָמאָביל-פּאָרפאַל און ער וויל שוין מער נישט פאָרן אין אַן אויטאָמאָביל.

דער סעקרעטאַר האָט מיך געפרעגט, אויב מיר קענען זיך נישט צוזאַמענטרעפן אין וועלכן ס'איז אַנדערן לאָקאַל? איך האָב געבעטן ביי איינעם פון די באַאַמטע פונם הויז, ער זאָל מיך אריינלאָזן אין אַ ליידיקן צימער דורכצושמועסן זיך מיט איינעם אַ פריינט. מיט מי האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּ-צורייסן דעם טישלער פונם המון און אים מיטנעמען מיט זיך. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן דער סעקרעטאַר צווערט און ט. ס.

דער גרויסער מאַן האָט אונדז האַרציק געדריקט די הענט, ער האָט זיך אומגעקוקט, צי קיינער הערט נישט אונ-טער און ער האָט געשעפּטשעט:

— הער טישלער, איך האָב אייך צוגעזאָגט צו געבן פאַר די שטרייקנדע טויזנט דאָלאַר.

דאָס בלייכע פּנים פונם טישלער האָט אויפגעשטראַלט.

— איך האָב לחלוטין פאַרגעסן. דאָרט זענען דאָך פאַראַן אַזויפיל הונגעריקע, איך טראַכט כסדר וועגן דעם, ווי אַזוי איך זאָל זיי שפּייזן.

— דאָס איז זייער גוט, אָט דאָ האָט איר.

ט. ס. האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּעקל נייע הונדערט-דאָלאַר-באַנק-נאָטן.

— ביטע איבערציילן.

דער טישלער האָט גענומען דאָס געלד אין דער האַנט.

— אָט דאָס איז עס?

ער האָט באַטראַכט די שיינע באַנקנאָטן מיט פאַראינ־
טערעסירונג, ווי זעלטענע שאַפונגען פון פּאַטאַגאָניען
— דאָס איז פיין מאַטעריאַל — האָט זיך ט. ס. פאַנאַנ־
דערגעלאַכט.
דאָס מאַטעריאַל, צוליב וואָס די מענער פאַרקויפן זייערע
נשמות און די פרויען זייער צניעות, צוליב דעם טוט איר זיך
קעגנזייטיק אויסהונגערן, שלאָגן און פייניקן...
— זענען דען די באַנקנאָטן נישט גענוג שיין — האָט
דער פילם־קעניג געפרעגט עטוואָס אין פאַרלעגנהייט.
דער טישלער האָט באַטראַכט די באַנקנאָטן, ווי מיר
פלעגן עס טון קינדווייז.
— וועמענס איז דאָס בילד?
— כ'ווייס נישט. וואַרשיינלעך פון פינאַנס־מיניסטער.
— און פאַרוואָס איז נישטאָ דערויף אייער בילד, הער
ט. ס.?
— מיין?
— אודאי.
— מיין בילד אויף די באַנקנאָטן.
— פאַרוואָס נישט? איר מאַכט דאָך דאָס געלד און איר
העלפט אַנדערע עס צו מאַכן.
דאָס איז געווען איינע פון יענע גאַנץ נייע געדאַנקען,
וואָס מיר הערן טיילמאָל פון אַ קינד אָדער פון אַ זשעני.
איך האָב באַמערקט, אַז ט. ס. האָט נאָך קיינמאָל דער־
פון נישט געטראַכט, אָבער איצט האָט ער זיך דערמיט פאַר־
אינטערעסירט. דער טישלער האָט ווייטער געזאָגט:
ווען אייער בילד וואָלט געווען דערויף, דאַן וואָלט יע־
דער איינער געוווּסט, וואָס דאָס באַדייט. די מענטשן וואָלטן
געזאָגט: גיט דעם הער ט. ס. וואָס אים קומט. בעת איר צאָלט
אייערע מענטשן, וואָלט איר עס געטון מיט אייער אייגן געלט.
און בעת די מענטשן וואָלטן אויסגעגעבן דאָס געלט, וואָלטן
זיי זיך געבוקט פאַרן קיסר, איך מיין צו זאָגן פאַר ט.ס.
ער האָט דאָס געזאָגט אָן דעם מינדעסטן שפּור פון

לאַכן, און אויך ט. ס. האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט עס לחלוטין נישט אָנגענומען פאַר אַ וויץ, ווייל ער האָט זיך אָפּ־גערופן ערנסט:

— איך וועל זיך נאָך דעריבער פאַרטראַכטן. און דאָס צעטיילט די שטרייקנדע...

אָבער דער טישלער האָט אים איבערגעריסן:

— איר זאָלט עס צעטיילן. איך קאָן נישט נעמען געלט און נישט געבן.

— ווילט איר עס נישט זיי צוטראָגן?

— איך קאָן דאָס נישט טון, הער ט. ס.

— אָבער מענטש...

— איר האָט צוגעזאָגט, אַז איר וועט קומען צו צעטיילן דאָס געלט. טוט עס איצטער.

— אָבער הער טישלער, וויבאַלד איך זאָל דאָסדאָזיקע טון, וואָלט עס מיך געקאָסט אַ מיליאָן דאָלאַר. איך וואָלט זיך איינגעריסן מיטן סוחרים־און פאַבריקאַנטן־פאַרבאַנד, זיי וואָלטן מיך באָיקאָטירט, זיי וואָלטן מיך געמאַכט אונמעגלעך צו זיין אין לאַנד. איר ווייסט נישט, וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר, הער טישלער!

— איך פאַרשטיי — איר שטייט אין געשעפטסלעכע־פאַר־בינדונגען מיט מענטשן, וואָס צווינגען די אָרעמע דורך הונגער זיך אונטערצוגעבן, און דערפאַר פאַרפעלט אייך מוט צו געבן הילף די שטרייקנדיקע, איר האָט מורא צו שפייזן די אָרעמע!

אַ שטויגענדיקער, נישט ערדישער אויסדריק האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים.

— די גאַנצע וועלט איז אָרגאַניזירט — האָט ער געמורמלט צו זיך, דאָס פעבל פון די האַרץ. וואָס קאָן איך טון, כדי צו ראַטעווען דאָס פאָלק?

ט. ס. האָט זיך גוטמוטיק איינגעזעקשנט:

— איר קאָנט פאַנאַנדערטיילן די מענטשן טויזנט דאָלאַר און דערמיט זיי ווירקלעך אַרויסהעלפן, קיינער קאָן נישט טון, פּלין.

דער טישלער איז נאָך אַלץ נישט געווען צופרידן; ער האָט פאַרזאָרגט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ:

— נעמט דאָס צו — האָט ער געזאָגט, און ער האָט אַריינגעשטופּט דאָס פּעקל באַנקנאָטן אין דער האַנט פון פאַר־חידושטן פילם־קעניג.

ט. ס. איז אָבער דאָ אַהערגעקומען צו אַ באַשטימטן צוועק, און איך האָב זיך משער געווען, וואָס אים האָט געבראַכט דאָ אַהער. ער האָט דערשטיקט זיין צעטומלטקייט און די איבריקע געפילן און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— גוט, גוט, הער טישלער, מיר וועלן זיך דאָך נישט איינרייסן. די מענטשן זענען הונגעריק, מיט דעם געלט קאָן מען פאַר זיי איינקויפן אַ געניגנדע צאָל עסן. מיר וועלן שוין געפינען עמעצן, וואָס וועט זיי דאָס געלט איבערגעבן... און מיר ביידע קענען חוצדעם פאַרבלייבן גוטע פריינט. ביל, איר וואָלט נישט געוואָלט אָוועקטראָגן זיי דאָס געלט?

איך האָב זיך לאַכנדיק אַרויסגעדרייט — איך מיש זיך נישט אין אייערע סכסוכים. — האָב איך געזאָגט.

— נו, מילא, — האָט ט. ס. געזאָגט. אָבער באַלד איז אים געקומען עפּעס אויפן געדאַנק:

— איך ווייס שוין. מערי מאַגנע וועט קענען זיי איבער־געבן דאָס געלט. דאָס איז נאָר פּאַסיק פאַר אַ פרוי...

דער טישלער האָט אַ קוק געטון אויף אים פאַרחידושט.

— פרויען דאַרפן, הייסט עס, יאָ האָבן אַ האַרץ?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, הער טישלער. כאַ, כאַ, כאַ... מיר געשעפטס־לייט זענען גאָר עפּעס אַנדערש. ווען איר זאָלט וויסן, וואָס דאָס הייסט אַזוינס מאַכן געשעפט, איר וואָלט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי מיר האָבן נאָך גענוג האַרץ, כדי אויפצו־האַלטן אין זיך אונדזער בלוט־קרייז.

— יאָ, די געשעפטן — האָט דער טישלער געזאָגט פאַר־טראַכט — הייסט עס, די געשעפטן...

— אַוודאי, אוודאי די געשעפטן — האָט אים ט. ס. אי־בערגעריסן — קיין שום זאַך אַ חוץ די געשעפטן. — ער האָט

ערשטיקט זיין קול און זיך אַרומגעקוקט אַרום — איבריקנס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן רעדן געשעפטסלעך, הער טישלער. איך וויל זיין צו אייך אויפריכטיק, שפּילן מיט אייך אין אָפענע קאָרטן. איך האָב נאָר וואָס געלייענט דער צייטונג און זיך דערוווּסט, אַז איר באַווייזט וווּנדער, היילט קראַנקע, באַרויקט דעם אויפגערעגטן המון און אַזוי ווייטער. דעריבער מיין איך, אַז איך קאָן אייך העכערן דאָס געהאַלט, וואָס כ׳האָב אייך פאָרגעלייגט. הער טישלער, וויבאַלד איר וועט אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט, וואָס איך האָב דאָ ביי זיך, וועל איך אייך אויסצאָלן יעדערע וואָך טויזנט דאָלאַר. וואָס זאָגט איר דערצו, מיין פריינט?

דער טישלער האָט גאָרנישט געענטפערט, און דער פילם-קעניג האָט אים גענומען שילדערן די קינסטלערישע טריומפן, וואָס ער וועט קאָנען דערגרייכן:

— איך וועל מאַכן פאַר אייך אַ פילם, וואָס איז נאָך אויף דער וועלט נישט געזען געוואָרן. אין דעמדאָזיקן שטיק וועט איר קאָנען טון, וואָס איר וועט וועלן, אַלץ וואָס וועט אייך פאַרשאַפן פרייד, איר קאָנט זיך צו יעדער צייט אָפּזאָגן, וויבאַלד עס וועט זיין קעגן אייער ווילן. דאָס האָב איך נאָך קיינעם נישט פאָרגעלייגט, אָבער אייך קען איך, הער טישלער, פון אייך פאַרלאַנג איך נאָר בלויז, אַז איר זאָלט היילן קראַנקע, באַרויקן דעם המון, ווי איר האָט דאָס געטון היינט. איך געב אייך מיין ערנוואָרט, און וויבאַלד איר ווילט, וועל איך איינשרייבן נאָך אַ פּונקט אין קאָנטראַקט, אַז איך וועל אויספירן בילדער פון תנך.

— דאָס איז זייער פריינדלעך פון אייער זייט, הער ט. ס. און איך דאַנק אייך פאַר אייער קאָמפּלימענט, אָבער איך האָב מורא, אַז פאַר מיין ראָל וועט איר מוזן אויסזוכן עמעצן אַנדערש.

— פאַרטראַכט אייך, הער טישלער, וואָס עס באַדייט אין אייערע הענט יעדערע וואָך טויזנט דאָלאַר. — איר קאָנט שוין דערמיט שפּייזן אַלע קינדער פון די שטרייקנדע. יאָ, איר קאָנט

אפילו אונטערשטיצן מיינע אַרבעטער, וויבאַלד אין דער „איי-בּיקער שטאָט" זאָל אויסברעכן אַ שטרייק. טויזנט דאָלאַר, דאָס איז אַ שיינע מטבעה.

— איך ווייס עס, מיין פריינט.

— נאָך בעסער, איך בין גרייט צו געבן אייך פינף טויזנט דאָלאַר באַלד נאָכן אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט — מיטן דאָזיקן געלט קאָנען די שטרייקנדע אַרבעטער געווינען דעם שטרייק אינם „פּרינצן-רעסטאָראַן".

און בעת דער טישלער האָט נאָך אַלץ כּסדר געשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט ער צוגעגעבן:

— איך וועל גיין נאָך ווייטער, מיין פריינט, אָבער דאָס איז שוין מיין לעצטער פאָרשלאַג. איך בין גרייט אייך צו געבן טויזנט פינף הונדערט דאָלאַר וועכנטלעך, אַזאַ הויכן לוין האָב איך נאָך נישט געצאָלט קיין שום אומבאַקאַנטן אַקטיאָר און איך בין זיכער, אַז אין אונדזער בראַנזשע האָט נאָך קיינער דאָס נישט געטון.

אָבער דער טישלער האָט כּסדר געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— צי וועט איר מיר וועלן זאָגן, פאַרוואָס איר וואַרפט אָפּ מיינע פאָרשלאַגן?

— אדרבה. איר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל פאַר אייך באַ-רויקן דאָס פעבל, און אין אייער מסחר איז פאַראַן אַ סך פעבל, מיט וועלכע איך וואָלט זיך גאָרנישט געקאָנט קיין עצה געבן.

— וואָס פאַרא פעבל

— צווישן זיי אויך איר.

— איך?

— יאָ, איר געהערט צום פעבל — צום געלט-פעבל! איר רייסט אַרויס מיט גוואַלט די נשמות פון די מענער און פרויען. ס'איז נויטיק אַ שטאַרקערע מאַכט, כּדי זיך אַן עצה צו געבן מיט אייך.

— איך פאַרשטיי אייך נישט — האָט ט. ס. געזאָגט אומ-באַהאָלפן; ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דאַן

האָט ער געזאָגט: איך בין מודה, אַז איך בין אַ געוויינלעכער מענטש, הער טישלער... און איך ווייס, אַז מיינע פילמען שטיין נישט אויף אַ קינסטלערישער מדרגה. אָבער וויבאַלד איר וואָלט געוואָלט מיט מיר מיטאַרבעטן, וואָלטן מיר געשאַפן דערציִונגס־פילמען.

— איר זענט פון די, וואָס מ׳רופט נביאים, איר זענט געקומען צו דער וועלט מיט אַ שליחות, פאַרוואָס ווילט איר נישט, אַז איך זאָל זי פּאָפּולאַריזירן? באַנוצט אייך מיט מיין אַפּאַראַט, איר וועט קאָנען רעדן צו מיליאַרדן מענטשן. דאָס איז נישט קיין געלעכטער; איך ברענג זיי אַלע צו אייך — די יאַפּאַנער, כינעזער, נעגער, די שוואַרצע מענטשן מיט די וואָלקעס, וואָס עסן אויף אייערע מיסיאָנערן, בעת זיי קומען צו זיי אַהין. איך געב אייך איבער די גאַנצע וועלט און איר וועט איבער איר הערשן...

דאָס פּנים פון טישלער איז מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט.

— מיין פריינט — האָט ער געזאָגט — שוין זייער לאַנג האָט געלעבט אַ נביא, וועמען מ׳האָט געוואָלט אַוועקגעבן די וועלט. מען דערציילט אונדז וועגן דעם: „און ווידער האָט אים דער שטן מיטגעפירט מיט זיך אויף אַ הויכן באַרג און ער האָט אים געוויזן אַלע קעניגרייכן פון דער וועלט און דאָס גאַנצע הערלעכקייט און ער האָט צו אים געזאָגט: דאָס אַלץ וועל איך דיר אַוועקשענקן, וויבאַלד דו וועסט אַנידערפאַלן און צו מיר תפילה טון. דערמאָנט איר זיך די דערציילונג, הער ט. ס.?

— ניין, איך בין נישט קיין ליטעראַט.

אָבער דאָך האָט ט. ס. באַמערקט, אַז די גאַנצע געשיכטע איז פאַר אים גראָד נישט קיין פריילעכע, און ער האָט אַרויסגעוויזן, אַז ער פילט זיך געטראָפן.

— איך זאָג אייך, הער טישלער, וויבאַלד איר וואָלט מיך בעסער געקענט, וואָלט איר מיך נישט אָנגערופן שטן.

יענער האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן אַקסל פונם גרויסן מאַן:

— איך גלויב אייך, מיין פריינד. איך האָב פיינט די זינד און איך האָב ליב די פאַרברעכער. ווייסט איר וואָס, קומט איר היינט מיט מיר אויף מיטאָג.

— אויף מיטאָג? — האָט ט. ס. געפרעגט צעטומלט.

— נעכטן בייגאַכט האָב איך געגעסן מיטאָג מיט אייך קומט איר איצט עסן מיט מיר.

— וווהין, הער טישלער?

— אַז איך בין געפאָרן מיט ייך האָב איך אויך נישט געפרעגט, וווהין איר פירט מיך.

# ניינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

דער טישלער האָט אַ ווונק געטון צו מיר און צו עווריטן, דעם סעקרעטאַר, דאַן האָבן מיר אַלע פיר פאַרלאָזט דאָס צימער. פונקט ווי דער פילם-קעניג, האָב איך די מינדעסטע השגה נישט געהאַט, וווהין מיר גייען, אָבער איך האָב געשוויגן, דער טישלער האָט אונדז צוגעפירט צו דער ווינדע און דאַן אונדז אַרויסגעפירט אויף דער גאַס.

— ניין — האָט ער געזאָגט צו ט. ס. — איר דאַרפט זיך נישט באַנוצן מיט אייער אויטאָמאָביל, דאָס איז נישט ווייט, באַלד אויף דער צווייטער גאַס...

ער האָט דעם פילם-קעניג גענומען געאָרעמט און ער האָט אים געפירט לענגאויס די גאַס — ער האָט זיין קרבן פאַרשאַפט דערמיט ווייניק פרייד, וואָרום הינטער אונדז איז נאָכגעגאַנגען אַן עולם נייגעריקע. די מענטשן האָבן שוין געהאַט געלייענט די נאָכמיטאָג-צייטונגען. עס איז שוין נישט געווען מעגלעך לענגער צו שפּאַצירן אומבאַמערקט צוזאַמען מיט אַ נביא, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון גאָט און האָט נאָך פאַר פרישטיק געהיילט קראַנקע און איינגענומען דאָס פעבל. ט. ס. האָט פאַרקריצט מיט די ציין, ער האָט געדולדיק איבערגעטראָגן אַלץ, מיט דער האָפנונג, אַז דאָס וועט אים העלפן צום קאָנטראַקט.

מיר האָבן זיך פאַרנומען אין אַ זייטיקער גאַס, און בעת איך האָב דערזען, ווהין מיר גייען, האָב איך שיער נישט אויסגעשריגן פאַר פרייד. ניין, דאָס איז געווען צו גוט, אַז ס'זאָל זיין אמת! דער טישלער האָט זיך דערוווסט פון די שטרייקנדע, ווו ס'געפינט זיך זייער שטרייק-קיך און מיט אַנטשלאָסענע דרייסקייט געשלעפט אַהין דעם פילם-קעניג.

מיר זענען אַריין אין אַ גרויסע שטוב, ווו ס'זענען געשטאַנען לאַנגע טישן און אַלטע, נישט געהעבלטע בענק. פרויען און קינדער זענען געזעסן אין לאַנגע רייען, ביי יעדן פון זיי איז געשטאַנען אַ טעלער וואַסערדיקע זופּ און אַ בלעכן טעפּל מיט אַ העל-ברוינע געטראַנק, וואָס מ'האָט לשם העפלעכקייט אָנגערופן קאַווע. דער געמיינסטער סטאַטיסט פון הער ט. ס. וואָלט פאַראַכטעט אַזאַ מיטאָג. און אָט יעצט האָט ט. ס. אַליין באַדאַרפט אַזוי גוט זיין און אַוועקזעצן זיך אויף דער-דאָזיקער נישט געהעבלטער באַנק און אויפעסן אַ מיטאָג. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ. בעת מיר זענען צוגעגאַנגען צום טיש האָט זיך דער טישלער געווענדעט צום פילם-קעניג און אָן דעם מינדעסטן שפּור פון פאַרלעגנהייט געזאָגט צו אים:

— איר ווייסט, הער ט. ס., אַז איך האָב נישט קיין געלט און דאָ מוזן מיר באַצאָלן.

— נאַטירלעך—האָט ט.ס. געענטפערט האַסטיק—איך וועל צאָלן.

— אַ דאַנק.

און תיכּף האָט ער זיך געוואָנדן צו איינעם פון די באַאַמטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען מיט וועמען ער האָט זיך נאָך באַקאָנט אינדערפרי. ער האָט פאָרגעשטעלט אונדז אַלע און צוגעגעבן:

— הער ט. ס. איז אַ פילם-פאַבריקאַנט; ער וויל דאָ געבן עסן אַ מיטאָג, וויבאַלד איר וועט דערלויבן.

— מיט פאַרגעניגן האָט פריינדלעך געענטפערט דער פאַריינס-פאַרוואַלטער.

— ער וועט באַצאָלן פאַר דעם עסן. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך צו דעם צוועק טויזנט דאָלאַר.

ט. ס. האָט אויפגעציטערט, ווי ער וואָלט באַקומען אַ קלאַפּ, און אויך דער באַאַמטער, שטאַרק צעטומלט פון די ווערטער, האָט אויסגערופן:

— וואָס?

— ער וועט באַצאָלן טויזנט דאָלאַר — האָט דער טישלער איבערגעחזרט — איר קאָנט דאָס זאָגן די מענטשן, אויב איר ווילט.

— מיין גאָט, ניין! — האָט ט. ס. אויסגערופן ווילד.

אָבער דער פּאַריינס-באַאַמטער האָט לחלוטין נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע ווערטער. ער האָט אויסגעצויגן די הענט אין דער הויך און אָנגעהויבן רופן:

— חברים און חברטעס! דאָ געפינט זיך הער ט. ס., דער פילם-פאַבריקאַנט, ער איז געקומען מיט אונדז עסן אַ מיטאָג און ער וועט באַצאָלן דערפאַר טויזנט דאָלאַר!

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, פול מיט שטיינונג. נאָכדעם האָט פּלוצלינג אויסגעבראָכן אַ ווילדער ליאַרם, די מענטשן האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע ערטער און געלאָפן מיט אַ געשריי פון צופרידנקייט. דער אָרעמער ט. ס. איז געשטאַנען נידערגעשלאָגן; דידאָזיקע אָוואַציע האָט אים לחלוטין נישט אָנגעטון קיין נחת רוח.

— גיט דאָס געלט — האָט דער טישלער געשעפּטשעט, און דער פילם-קעניג האָט באין ברירה דערלאַנגט דאָס פּעקל באַנקנאָטן דעם באַאַמטן, וואָס איז אַרויפגעשפּרונגען דערמיט אויף אַ שטול און געוויזן די מענטשן דאָס ווונדער:

— טויזנט דאָלאַר! — האָט ער געשריגן — טויזנט דאָלאַר!

און ער האָט געציילט דאָס געלט אין קעגנוואַרט פון די איבעריקע, און דערביי הויך געשריגן:

— טויזנט דאָלאַר!

דער טישלער, וואָס איז באַגלייט געוואָרן פון ט. ס., פון סעקרעטאַר און איך, איז געגאַנגען לענגאויס די טישן, דערלאַנגט די הענט דעם און יענעם פון די זיצנדיקע, טייל האָבן אים געקלאַפּט איבער די אַקסל. אויך ט. ס. האָט דערלאַנגט די האַנט און

האָט אויך געקלאַפּט איבערן אַקסל. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און מ'האָט אונדז באַלד דערלאַנגט טאָפּלטע פּאָרציעס, ווי זיי וואָלטן געוואָלט נאָך שווערער מאַכן דעם פילם-קעניגס גורל. איך האָב געקוקט אויף אים פון דער זייט; ער האָט געגעסן די דערלאַנגטע מאכלים, ווי דער טישלער נעכטן אינעם „פּרינצן-רעסטאָראַן".

אָבער ווי ס'זאָל נישט זיין, האָט ער זיך זייער פיין צוגעפּאַסט צו זיין איצטיקער ראָלע. קיין איינאיינציקער טרער איז נישט אַראָפּגעפּאַלן אין טעלער, און דער טישלער האָט געגעסן מיט אמתן אַפּעטיט, וואָרום ער נאָך היינט גאָרנישט געהאַט געגעסן. די שטרייקער האָבן געגעסן נישט ווי ס'וואָלט געווען פרישטיק, נאָר די נעכטיקע וויעשטערע, זיי האָבן געלאַכט, געפּלוידערט, געוויצלט זיך מיט אונדז — מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז זיי פייערן זייער נצחון, אַז דער שטרייק איז שוין פאַרענדיקט און, אַז ס'האָט שוין גענומען אַ סוף צו זייערע אַלע צרות.

פּלוצלינג האָב איך באַמערקט אין דער טיר צוויי פיין געקליידעטע יונגע מענטשן. איך האָב אַ שמייכל געטון, פאַר מיינע אויגן האָב איך געזען אַ נייעם אויפשריפט אין דער צייטונג:

## אַ נביא פון גאָט צווינגט אַ פילם-קעניג צו באַצאָלן טויזנט דאָלאַר פאַר אַ מיטאָג.

אָבער איך האָב גוט געוווסט, אַז ט. ס. האָט נאָך קיינמאָל נישט באַצאָלט טויזנט דאָלאַר, נישט צו באַקומען דערפאַר עפּעס צוריק. און דערפאַר האָב איך זיך לחלוטין נישט געוווּנדערט, וואָס נאָכן אַריינצווינגען אין זיך דאָס מיטאָג, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין מכניס אורח און געפרעגט:

— נו, הער טישלער, איצטער שרייבט איר אונטער דעם קאָנטראַקט?

— איר מוזט מיך גוט פאַרשטיין, הער ט. ס., איר קאָנט נישט מיט מיר שליסן קיין קאָנטראַקט.

— פאַרוואָס?

— ווייל אויב איך וועל אים אונטערשרייבן, וועט איר באַלד אין אַ וואָך אַרום מיך בעטן, אַז מיר זאָלן אים בטל מאַכן.

— פאַרוואָס, הער טיש.ער?

— ווייל איך וועל .אָפּטון אַזעלכע מעשים, וואָס וועלן אונמעגלעך מאַכן צו דערהאַלטן וועלכעס ס׳איז באַציִונגען צווישן מיר און אייך.

— איך גלויב נישט דערין.

— איר מעגט גלויבן: איבעריקנס, אינגיכן וועט איר עס אַליין איינזען, שוין אין אַ טאָג אַרום וועט איר זיך שעמען, וואָס איר האָט מיך בכלל געקאָנט.

ט. ס. האָט געקוקט אויפן רעדנדיקן און נישט געוווסט, צי זאָל ער עס אָננעמען פאַר אַ גרויזאַמען אמת, צי פאַר אַ העפלעכן אויסרייד.

— הער טישלער! — האָט ער אויסגעשריגן — אפילו די גאַנצע וועלט זאָל אייך פאַרלאָזן, איך וועל אייך נישט פאַרלאָזן!...

אָבער דער טישלער האָט געזאָגט:

— „איך זאָג אייך, איידער דער האָן וועט געבן אַ קריי, וועסטו דריי מאָל חרטה האָבן, וואָס דו קאָנסט מיך״. — און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער פון צעטומלטן ט. ס. האָט ער זיך געוואָנדן צו אַ צווייטן שכן.

דער פילם-קעניג איז אַ ווײַלע געזעסן פאַרשטיינערט, ווי איבערגעשראָקן, לסוף האָט ער מיך געפרעגט:

— וואָס טראַכט איר ביל, וואָס איז ער דערמיט אויסן געווען?

— ווי מיר דאַכט זיך מיינט ער, אַז איר וועט שפּילן די זעלבע ראָלע, וואָס שמעון.

— שמעון? שמעון דייוויסאָן?

— ניין, דער הייליקער שמעון, וואָס האָט פאַרלייקנט זיין האַר.

— איר ווייסט דאָך יאָ — האָט ט. ס. געענטפערט גע-דולדיק — אַז איך בין נישט קיין ליטעראַט.

— איך וועל אייך נאָך אַמאָל דערציילן די געשיכטע. ס'איז זייער מערקווירדיק, וויבאַלד ער האָט רעכט, וועט איר זיין דער ערשטער גייסטלעכער, איר וועט זיצן ביים טויער פון גן-עדן, און איר וועט האַלטן אין אייערע הענט די שליס־לען פון הימלישן קעניגרייך.

— מיין גאָט. — האָט ט. ס. אויסגערופן.

— חוצדעם האָט איר געשלאָגן דעם רעקאָרד. איר האָט אין איין טאָג געשפּילט דעם שטן און דעם הייליקן שמעון. דאָס רוף איך באמת אָן אַ טאָפּל־ראָלע.

# דרייסיקסטער קאַפּיטל

בעת מיר זענען אָנגעקומען אינם הויז פון די פּראָפּעס־אָנעלע־פאַריינען, האָב איך זיך דערוווסט, אַז ביינאַכט וועט דאָרט פאָרקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון די שטרייקנדיקע. מ'האָט זי געפּלאַנט נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק. איצט האָט זי צוליב די געשעענישן באַדאַרפט גלייכצייטיק זיין אַ פּראָטעסט קעגן דער ברוטאַליטעט פון דער פּאָליציי און דעם ווילקיר פון דער רעגירונג. אַ פּאָפּולערער נאָכמיטאָג־צייטונג, וואָס האָט זיך אונטערגעחנפעט דעם פּראָלעטאַריאַט, האָט גע־בראַכט אַן אויפרוף, אונטערגעשריבן פון עטלעכע פירער, וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז לענגער קאָן מען זיך שוין נישט בויגן אונטער דער קאָזאַקישער־הערשאַפט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פירער האָבן געוואָלט בעטן דעם טישלער, אַז ער זאָל רעדן אויף דער באַנאַכטיקער פאַרזאַמלונג. צוויי פון זיי זענען צוגעקומען צו מיר און געוואָלט זיך דערוויסן וועגן אים פּרטים: באשר איך האָב שוין גע־הערט, ווי דער מענטש האָט גערעדט, צי גלויב איך, אַז ער וועט קאָנען מיטרייסן מיט זיך די צוהערער? איך האָב עס פאַרזיכערט, אַז עס שלאָגט פון אים אַן ערנסטקייט און ווירדע, זיין אָנטייל וועט פאַרשאַפן כבוד דער פאַרזאַמלונג. זיי

האָבן מורא געהאַט, טאָמער מאַכן אים די צייטונגען פאַר אַ נאַר, אָבער אָן דעם וועלן די צייטונגען אויך אויסלאַכן און באַשמוצן זייער גאַנצע פאַרזאַמלונג. אַ פירער פון די פּראָפּעס־יאָנעלע פאַראיינען האָט מיך געפרעגט, צי דער טישלער איז זייער „עקסטרעם"? עס קומט זיי אָן אַזוי אויך גענוג שווער איינצוהאַלטן די רויטע, און די אונטערנעמער מאַכן עס נאָך שווערער. אויב איך מיין, אַז דער טישלער וועט אונטערשטיצן די רויטע?

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך קאָן נישט אַזוי ווייט די אַרבעטער באַוועגונג, צו קאָנען אַרויסזאָגן מיין מיינונג; עדנפאַלס איז דער טישלער אַ פריינד פון שלום און ער וועט זיכער נישט רופן צו טעראָר.

צופעליק האָב איך אַ קוק געטון אין פענסטער און איך האָב באַמערקט עפּעס אויסערגעוויינלעכס: מערי, אָנגעטון באַשיידן, ווי אַ קוואַקערין, איז געפאָרן אין איר גרויסן אוי־טאָ, מערי אין געוויינלעכע קליידער, דאָס איז פּשוט אַ פענאָמען, וואָס מיר זען ס'ערשטע מאָל, זינט מיר קענען זי. זי האָט נישט געטראָגן אויף זיך קיין איין פּיצל צירונג, קיין איין שטיקל באַפּוצונג, און די סיבה פון דערדאָזיקער טראַנספּאָר־מאַציע, האָב איך זיך באַלד דערוווּסט — היינט אינדער־פרי האָט זי פאַרקויפט צו אַ יובילער איר גאַנץ צירונג פאַר זעקס טויזנט דאָלאַר, דאָס געלד האָט זי אַליין געבראַכט פאַר די קינדער פון די שטרייקנדע, און זי האָט קיינעם נישט גע־בעטן, אַז עמעצער אַנדערש זאָל עס פאַנאַנדערטיילן. מערי איז געוווינט געווען צו קוקן דער וועלט אין די אויגן — און זיך קיינמאָל נישט געוואַקלט ביי דעם, וואָס זי טוט.

פּ. ס. איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ נישט אַנטשלאָסענער און אַן אָפּגענאַרטער; לכתחילה האָט ער זי געפּרוווט אָפּרעדן פון דערדאָזיקער וואַנזיניקער פאַרשווענדונג, אָבער פאַר־טראַכטנדיק זיך אַ ווײַלע. האָט ער געזאָגט מיט אַ צופרידן שמייכעלע:

— איך וועל אין דער רעקלאַמע צוריק אָפּנעמען מיינע טויזנט דאָלאַר.

און בעת איך האָב דערמאָנט, אַז די צייטונגען וועלן אויף אַ זייער פאַרדעכטיקן אופן פאָרשטעלן די באַציונגען צווישן מערי און דעם טישלער, האָט זיך אַ ברייטערער שמייכל באַוויזן אויף זיין פּנים.

— טאָ איז וואָס? האָט ער דען נישט דאָס רעכט צו זיין פאַרליבט אין מערי? די גאַנצע וועלט איז דאָך אין איר פאַרליבט?

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז לעבן אונדז איז געשטאַנען אַ רעפּאָרטער און די ווערטער פונעם אַלטן ט. ס. זענען זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען איבער דער וועלט, ווי אַ האַלב־אָפיציעלע ידיעה.

דערווייל זענען זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען צוויי נאָכ־מיטאָג־אויסגאַבן, און אומעטום איז באַקאַנט געווען, אַז דער נביא פאַרברענגט אינם הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַרייניען. עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם פון נייגעריקע, צווישן זיי אַ טוץ רעפּאָרטערן און נישט ווייניקער פאָטאָגראַפיסטן. דער אָרעמער טישלער האָט נישט געהאַט קיין צייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. מ'האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל זאָגן, ווען ער וועט ווידער אָנהויבן געזונט צו מאַכן, ער זאָל זיך מער ווייניק אויסדרייען צו דער ליכט, בלויז אויף איין רגע, אָט אַזוי, אַ דאַנק. ער זאָל מיט פריילן מאַגנע און מיט אַ זון פון אַן אָנ־נעזעען הויז זיך לאָזן אַראָפּנעמען אין אַ גרופּע, צי וואָלט ער זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן פאַרן פילם, איידער עס ווערט פינס־טער?

עס איז דאָ אויך געווען אַ מין ערב רב, וואָס האָט גע־שריגן, געליאַרעמט, נישט האָבנדיק קיין ברעקל ווירדע, נישט מסוגל צו טראַכטן ערנסט. לסוף האָב איך געמוזט צורופן דעם וואַך־פּאָליציאַנט, אַז ער זאָל פאַרטרייבן די הינטלעך, וואָס האָבן געלאָקערט נאָך אַ סענסאַציע. איך האָב זיך געווענדעט צו [illegible] מיט אַן איראָנישע פראַגע, צי האָט עס אַ זין, אַז אַ מענטש,

וואָס האָט נאָר־וואָס אָפּגעוואָרפן טויזנט דאָלאַר וואָכן־געהאַלט, זאָל זיך שטעלן פאַר זייערע אַפּאַראַטן?

די אויפרעגונג איז נאָך גרעסער געוואָרן: — צי האָט דערדאָזיקער מענטש ווירקלעך אָפּגעוואָרפן אַזאַ פאָרשלאַג?

דער פילם־קעניג האָט באַשטעטיקט, אַז עס איז באמת אַזוי.

אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען דער עיקר פון דער סצענע. פלוצלינג האָט זיך דער המון אַ וויג געטון אויף צו ריק, קאָרווסקי, דער סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן־פאַריין פון די שניידער־אַרבעטער, האָט זיך באַוויזן, טראָגנדיק אין די אָרעמס זיין קליין זונדעלע. ער האָט זיך דערוווסט דעם טיש־לערס וווּנדערבאַרער היילונג, און אָט איצט האַלטנדיק פאַר אים דאָס קינד, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן די קלאָגעדיקע געשיכטע פון דעם קינדס געליימטע גלידער. וואָס פאַרא גוט, ליב קינד דאָס איז, ער באַקלאָגט זיך קיינמאָל נישט, הגם ער קאָן שוין פינף יאָר נישט שטיין אויף די פיסלעך.

דער טישלער האָט פאַרשטייט תיכף אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קינדס קעפּעלע און אָנגעהויבן תפילה צו טון. דערנאָך האָט ער אים אַ שטעל געטון אויף דער ערד און אויסגעשריגן.

— גיי!

אַלע האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דאָס יינגעלע האָט אַ קוק געטון אויפן טישלער און געשטעלט אַ טריט.

אַ געשריי פון התפעלות האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע־מענס הערצער. פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קנאַל, ווי אויס־געשאָסן פון אַ ביקס, אַ בליצשטראַל, אַ ווייסער וואָלקן רויך האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופט. עס האָט זיך געהערט אַ דורכדרינגלעך געשריי פון פרויען, טייל האָבן שיר נישט גע־חלשט, הגם עס איז דאָרט נישט געשען קיין שום אויסערגע־וויינלעכס. אַ רעפּאָרטער פון דער אומאָפּהענגיקער פרעסע־אַגענץ. וואָס האָט געלויערט אין אַ ווינקל פון צימער, האָט שטייענדיק אויף אַ לייטער, געמאַכט אַן אויפנאַמע.

— גוט אַראַנזשירט — האָבן געמורמלט די פיינטלעכע קאָנקורענטן און טייל האָבן אויסגעדריקט זייער איבערצייגונג, אַז די גאַנצע סצענע איז געווען אַ פריער צוגעגרייטע שפּיל צווישן טישלער און קאָרווסקין.

אָבער די פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן גוט געקענט דאָס קליינע שניידערל, און זיי האָבן געגלויבט. איצטער האָבן זיי שוין מער נישט געצווייפלט דערין, אַז דער טישלער וועט זיין אַ פּאַסיקער רעדנער אויף דער מאַסן־פאַר־זאַמלונג.

# איינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

מיר האָבן אַלע דערפילט, אַז מיר ווילן עסן מיטאָג, אָבער דער טישלער האָט דערקלערט, אַז ער וויל דאַווענען. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער תּמיד געטון אַזוי, ווען ער האָט זיך נאָר געפילט פאַרמאַטערט און געהאַט פאַר זיך עפּעס אַן אַר־בעט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט שוין אַליין טרעפן צום גראַנד־האָל, צום לאָקאַל, ווו עס האָט באַדאַרפט פאָרקומען די פאַרזאַמלונג, מיר אָבער איז שווער געווען מסכּים צו זיין צו דעם געדאַנק, אַז ער וועט מוזן אַליין גיין דורך די גאַסן. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך וועל דאָ זיין האַלב אַכט, און איך האָב אַרויסבאַקומען פון אים אַ צוזאָג, אַז ער וועט נישט פאַרלאָזן דאָס הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

דערווייל האָב איך זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וועמען איך וואָלט געקאָנט אָנטרויען די לייב־וואַך איבער אים. ס'איז מיר געקומען אויפן געדאַנק דער אַלטער דזשאָ. דזשאָזעף קעמפּער איז געווען אַמאָל אַ מיטגליד אין אַ פוסבאָל־מאַנשאַפט, צו וועלכע עס האָט אויך אָנגעהערט מיין ברודער. ער פאַרמאָגט אַ פּאָר פּלייצעס, ווי די גרעסטע שינקע אין אַ חזיר־געוועלב, און אויף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן, ווי אויף אַ ניי־פינלענדישן הונט. איך בין געווען זיכער, אַז אויב איך

וועל אים בעטן, אַז ער זאָל נעמען מיין פריינט אונטער זיין אויפזיכט, און נישט דערלאָזן קעגן אים באַגיין אַן עולה, וועט ער עס זיך אונטערנעמען, נישט געקוקט דערויף, וואָס מיין פריינט טראָגט נישט קיין הויזן, נאָר גייט אין לאַנגע, אָנגע-בלאָזענע מלבושים. דער אַלטער דזשאָע ווייסט גאָרנישט וועגן רעליגיע און סאָציאָלאָגיע, ער פאַרשטייט זיך בלויז אויף פוס-באָל, אויטאָמאָבילן און אויפן הורט-פאַרקויף פון פאַפיר.

איך האָב טעלעפאָנירט צו אים, דאַן האָבן מיר אָפּגעגעסן מיטאָג, און פּינקטלעך האַלב אַכט האָט זיך אונדזער אויטאָ-מאָביל פאַרהאַלטן פאַרן הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע-פאַריינען. איך האָב באַמערקט עוועריטן, דעם סעקרעטאַר פון ט. ס., וואָס איז געגאַנגען לענגאויס די גאַס.

— איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט — האָט ער אָנגע-הויבן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן — איך מיין, אַז דער טישלער וועט רעדן וועגן זייער וויכטיקע ענינים... איך וואָלט געוואָלט סטענאָגראַפירן זיין רעדע...

— דאָס איז זייער פיין פון אייך — האָב איך געענט-פערט. — איך האָב לחלוטין נישט געוווסט, אַז איר אינטע-רעסירט זיך מיט אים.

— איך האָב עס אַליין אויך נישט געוווסט, אָבער דוכט זיך מיר, אַז ס'איז אַזוי... איבריקנס, ער האָט מיר דערלויבט דאָ אַהערצוקומען.

מיר זענען אַריין אין דעם הויז, ווו מיר האָבן געטראָפן דעם טישלער, וואַרטנדיק אויף אונדז. איך האָב אים געבומען צווישן זיך און דזשאָע, עוועריט איז געגאַנגען הינטער אונדז, און אַזוי זענען מיר געגאַנגען צום גראַנד-האָל. אַ סך מענטשן האָבן אונדז נאָכגעקוקט, טייל פון זיי זענען אונדז אַפילו נאָכ-געגאַנגען, אָבער גאָט צו דאַנק, וואָס דאָס האָט נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון פאַרזאַמלט פעבל. איך האָב אַריינגעפירט מיין פריינט אין לאָקאַל אַריין דורך אַן הינטער-טיר, און איך האָב אים אַוועקגעזעצט הינטער די קוליסן. דאָ איז אים באַפאַלן אַ באַגייסטערטע אַלטע דאַמע און זי האָט אים אַריינ-

געשטעקט אין דער האַנט אַן אויפרוף קעגן די גרויזאַמע מעשׂים פון דער וויוויסעקציע, און אַן אַלטער הער מיט אַ ווייסער באָרד האָט אים פאַרבעטן אויף אַ זיצונג פון די ספּיריטיסטן. דאָ האָט זיך אויך געפינען דער נביא פון מיין מומע קאַטאַרינע, דער מחבר פון „אייביקן תנך", אַ משוגענער אין ווייסע קליי-דער, מיט אַ פּריזור, ווי פון סאַלאָן ביי מאַדאַם פלאַנשעט, ער האָט, ווי תמיד, געהאַלטן אין אַ פאַרגעלטן צייטונג געלע ריבן און ציבעלעס, מיט וואָס מיין מומע האָט אים תמיד מכבד גע-ווען. מיט דידאָזיקע מענטשן האָב איך אָן מורא געקאָנט איבער-לאָזן דעם טישלער; איך בין אַרויס פון הינטער די קוליסן, כדי צו זען דאָס פובליקום.

דער זאַל איז געווען איבערפולט: עס האָבן זיך דאָרטן גע-פינען אומגעפער דריי טויזנט מענטשן, איך האָב אויך באַ-מערקט אַ שטאַרקע אָפּטיילונג פּאָליציי און איך האָב געטראַכט אומרויק, וואָס דאָ קאָן געשען. וואָרום אין אונדזערע היינטיקע צייטן, איז מען קיינמאָל נישט זיכער, צי אַן עפנטלעכע פאַר-זאַמלונג וועט זיך בכלל אָנהויבן און נאָך ווייניקער איז מען זיכער, צי זי וועט זיך ענדיקן אָן שטערונגען. אָבער דאָך האָט זיך דער המון פאַרהאַלטן רויק; דער איינציקער צעשטערער פון דער רו איז געווען אַ סאָציאַליסט, וואָס האָט פאַרקויפט פאַרטיי-ליטעראַטור.

איך האָב דערזען מערי מאַגנע, זי איז אַריינגעקומען צו-זאַמען מיט לאַורי לי, די קינאָ-אַקטיאָרן און פּרופ׳ ט. ס. זיי האָבן געפינען אַן אָרט און זיך אַוועקגעזעצט, איך האָב געזוכט מיט די אויגן דעם פילם-קעניג און איך האָב אים געפינען ביי דער טיר, ער האָט געשמועסט מיט עפּעס אַ פאַרשוין. צוגייענדיק נענטער, האָב איך דערקאָנט דעם חבר פון ט. ס., דאָס איז גע-ווען וועסטערליי, דער סעקרעטאַר פון די סוחרים-און-פאַבריקאַנטן פאַרייניקונג. איך האָב פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער מענטש איז דאָ צוהערגעקומען: ער האָט געוואָלט זען דעם נייעם שטערער, און אפשר אַרויסגעבן דער פּאָליציי די געהעריקע באַפעלן.

איך האָב נישט געוואָלט אונטערהערן דעם שמועס פון

די מענטשן, דאָך איז צו מיר דערגאַנגען עטלעכע אָפּגעריסענע זאַצן, ערשמנס מחמת דעם, ווייל ס'איז אונמעגלעך נישט צו הערן, בעת ט. ס. רעדט, צווייטנס; ווייל באַלד נאָכן אויסהערן דעם ערשטן זאַץ, האָב איך געמוזט אונטערהאָרכן.

— גרויסער גאָט, הער וועסטערליי, פאַרוואָס זאָל איך געבן געלד די שטרייקנדע? די גאַנצע פאַרשאָלטענע געשיכטע איז אַרויסגערופען פון די צייטונגס־פלאָטקעס. איך האָב זיך פאַר־נומען מיט דעם מענטש, ווייל מערי מאַגנע האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעכער טיפּ. דערפאַר האָב איך אים פאָרגעלייגט אַ קאָנטראַקט מיט טויזנט דאָלאַר געהאַלט. איר ווייסט דאָך, אַז די צייטונגען צעבלאָזן אַלץ.

— איז הייסט עס דער מענטש נישט אייערס קיין פריינט? — האָט דער אַנדערער געפרעגט.

— זאָל גאָט אָפּהיטן, צי באַפריינד איך זיך מיט יעדן פאַרשוין, וואָס איך אַנגאַזשיר, ווייל ער האָט אַ כאַראַקטעריס־טישן אויסערלעכן אויסזען?

אין דער רגע האָט זיך באַוויזן רענקין, אייגער פון די דירעקטאָרן פון ט. ס.

— איך וואָלט געוואָלט הערן, וואָס עס זאָגט דער נביא, אייער פריינט.

— פריינט — האָט ט. ס. אויסגעשריגן — ווער זאָגט עס, אַז ער איז מיין פריינט?

— די צייטונגען שרייבן...

- די צייטונגען זענען משוגע.

און אָט קומט צו איינער פון די שטרייקנדע, וואָס מיר האָבן באַקענט אין דער שטרייק־קיך, אין הויז פון די פּראָפּעס־יאָנעלע פאַריינען, אַ פרישער, מונטערער יינגער בחור.

— וואָס הערט זיך, הער ט. ס.? — האָט ער אויסגערופן פריינדלעך. — איך הער, אַז אונדזער פריינד, דער טישלער.

— פלאַפלט נישט קיין נאַרישקייטן — האָט ט. ס. זיך אויפגערעגט — ער איז אפשר אייער פריינט, אָבער נישט מיי־נער..

איך בין צוגעגאַנגען צו אים:

— אָ... הער ט. ס....

— ביל? האַלאָ!

— איר האָט זיך דריי מאָל אָפּגעלייקנט פון אים.

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— דריי מאָל—און דער האָן האָט נאָך צומאָל דעם ערשטן קריי נישט געטון. דער מענטש איז באמת אַ נביא, הער ט. ס.

דער פילם-קעניג האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט מיך נישט פאַרשטאַנען, אָבער זיין פנים איז געוואָרן טונקלרויט.

— וואָס מאַכט איר, הער וועסטערליי?—האָב איך געזאָגט—ווי געפעלט אייך הער ט. ס. אין דער ראָלע פון ערשטן פויפסט?

— ער וויל דען אויפטרעטן? — האָט וועסטערליי געפרעגט צעטומלט.

— הערט אויף, — האָט רענקין אויסגערופן.

— ער וועט זיין דער הייליקער שמעון — האָב איך פאַרזיכערט — ער וועט האַלטן אין זיין האַנט די שליסלען פון הימלשן קעניגרייך. איר ווייסט דאָך, אַז ער האָט בדעה אויסצושטעלן אַ רעליגעזן פילם פאַרן טישלער. אפשר וועט איר זיך אויך טויגן פאַר אַ ראָלע... לאָמיר זאָגן... פאָנטיוס פילאַטוס...

— כאַ-כאַ-כאַ — האָט געלאַכט דער סעקרעטאַר פון די סוחרים-און-אינדוסטרי-פאַריייניקונג. — דאָס איז גוט?.. כאַ-כאַ-כאַ! גיט מיר נאָר אַ מעגלעכקייט מיט דידאָזיקע בונטאָוושיקעס זיך צוזאַמענצוטרעפן — און איך גיב אייך אַ האַנט, אַז איך וועל זיי שוין פאַרמאַכן ס׳מויל, ווי ס׳דאַרף צו זיין!...

## צוויי־און־דרייסיקסטער קאַפּיטל

דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען איינער מיטן נאָמען בראַון, וואָס איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין שטאָט. צוגעפּאַסט צו זיין חשיבות, האָט ער געהאַט אָן ערנסטן אויסזען, לאַנגווייליק און פייערלעך, אָבער אים האָט אויך אויפגערעגט די ברוטאַלקייט

פון דער פּאָליציי, און כ׳האָב באַמערקט, אַז דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם וואַרט אויף דער געלעגנהייט צו געבן אַן אויסדריק זייער אויפרעגונג.

בראָון האָט פאָרגעשטעלט פאַר דער פאַרזאַמלונג דעם אָנפירער פון פּראָפעסיאָנעלן קעלנער-פאַריין, אַ סאָלידן בירגער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רייכער סוחר. ער האָט איבערגעגעבן די שטורמישע געשעענישן פאַרן „פרינצן-רעסטאָראַן", דערקלערט די סיבות פון שטרייק, און געשילדערט דאָס הינטערקוליסן לעבן פון די גרויסע רעסטאָראַנען. איך האָב נישט איינמאָל באַזוכט דעם „פרינצן רעסטאָראַן", אָבער איך האָב קיינמאָל נישט קיין קוק געטון הינטער די קוליסן, איך בין אויך קיינמאָל נאָך נישט געווען אויף אַזאַ פאַרזאַמלונג, דעריבער האָט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזען און געהערט אַרויסגערופן אין מיינע געדאַנקען אַ כאַאָס, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ פאַרטויבטקייט.

וואָס דידאָזיקע מענטשן האָבן עס אַלץ נישט אַריינגעטון אין געהאַקטן פלייש; אויך די מיאוסע טבע פון די נישט אָרגאַניזירטע קעלנער, וואָס האָבן מחמת נקמה פאַר קריגן ווינציק ביר-געלט אָדער פאַר באַהאַנדלען זיי שלעכט אַריינגעשפּיגן אין דער זופּ!

נאָך דעם אָנפירער פון קעלנער-פאַריין האָבן נאָך גערעדט עטלעכע פאַריינס-מיטגלידער, דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבן דזשעמס, אַ פרומער טישלער. ער האָט פאַרמאָגט אַ האַרט, שניידיק קול. און בעת ער האָט גערעדט האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף די מענטשן. עד האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ מוראדיק ערנסטן, געשלונגען דאָס שפּייעכץ און פאַר יעדעס מאָל האָט זיך זיין גאָמבע אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט.

— איך וועל אייך פאָרלייענען אַן אויסשניט פון די צייטונגען — האָט ער אָנגעהויבן, און איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט ווידער איבערחזרן די געשיכטע וועגן ריכטער וואָלקאָט. אָבער דאָסמאָל האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן פרוי אייליסאָן פאָקינהעם, איינע פון די ערשטע דאַמען אין דער געזעלשאַפט, וואָס פאַרמאָגט פיר באַרימטע מיאוסע הינטלעך,

זעברענגט פון כינע, צי פון אינדיע און יעדעס פון זיי קאָסט צו זעקס טויזנט דאָלאַר, זיי הייסן פע, פי, פאָ, און פום, יעדעס פון זיי האָט אַן אייגענעם דינער און אַלע פיר צוזאַמען האָבן אַ איין בשותפותדיקע קאַרעטע צו פאָרן אויף שפּאַציר, און זיי עסן אויף גאָלדענע טעלער. און דאָ זענען פאַראַן הונדערטער מענטשן, וואָס הונגערן מיט זייערע ווייבער און זיי זענען געצווינגען צו שטרייקן... אין די פאַבריקן פאַרקלענערט מען די לוינען ביי טויזנטער אַרבעטער! דער רעדנער האָט ציטירט די רעדע פון אַלזשערנון דע ווייגס אין דער האַנדלס-קאַמער, ווו דערדאָזיקער קאַפּיטאַליסט האָט דערקלערט, אַז דער ווידער-אויפבוי פון אַלגעמיינעם ווילשטאַנד, באַזונדערס אין דער לאַנדווירטשאַפט, הענגט אָפּ אויסשליסלעך אין פאַרקלענערן די לוינען. און פלוצלינג האָט דזשעמס, דער טישלער, נאָכגעלאָזט די לייצעס פון זיין רעליגעזן געפיל און ער האָט אויסגעבראָכן:

— גוט, גייט איר, רייכע, קלאָגט און יאָמערט איבער דעם עלנט, וואָס וועט קומען אויף אייך. פאַרדאָרבן זענען אייערע רייכטימער און מיל עסן אייערע קליידער. אַ וואָרם האָט זיך אַריינבאַקומען אין אייער גאָלד און זילבער און דער זשאַווער וועט זיין קעגן אייך, און אויפפרעסן אייערע לייבער ווי אַ פייער. איר האָט אָנגעזאַמלט אייערע אוצרות אויף דעם לעצטן טאָג. טוט אַ קוק, ווי זעט אויס דער לוין פון די אַרבעטער, וואָס באַאַרבעטן אייערע פעלדער? איר האָט זיי אָפּגענאַרט און דער ווײ-געשריי פון די ערד-אַרבעטער איז דערגאַנגען צו די אוירן פון גאָט. איר האָט געלעבט אויף דער ערד אין צופרידנקייט, אָפּגעגעבן זיך אַלע זינדיקע תאוות, איר האָט פאַרמשפּט און געטויט די גערעכטיקע...

מיין אַלטער פריינט דזשאָע, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר האָט געשעפּטשעט איבערגעשראָקן.

— אין גאָטעס נאָמען, ביל, דאָס איז עפּעס אַ באָלשעוויסטישע דרשה...

— זיי שטיל, אידיאָט, ער ציטירט דעם תנך.

# דרײַ און דרײַסיקסטער קאַפּיטל

בראָון האָט זיך אויפגעשטעלט, כּדי צו דערפילן זײַן פליכט אַלס פּאָרזיצער:

— דער רעדנער, וואָס וועט פאַר אײַך איצטער רעדן — האָט ער געזאָגט — איז אײַך אומבאַקאַנט. איך אַליין קאָן נישט אים און נישט זײַנע איבערצײַגונגען, און דערפאַר נעם איך נישט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָבער דאָס איז אַ מענטש, וואָס האָט באַוויזן זײַנע סימפּאַטיעס פאַרן פּראָלע־טאַריאַט, נישט נאָר מיט ווערטער, נייערט אויך אין אויסער־געוויינלעכע טאַטן. ער איז אַ גרויסע שטאַרקע פּערזענלעכקייט, און מחמת דעם, ווילן מיר וויסן, ווי אַזוי ער באַציט זיך צו אונדזערע פּראָבלעמען. איך שטעל אײַך פאָר דעם הער טיש־לער.

דער נביא, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון גאָט, איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער טריבונע. קיינער האָט נישט אַפּלאָדירט, מ׳האָט אים אויפגענומען מיט אַן אַלגעמיין שווייגן, וואָס איז געווען אַ סימן פון פאַראינטערעסירונג און אומזיכערקייט.

דעם טישלערס איינזאַמע אויפרעגנדיקע געשטאַלט האָט גע־מאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס דערהויבנס. איך האָב געקוקט אויף אים, און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זײַן קאָפּ ווערט באַשטראַלט מיט אַ העל ליכטיקייט. דאָס איז געווען אַזוי שיין און מערקווירדיק, אַז איך האָב געשעפּטשעט צו דזשאָע:

— צי זעסטו די שטראַלן אַרום טישלערס קאָפּ?

— הער אויף, ביל, דו הויבסט אָן וואַנזיניק צו ווערן...

עמעצער האָט אָנגערירט מײַן אָרעם: די קליינע אַלטע דאַמע מיט די פליגבלעטלעך קעגן דער וויוויסעקציע האָט גע־קוקט אָן אויפהער אויף דער טריבונע, און געזאָגט דערבײַ מיט באַגייסטערונג:

— איר זעט די שטראַלן אַרום זײַן קאָפּ?

— אָ, אָ.

— יאָ, זיי זענען פון פורפור־קאָליר, דאָס איז אַ סימן פון הויכער גייסטיקייט.

— איך האָב אַ טראַכט געטון.

— מיין גאָט, צי געהער איך שוין אויך צו די משוגעים.

דער טישלער האָט אָנגעהויבן מיט זיין שטיל, ערנסט קול:

ברידער!

ער האָט געוואַרט אַ ווײַלע, ווי עס וואָלט זיך אים גע־דאַכט, אַז עס איז גענוג בלויז די צוויי ווערטער אויפצוביינדן אַלע וועלט־פּראָבלעמען, ווי גיך די מענטשן וועלן נאָר גוט תּופס זײַן זייער באַדײַטונג.

— מײַנע ברידער! איך בין, ווי עס האָט שוין אָנגע־מערקט אײַער פּאָרזיצער, אַ פרעמדער אין אײַער וועלט. איך פאַרשטיי נישט אײַערע ריזיקע מאַשינען און קאָמפּליצירטע קונסט, אָבער איך קאָן די נשמה פון מאַן און פרוי. די גירי־קייט און גאווה, די גרויזאַמקייט און קנעכטשאַפט קאָן זיך נישט פאַר מיר באַהאַלטן, בעת איך באַגעגן זיי אויף מײַן וועג. איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן פון אײַער שטאָט און איך האָב זיך געפינען פּנים אל פּנים דעם פאָלק, וואָס בלאָנדזשעט אין אַ וויסטעניש. מײַנע קינדער — אָפּגעגאַרטע, פאַרלאָזענע, טרייסטלאָזע — די אָרעמסטע, ווען איר זייט רײַך. די איינזאַמסטע, ווען איר טוט אײַך צונויפזאַמלען, די אַממײַנס־טען שטאָלצע, ווען איר ווייסט גאָרנישט — מײַן פאָלק, איך רוף דיך, גיי אַרויף אויפן וועג פון באַפרײַונג!

ער האָט אויסגעשטרעקט צו זיי זײַנע אָרעמס. זײַן פּנים האָט אויסגעדריקט אַזויפיל יסורים, אַז עס האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל נישט דערפילן אַ דערשי־טערונג.

דער נביא האָט אויפגעהויבן די הענט.

— לאָמיר תּפילה טון.

ער האָט אַראָפּגעבויגן זײַן קאָפּ. טייל האָבן אומבאַוווּסט נאָכגעטון זײַן בײַשפּיל, די אַנדערע האָבן געקוקט אויף אים

געטומלט: זיי האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי תּפילה צו טון. דאָ און דאָרט האָט זיך עמעצער צעלאַכט.

— אָ, גאָט, אונדזער פאָטער... מיר, דײַנע פאַרלוירענע קינדער, קערן זיך אום צוריק צו דיר, באַשעפער פון אונדזער לעבן. מיר ברענגען דיר אונדזערע קליינע עבירות און אונדזער נידריקייט, און מיר לייגן זיי בײַ דײַנע פיס. דאָס לעבן, וואָס מיר פירן געפעלט אונדז נישט. מיר ווילן זיין די, וועלכע וועגן מיר חלומען שוין אַזויפיל דורות. צי ווילסטו אונדז נישט ווייזן אַ וועג.

זײַנע הענט זענען אַראָפּגעפאַלן, ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— דאָס איז די תּפילה. אָבער וואָס איז דער ענטפער? עס שטייט געשריבן: בעט און איר וועט באַקומען, זוכט און איר וועט געפינען, קלאַפּט אָן און מ'וועט אײַך עפענען: וואָרום ווער עס בעט, דער באַקומט, ווער ס'זוכט, דער געפינט, ווער עס קלאַפּט, דעם עפנט מען. דאָס זענען אַלטע ווערטער, וואָס אַ סך האָבן שוין פאַרגעסן. וואָס באַדײַטן זיי? זיי באַדײַטן, אַז מיר זענען קינדער פון אונדזערע אבות, און נישט קנעכט פון אונדזערע ערדישע האַרן. צי וואָלט אַ פאָטער געמאַכט פון זיין קינד אַ קנעכט: צי איז דער מענטש גערעכטער איידער זיין באַשעפער?

מײַנע ברידער! הונגער און עלנט פּײַניקן אײַך, און אײַערע קינדער וויינען מיטן געשריי נאָך ברויט. הייס איך דען אײַך דערנערן זיי מיט ווערטער? ניין, אָבער דער ווילן פונם מענטש פאָרמט דאָס מענטשלעכע לעבן, און דאָס, וואָס איר זעט הײַנט אין שטאָל און אינם שטיין, האָט זיך צוערשט געפונען אין געדאַנק. וויבאַלד אײַערע געדאַנקען זענען נידריק און געמיין, וועט די וועלט זיין אַ פּײַניקונגס-קאַמער, וויבאַלד אײַערע געדאַנקען זענען אמתע און גרויסמוטיקע, וועט די וועלט זיין פרײַ און אויסגעלייזט.

אַמאָל איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך ערד און ער האָט אויפגעבויט אויף איר פאַבריקן, און טויזנ-

טער מענטשן האָבן געהאָרעוועט פאַר זיינעטוועגן, און ער איז פּעט געוואָרן מיט דער אַרבעט פון זייערע הענט, און גאווה האָט זיך באַזעצט אין זיין האַרץ. און איינמאָל איז געשען, אַז די אַרבעטער זענען אויפגעשטאַנען אַקעגן אים, אָבער ער האָט געדונגען אַנדערע, וואָס האָבן געשאָסן אויף טויט אַ טייל פון יענע, די אַרבעטער און די איבריקע האָבן זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט. און דער האַר האָט געזאָגט: — די וועלט איז מיין, קיינער קאָן זיך מיר נישט אַנטקעגנשטעלן. אָבער אין איינעם אַ טאָג האָט זיך אויפגעהויבן איינער פון די אַרבעטער און זיך צעלאַכט. אין זיין געלעכטער האָט זיך אָנגעהויבן צוצעשפרייטן, אַז עס האָט אַרומגענומען טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן געלאַכט און געזאָגט: — לאָמיר לאַכן ביים בלויזן געדאַנק, אַז מיר דאַרפן האָרעווען, כּדי דו זאָלסט צונעמען די פּרוכט פון אונדזער אַרבעט. דעמאָלט האָט דער האַר באַפוילן צו דערשיסן די אַרבעטער. אָבער די זעלנער האָבן דעסגלייכן אָנגעהויבן צו לאַכן, און, אַז ער האָט געזען, אַז ער קאָן גאָרנישט אויפטון קעגן דאָזיקן געלעכטער, האָט ער געזאָגט: לאָמיר אַ סוף מאַכן צו דעם נאַרישן עסק.

צי געפינט זיך צווישן אייך כאָטש איינער, וואָס קאָן זאָגן: איך בין ווערט די פרייהייט? דער וועט ראַטעווען די וועלט. איך אָבער זאָג אייך: גרייט צו אייערע הערצער צו ברידערלעכקייט, וואָרום עס איז שוין נאָענט די שעה, און ס'וועט זיין אַ חרפּה, אויב עמעצער פון אייך וועט נישט ווערט זיין זיין גורל. דער מענטש, וואָס דינט מיטן לייב, קאָן נאָך זיין פריי, אָבער דער, וואָס איז אין זיין נשמה אַ קנעכט, טוט באַוווּנדערן אין זיין נשמה דעם סימבאָל פון הערשאַפט און ער באַגערט זיינע פּירות.

וואָס זענען דאָס פאַראַ פּירות? גאווה און לוקסוס, אייגנליבע און אכזריות. און ווער פון אייך ס'קאָן זאָגן, אַז דאָסדאָזיקע האָט נישט פאַרלאָזט וואָרצלען אין זיין האַרץ? ווער ס'וועט דאָס זאָגן, דער איז באמת גרויס און די אויסלייזונג פון דער וועלט וועט זיין אַ ווערק פון זיין ווילן.

# פיראונדרייסיקסטער קאַפּיטל

דער רעדנער איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיין בליק האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן זאַל און אויף די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפינען אינעווייניק, און דאַן האָט ער געזאָגט:

— איר זענט די פאַרטרעטער פון אָרגאַניזירטן פּראָלע-טאַריאַט. איך קאָן נישט אייער אָרגאַניזאַציע און דערפאַר פרעג איך אייך; פאַרוואָס האָט איר אייך פאַרייניקט? צי דערפאַר, כדי נאָכצוטון דעם ביישפּיל פון די האַרן און צו בינדן אַנ-דערע, ווי זיי אייך?

ער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער, דער עלטסטער פאָרשטייער פון קעלנער-פאַריין, אויף וועמען ס'האָט גערוט זיין בליק, האָט אויסגעשריגן:

— ניין:

אויך די איבריקע האָבן געשריגן ניין, לסוף האָבן אַלע צוהערער אויפגעהויבן איין געשריי פון באַגייסטערונג:

— ניין, ניין, ניין!

דער טישלער האָט זיך געווענדעט צו זיי:

— דאַן זאָג איך אייך, מאַכט אַ סוף אין אייערע הער-צער און אין די הערצער פון אייערע ברידער צו דער פאַר-געטערונג פון די אומווירדיקע זאַכן, וואָס עס האָבן באַשאַפן די, וואָס רופן זיך אַן האַרן. וויבאַלד איינער זאַמלט לעבנס-מיטל, מוזן אַנדערע ליידן נויט, איז דאָס נישט קיין רשעות? און אויב אַ פרוי טוט זיך אָן אין טייערע קליידער, שנורעוועט זיך און טראָגט איבער די יסורים, כדי צו באַפרידיקן איר פּוסטקייט, איז דען דאָס נישט נאַרישקייט? און אויב דאָס איז נאַרישקייט טאָ הלמאי זאָלט איר עס באַוואונדערן, איר, וואָס דאָס ברענגט אייך הונגער און פאַרצווייפלונג?

פאַר מיר זיצן יינגע פּראָלעטאַריערינס. איר פרויען, זאָגט צו זיך אַליין, איך רייס אַראָפּ פון מיינע פינגער די פינגער-לעך, וואָס זענען אויסגעשמידט פונם בלוט און טרערן פון מיי-נע נאָנטע, איך וואַש אָפּ פון מיין פנים די שמינקע, רייס

אַראָפּ פון מיין קאָפּ און פון מיין בוזים די נאַרישע פעדערן און בענדלעך, איך האָב דעם מוט צו זאָגן דער פאַלשער וועלט דעם אמת. איך האָב מוט צו זיין דאָס, וואָס איך בין. איך האָב דעם מוט צו זיין אויפריכטיק צו מענער און פרויען.

פאַר מיר זיצן יינגע פראָלעטאַריער. איך זאָג אייך: איר זאָלט ליב האָבן גוטע פרויען, נישט קיין זונות און נישט די, וואָס טוען נאָך די זונות. באַוווּנדערט נישט די פוילע פרוי פון די הערשנדיקע קלאַסן, און נישט די, וואָס טוען זיי נאָך און פאַרהערלעכן זיי נאָך. באַוווּנדערט נישט די פוילע איברים און נישט די קאַפּריזנע אויפגעבלאָזענע ליפּן, די סמנים, פון גאווה און פוסטקייט, וואָס פאַרשקלאַפן אייך.

לויט די פּירות דערקענט מען דעם בוים און די האַרן לויטן לעבן, וואָס זיי שאַפן פאַר זייערע שקלאַפן. מען דער־קאָנט זיי אין דעם עלנט און אַרבעטלאָזיקייט, אין די מלחמות און מענטשן־שחיטות. אָדער דער משפּט וועט קומען אויף זיי.

איר הערט, ווי מען לערנט: יעדערער פאַר זיך, און דעם אַנדערן זאָל דער טייוול נעמען: אָבער איך זאָג אייך, אויב אַ מענטש אַרבעט נישט, דאַרף ער ליידן הונגער, אויב אַ מענטש דינט נישט זעם כּלל, באַטראַכט אים, ווי אַ פאַרברעכער. וואָרום אויב איינער אַרבעט נישט, איז עס אַ באַווייז, אַז אַן אַנדערער איז באַרויבט געוואָרן און אויב עמעצער באַווייזט זיך מיט זיין עשירות, הייסט עס, אַז ער האָט אָנגעפילט זיין בויך מיט פלייש פון זיינע ברידער. עס איז אמת, אַז ווער ס'לעבט אין פאַר־געניגן, בעת אַנדערע הונגערן, טראָגט אויף זיך דעם פאַרברעכן פון אַ מאָרד, און דער, וואָס פאַראַכט זיין נאָענטן, ברעגגט אויף זיך אַ חטא, וואָס איז נישט צו פאַרגעבן. ווער ס'לעבט צו ליב זיין אייגענעם רום, דער איז אַ רייצנדיקער וואָלף און די נקמה וועט אים נאָכיאָגן, ביז זי וועט אים דערגרייכן, אָבער דער, וואָס האָט ליב יושר און רחמנות און טוט פאַר דעם, דער וועט רוען ביי די הערצער פון מיינע אבות.

איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך בין געקומען, כּדי אייך צו ברענגען באַקוועמלעכקייט און פוילקייט; איך ברענג דער־

וועלט קאַמף און אומרו, וואָרום די צייט פון מאַרטירערטום קומט אָן און נאָר פון מיין פּאָטער קאָנט איר באַקומען כּוח, כּדי אויסצוהאַלטן די נסיונות. איצט זענט איר הונגעריק, אָבער איר וועט זיין נאָך מער הונגעריק: איצטער זענט איר פאַר־מויערט אין די פאַבריקן און אין די וואַרשטאַטן, אָבער איר וועט שמאַכטן אין די תּפיסות; איצטער שלאָגט מען אייך מיט שטעקעלעך און קליינע בייטשן, אָבער מען וועט אייך שלאָגן מיט גראָבע שטעקנס, קוילן וועלן צערייסן אייערע לייבער, פייער וועט פאַרברענען אייערע איברים, גאַזן וועלן פאַרסמען אייערע לונגען — דאָס איז די ממשלה פון דער וועלט. אָבער איך זאָג אייך: זייט פעסט אין אייערע הערצער און קיינער וועט אייך נישט קאָנען באַזיגן, וואָרום אינם האַרץ פונם מענטשן ליגט די פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט און עס איז נאָר פאַראַן איין מאַכט — די ליבע.

איר זאָגט: די וועלט איז שלעכט און די מענטשן זענען שלעכט, פאַרוואָס זאָל איך זיך פאַר זיי מקריב זיין? אָ, קליינ־קעפּלדיקע, וויפיל האָבן זיך שוין מקריב געווען ביז אייך! איר ווילט אָפּנאַרן די מענטשהייט? אויב דאָס גוטע זאָל קומען אויף דער וועלט, מוז עס עמעצער אָנהויבן. ווער וויל צוזאַ־מען מיט מיר אָנהויבן?

מיינע ברידער, איך בין געקומען, כּדי אייך צו פירן אויפן וועג פון גערעכטיקייט. איך בעט אייך, קומט מיט מיר נישט מיט ליידנשאַפט און מיט בלינדער אויפרעגונג, נאָר ווי מענטשן, וואָס זייערע הערצער זענען שטאַרק און וואָס ווילן דינען דער גערעכטיקייט. וואָרום לייכט איז דער וועג פון אייגנליבע, אָבער שווער איז דער וועג פון דער גערעכטיקייט. דאָך וועלן אייניקע גיין מיט אים און זייער צאָל וועט וואַקסן, ווייל דאָס מענטשלעכע לעבן איז שרעקלעך פאַרקריפּלט געוואָרן און דערפאַר מוז דער גייסט נאָכאַמאָל געבוירן ווערן. געדענקט אָן מיין שליחות; איך וועל כּסדר צו אייך רעדן און מיין גע־זעץ וועט אייך ציען. צו די מאַכטן פון דער וועלט וועט קו־מען אַ סוף, אָבער דער גוטער ווילן איז אומשטערבלעך און

דאָס לייב וועט גיכער צערונען ווערן פאַרן שאָטן, ווי די אַנטשהייט וועט אונטערגיין, איידער זי וועט דערפילן די ברי־דערלעכקייט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, און איצט איז געקומען עפּעס אויסערגעוויינלעכס: אַ העלפט פון די צוהערער האָט זיך אַ ריס געטון פון די ערטער און געשריגן:

— ווייטער, רעדט ווייטער!

צווייטמאָל האָט דער טישלער זיך געפּרוווט אַוועקזעצן, אָבער דאָס געשריי האָט זיך געהערט אָן אויפהער:

— ווייטער, ווייטער!

דאַן האָט ער געזאָגט:

— ברידער, דאָס איז נישט מיין פאַרזאַמלונג... עס זענען נאָך דאָ פאַראַן אַנדערע רעדנער.

אָבער דאָס פאַרעקשנטע געשריי האָט געדונערט:

— מיר ווילן דיך הערן!

ער האָט געענטפערט:

— איר מוזט רעדן וועגן פּאָליטישע ענינים, און אייערע פירער ווילן זיך מיט אייך באַראַטן. אָבער מאָרגן וועל איך ווידער צו אייך רעדן. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז אין אייער שטאָט איז דערלויבט אום זונטיק אָפּצוהאַלטן רעדעס אויף די גאַסן. אינדערפרי וועל איך גיין אין דער קירך, כדי צו הערן, ווי אַזוי דאָס פאַרשידענע פעבל פון דער שטאָט טוט תפילה צו מיין פאָטער, אָבער נאָכמיטאָג וועל איך אָפּהאַלטן אַ פאַר־זאַמלונג ביים ראָג פון דער פינפטער עוועניו און וועסטערן סיטי. דאָרטן, וויבאַלד איר ווילט, וועט איר מיך קענען הערן. איצט בעט איך אייך, דערלויבט מיר אַוועקצוגיין, וואָרום איך בין פאַרמאַטערט.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אומבאַוועגלעך, און איך האָב געזען, ווי זיינע אויגן זענען געוואָרן טונקל און לײַדיק פון מידקייט און טראָפּנס שווייס האָבן באַדעקט זיין שטערן, הגם ער האָט גערעדט שטיל און זיך נישט באַנוצט מיט קיין שטאַרקע זשעסטן.

ער איז אַראָפּ פון דער טריבונע. איך און דזשאָע האָבן זיך צוגעשטופּט צו אים. ער איז געשטאַנען לעבן קאָרווסקין, דעם קליינעם רוסישן שניידער, וועמענס זון ער האָט געמאַכט געזונט. קאָרווסקי האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל נעכטיקן היינט ביי אים: זיין באַקאַנטער וואַרט שוין מיט אַ וואָגן, זיי וועלן קענען אַוועקפאָרן. איך האָב געפרעגט דעם טישלער, וועלכע קירך ער האָט בדעה צו באַזוכן מאָרגן. צו מיין גרויסן חידוש האָט ער געענטפערט:

— אין דער קירך פון הייליקן באַרטלאָמיי.

— איך האָב אים צוגעזאָגט צו קומען אַהין, דאַן בין איך מיט דזשאָען אַוועק פון לאָקאַל.

— נו, וואָס, — האָב איך געפרעגט — ווי געפעלט ער דיר?

דער מיטל-שטורמער איז אַ ווילדע געגאַנגען שווייגנדיק און דאַן האָט ער געענטפערט:

— ווייסט, ביל, מיר פירן באמת אַ געמיין בוצלאָז לעבן.

— אָ, אָ, — האָב איך אַ טראַכט געטון. צום ערשטן מאָל באַמערק איך, ווי ביי דזשאָען אַנטפּלעקט זיך די נשמה.

— פאַרוואָס? דו פאַרקויפסט פּאַפּיר, און דאָס איז דאָך גאַנץ נוצלעך.

— איך ווייס נישט, באַטראַכט נאָר, וואָס מען דרוקט אויף דעם: אַממייננסטנס דרוקט מען דערויף רעקלאַמען און שקרים. איבעריקנס, איך האָב געזען איבער זיין קאָפּ דעם אָרעאָל פון הייליקע. ס'איז אַ סברה, אַז איך בין אויך משוגע.

## פינפאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

צומאָרגנס אינדערפרי — דאָס איז געווען זונטיק — האָב איך קודם-כל איבערגעלייענט דעם „וועסטערן-סיטי טיימס". איך האָב דערזען, אַז דער טישלער האָט דערגרייכט אַ רעקאָרד: דער גאַנצער ערשטער עמוד אויף דער צייטונג איז פאַרנומען

געוועזן מיט אַן אַרטיקל וועגן אים, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דריי שפּאַלטן און מיט אַ קעפּל וואָס האָט געקלינגען אַט ווי:

**„אַ נביא אין שטאָט, היילט קראַנקע, רעדט קעגן די רייכע, זאָגט, אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד פון פעבל, האַלט אָפּ כּסדר רויטע העצערישע רעדעס".**

און ווייטער האָט זיך געצויגן אַ באַריכט, ווי אַזוי דער טישלער האָט פאַרבראַכט אַ טאָג אין וועסטערן-סיטי, אָנהויבנדיק מיט אַ באָלשעוויסטישע רעדע, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן פאַר די שטרייקנדיקע שניידער. דערנאָך איז ער אַוועק אין יידישן קוואַרטאַל, און דאָרט האָט ער געטראָפן אַ פרוי, וואָס האָט געזידלט אַ קצב פאַר אויפשרויפן די פרייזן, ער האָט ווידער אָפּגעהאַלטן אַ רעדע, אויפגעהעצט דעם המון אַזוי ווייט, אַז די פּאָליציי-מאַכט איז געווען געצווינגען צוריקצושטעלן די אָרדנונג. פון דאָרטן איז ער אַוועק אינם הויז פון די פּראָפעס-יאָנעלע פאַריינען, ווו ער האָט אין דער קעגנוואַרט פון די רעפּאָרטערן זיך אויסגעגעבן פאַר אַ נביא, וואָס איז גאָר-וואָס געקומען פון גאָט, כּדי צו פּרעדיקן אינם לאַנד פון פעבל זיין שליחות. דערנאָך האָט ער געהיילט אַ קראַנק יינגל: די דאָזיקע סצענע איז פיין געשטעלט געוואָרן פאַרן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט.

די צייטונג האָט זיך נישט אַרויסגעזאָגט אָפן, אַז דאָס אַלץ אינגאַנצן איז נישט מער, ווי אַ קינאָ-רעקלאַמע, אָבער זיי האָבן עס אַזוי געשילדערט, אַז מ'האָט דאָס געקאָנט אַרויסלייענען פון צווישן די שורות. עס איז אויך דערמאָנט געוואָרן הער ט. ס. אויף אַזאַ אופן, אַז מ'האָט זיך געקאָנט גאָר גרינג אָנשטויסן, אַז ער האָט אַראַנזשירט די גאַנצע געשיכטע, און עס איז אויך אָפּגעחזקט געוואָרן פון מערי מאַגנע, וואָס האָט פאַרמשכּנט איר פאַלש צירונג. די צייטונג האָט געבראַכט דאָס בילד, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן ביי דער מאַגנעזיע-ליכט

און נאָך אַ בילד, וואָס האָט פאָרגעשטעלט דעם טישלער, בעת ער שפּאַצירט אויף דער גאַס, באַגלייט פון זיינע אָנהענגער.

דער אַנדערער שפּאַלט האָט געבּרענגט דעם רעכטן עיקר: די רויטע העצערישע רעדע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין גראַנד-האָל. דער טישלער דזשעמס, וואָס ציט שוין פון לאַנג אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, איז אַריינגעפאַלן אין אַ ליידנ-שאַפטלעכער האַלב בלינדער אויפרעגונג, געשאָטן פעך און שוועבל אויף די רייכע לייט און דער נייער נביא האָט אים מיטגעהאָלפן אין דערדאָזיקער אַרבעט. דער „טיימס" האָט געבראַכט אַ צי-טאַט, אַרויסגענומען פון דעם נייעם נביאס רעדע: „מיינט נישט, אַז איך בין געקומען, כדי אייך צו ברענגען באַקוועמלעכקייט און פוילקייט: איך ברענג דער וועלט קאַמף און אומרו".

איך האָב האַסטיק איבערגעלייענט דאָס לייט-אַרטיקל, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מיטן קעפל פון גרויסע אותיות:

## אַ שענדלעכע גאָט לעסטערונג.

אפשר איז אין אייער שטאָט אויך דאָ אַזאַ מין „טיימס" דאַן וועט איר זיכער דערקענען איר סטיל:

„שוין אַ סך יאָר, ווי אונדזער ציישונג ווייזט אָן, אַז די מענטשן, וואָס שטייען אָן דער שפּיץ פון אָרגאַניזירטן פּראָלע-טאַריאַט אין אַמעריקע, זענען טיף אין זייערע נשמות אַנאַר-כיסטן, וואָס זייער ציל איז אָנצוּוואַרפן אַ רעוואָלוציאָנערן גע-וואַלט אויף אונדזער שיין לאַנד. מיר האָבן שוין פונלאַנג אַנט-דעקט זייערע פאַרדאָרבענע פּלענער: זיי ווילן אומוואַרפן די סטאַטוע פון פרייהייט און אויף איר אָרט אַוועקשטעלן אַ דיק-טאַטור. אָבער הגם מיר קענען זיך גוט אויף דער רשעות פון דידאָזיקע לייט, זענען מיר געוועזן אויף אַזוי ווייט נאַיוו, אַז מיר האָבן זיי לפּחות אָנגעטרויט דאָס עלעמענטאַרע געפיל פון אָנשטענדיקייט. מיר האָבן געמיינט, אַז הגם זיי באַציען זיך נישט מיט דרך-ארץ צו די מענטשלעכע ווערק, וועלן זיי לפּחות שעצן דאָס ווערק פון גאָט, די הייליקסטע סימבאָלן פון דער

געטלעכער אַנטפּלעקונג צו דער ליידנדער מענטשהייט. אָבער נעכטן האָט זיך אין אונדזער שטאָט אָפּגעשפּילט אַ ספּעקטאַקל, וואָס באַווייזט בולט, אַז דער ציניזם פון דידאָזיקע רשעים און גאָט־לעסטערנדיקע פאַרדאָרבנקייט שטייגט איבער די ווילדסטע טייוולשע פאַנטאַזיע, און דאָס באַווייזט בולט, אַז די פירער פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זענען שענדלעכע צעשטערער פון אַלץ, וואָס איז פאַרן ערלעכן אָרנטלעכן מענטשן טייער און הייליק.

וואָס איז דאָרטן געשען? אַ פילם־פאַבריקאַנט האָט אונטערן איינפלוס פון אַ בלינדער און, מיר ווילן גלויבן, אומבאַטראַכטער גייציקייט צו רווחים, אַראָפּגעבראַכט צו אונדז דעם דאָזיקן נביא, וואָס וויל מיט זיין קליידונג נאָכמאַכן יענע הייליקע געשטאַלט, וואָס איר נאָמען מיר קענען נישט אַנטפּלעקן מחמת דער טיפער אַכטונג צו דער רעליגיע. ער האָט אַראָפּגעבראַכט צו אונדז דאָסדאָזיקע קליינלעכע פאַרדאָרבענע באַשעפעניש, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר די רעפּאָרטערן פאַר אַ וועזן, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון גאָט, און הייסט אים רעדן מיט גיפטיקע פראַזן וועגן קלאַסן־האַס און קלאַסן־גיריקייט, וואָס מיר האָבן אַ ריי יאָרן זיך אָנגעהערט פון די הונגען און זייערע פריינד. די דאָזיקע שרעקלעכע פאַראָדיע פון געטלעכן רחמנות איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון דער הויפּט־קוואַרטיר פון די פראָ־דייטשן און רויטע רעוואָלוציע אינם הויז פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען; ווו דערדאָזיקער מענטש האָט פאַר די פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן אָפּגעשפּילט אַ גראָטעסקע קאָמעדיע פון היילן קראַנקע און אויסגלייכן הענט. דער „טיימס״ ברענגט אַ בילד פון דערדאָזיקער אומגלויבלעכער חוצפה. מיר בעטן אונדזערע לעזער אַנטשולדיקונג, וואָס פובליקירנדיק דאָסדאָזיקע, שטיצן מיר נאָך אונטער די פּלענער פון דידאָזיקע פאַרשוינען, וואָס יאָגן זיך נאָך רום, אָבער דאָס איז דער איינציקער אופן אויפצוקלערן דידאָזיקע שענדלעכע האַנדלונג, וואָס ערנידריקט די ערלעכקייט און צעשטערט די ווייטערדיקע אָנגריפן אויף די הייליקע זאַכן. ווי עס ווייזט אויס, זאָל דער־

דאָזיקער טישלער — צו נעמען אין אַכט דעם אידיאָטישן וואָרטשפּיל — אַרויסטרעטן אַלס פֿילם-שטערן, ער דאַרף זיין די נייעסטע סענסאַציע צווישן די פֿילם-ליאַלקעס, און דאָס אַמעריקאַנער פּובליקום וועט צאָלן פֿאַר קוקן, ווי אַן אמתער „נביא״ און „כּשופֿמאַכער״ שפּילט אין אַ פֿילם הייליקע זאַכן.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דער פּאָרזיצער פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, וואָס זוכט דעסגלייכן אומפֿאַרשעמטן רום, האָט געהאַט די חוצפּה איינצולאַדן דעמדאָזיקן גאָט-לעסטערנדיקן שאַרלאַטאַן אויף די אַזוי גערופֿענע „פּראָטעסט-פֿאַרזאַמלונגען״ פֿון פּראָלעטאַריאַט, אָדער בעסער געזאָגט, אויף אַן אָרגיע פֿון רויטער רעוואָלוציע. ער און אַנדערע פֿאַרשוינען פֿון זיין מין האָבן גערופֿן צו הילף די כּוחות, וואָס אָרגאַניזירן די רויטע חורבה אין שטאָט, זיי האָבן געשאָטן מיט קללות אויף דער פּאָליציי, און אויפֿן געריכטס-טריבונאַל דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן נישט דערלויבט די שטרייקנדיקע צו באַוואַרפֿן מיט ציגל די ערלעכע מענטשן, וואָס האָבן געזוכט אַרבעט, און דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן נישט דערלאָזט צוצולייגן פּיסטאָלעטן פֿון באָיקאָט קעגן די קעפּ פֿון די אַרבעטגעבער, וואָס האָבן דעם מוט צו פֿאַרטיידיקן די אַמעריקאַנער פֿרייהייט און דעמאָקראַטיע! מיר האָבן זיך שוין גענוג אָנגעהערט אין אונדזער שטאָט מיט גיפֿטיקער קלאַסן-שנאה. אָבער קיינמאָל ביז איצט האָבן נאָך אַזוינע ווערטער נישט באַליידיקט אונדזערע אויגן: קיינמאָל האָט נאָך די לערע פֿון לענין און טראָצקי נישט אַריינגעדרונגען צו אונדז, איבערגעטון אין מלבושים פֿון כּריסטלעכער נביאות. אמת טאַקע, אַז דער נביא פּריידיקט ברידערלעכע ליבע און שלום, דאָס איז פֿאַרשטענדלעך פֿאַר זיך אַליין. אָבער מיר קענען די וועלף אין די שעפּסענע פֿעלן, דידאָזיקע פּאַציפֿיסטן און ליבהאָבער פֿון דער מענטשהייט, וואָס אין זייערע קעשענעס קלינגט דאָס געלד פֿון רויטן אינטערנאַציאָנאַל, פֿון וועמענס צינגען עס גליטשט זיך אַרויס פֿראַזן וועגן אידעאַליזם, כּדי זיך צו באַשיצן קעגן דער שטאַרקער האַנט פֿון געזעץ. שוין פֿיר יאָר קוקן מיר זיך צו צו זייער

בלוטיק ווערק אין רוסלאַנד. און איצט ווענדן מיר זיך צו זיי מיט אַ וואָרנונג, — אויב איר טראַכט באמת, אַז עס וועט זיך אייך איינגעבן אונטער אַ מאַנטל פון קינאָ-כריסטנטום אַדורכ-צופירן אין אונדזער לאַנד אַ קאָנפיסקאַציע אויף די פאַר-מעגנס און נאַציאָנאַליזאַציע אויף דער פרוי, שאַצט איר נישט אָפּ די אינטעליגענץ פון די ריין-בלוטיקע בירגער פון אונדזער גרויסער רעפובליק. אויב מיר האָבן נישט קיין טעות, וועלן די לאָיאַלע און פּאַטריאָטישע בירגער פון אונדזער שטאָט אויסגע-פינען מיטלען און וועגן צו פאַרטיליקן די גיפטיקע ווערם, איידער נאָך זייערע גיפט פאַרסמט די לופט, וואָס מיר אָטעמען אַריין אין זיך.

## זעקסאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דאָסדאָזיקע אַרטיקל האָב איך אַ נעם געטון דעם „עקסעמינער". אונדזער „עקסעמינער" אינטערעסירט זיך ווייניקער מיט מאָראַלישע פראַגן, אים גייט נאָר אָן דער גרויסער טיראַזש; דערפאַר האָט ער ליב סענסאַציעס, בפרט הארץ עניים, אונטער „הארץ-עניים" פאַרשטייט ער עניים פון אונטערלייב. אין דערדאָזיקער געשיכטע האָט ער געפינען דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט; דאָס האָט באַוויזן אַזאַ מין קעפל:

„אַ פילם-קעניגן פאַרקויפט איר צירונג, כדי אַוועק-צוגעבן דאָס געלד אַ נביא פון גאָט".

דערנאָך איז געקומען אַ שילדערונג, וואָס דער עיקר פון איר איז געווען מערי מאַגנע; ט. ס. און איך זענען געווען אין הינטערגרונד. דער רעפּאָרטער האָט אויסגעשפּירט די מעקסיקאַ-נישע פאַמיליע, ווו דער טישלער האָט פאַרבראַכט אַ נאַכט און אין זיין באַריכט האָט ער אין בונטע פאַרבן געשילדערט, ווי אַזוי דער טישלער האָט געבעטן פאַר מערי מאַגנע און זי מחזיר געווען צו אַ צניעותדיק לעבן. צי וועט שוין די פילם-קעניגן פון איצטער

אָן אַרויסטרעטן אויסשליסלעך אין רעליגיעזע פילמען? — האָט געפרעגט דער „עקסעמינער". וואָרום מערי האָט, וואָס שייך דער פראַגע, לחלוטין געשוויגן, די צייטונג האָט געבראַכט בילדלעך פון אירע דראַסטישסטע ראָלען, צווישן אַלע האָט ער זי געוויזן אין דער ראָל פון שולמית נאָכן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם לעצטן, פון די זיבן שלייערס און לעבן אָט דעם בילד, דאָס בילד פון טישלער!

דער טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען, דורכן אַפּאַראַט האָב איך געהערט דאָס הויכע קול פון ט. ס. עס איז אים געווען גאַנץ גלייכגילטיק, וואָס דער „עקסעמינער" האָט געשריבן, פאַרקערט, דאָס איז געווען פאַר אים אַ גוטע רעקלאַמע, אָבער דעם „טיימס" וועט ער אָנקלאָגן אויף אַ מיליאָן דאָלאַר אַנטשעדיקונג. און איך מוז פאַר אים עדות זאָגן, אַז ער האָט לחלוטין נישט באַאיינפלוסט דעם טישלער, אַז ער זאָל היילן קראַנקע. צי בין איך עס גרייט צו טון מחמת פריינדשאַפט צו אים?

דאַן האָט זיך דעם פילם-קעניג אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן צוליב זיין אַרויסטריט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרראַט קעגן טישלער. איצטער האָט ער זיך געפונען אין זייער אַ פיינלעכע לאַגע; די מענטשן פון די וואָל-סטריט האָבן אים געקאָנט אומברענגען. און דאַן האָט ער מיר דערציילט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. ביינאַכט, נאָך דער פאַרזאַמלונג איז געקומען צו אים דער סעקרעטאַר, דער ייִנגער עווערעט, און געבעטן אורלויב אויף עטלעכע חדשים, דערביי האָט ער דערקלערט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון לוין, דער טישלער האָט דערוועקט אין אים אינטערעס, און ער וויל גיין מיט אים, כדי אים צו העלפן.

— איר ווייסט, ביל, — האָט דאָס קול געזאָגט דורכן טעלעפאָן — איך בין געוואָרן אַזוי דערשטוינט, אַז מ'האָט מיך מיט איין בלאָז געקאָנט אומוואַרפן. דערדאָזיקער ייִנגער מענטש איז תמיד געווען אַזוי רויק און ניכטער, און דערצו אַזוי גוט זיך פאַרשטאַנען אויף מסחרים. איך האָב אים געפרעגט, וואָס

ער האט בדעה צו טון? — „הערן די לערע פון טישלער — האָט ער געענטפערט. — וואָסווילט איר זיך פון אים אויסלערנען? — אַ בעסערער מענטש צו ווערן — האָט ער געענטפערט, ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דאַן האָט ער צוגעגעבן: — הער ט. ס. ער האָט מיר באַפוילן, איך זאָל אים נאָכגיין, וואָס זאָגט איר דערצו?

— וואָס האָט איר אים געענטפערט? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס האָב איך געזאָלט טון? איך האָב אים געוואָלט זאָגן: ער האָט אײַך גאָרנישט, וואָס צו באַפעלן, אָבער איך האָב נישט געקאָנט אַרויסברענגען די ווערטער פון מויל, איך האָב אים געמוזט זאָגן, אַז ער קאָן באַלד גיין און צוריקקומען, איידער ער וועט נאָך פאַרגעסן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט זיין אַמט אַלס אָנגעשטעלטער אין מיין אונטערנעמונג.

איך האָב זיך אָנגעטון, אָפּגעגעסן פרישטיק און צוגעפאָרן צו דער קירך פון הייליקן באַרטלאָמיי. ס'איז געווען אַן אָנגענעמער, זוניקער נאָוועמבער פרימאָרגן, וואַרעמער ווי אין מיטן זומער. און איך האָב תמיד ליב צו אָבסערווירן זונטיק די פראַכטפולע הערן און דאַמען, די גאַנצע געקליבענע געזעלשאַפט, וואָס איז אַזוי פיין געקליידט און געפלעגט, מיט זייערע גוטע מאַניערן, וואָס אָטעמען מיט רו און ווילשטאַנד. אַך, דאָס הערלעכע געפיל פון צופרידנקייט: „ס'איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל, און אויף דער וועלט איז אַלץ גוט"...

וואָס פאַר אַ קעגנזאַץ צום הויז פון די פראָפעסיאָנעלע־פאַריינען! אַ ווײַלע האָב איך אָנגעהויבן צווייפלען אינם טישלער: אמת, די דאַמען אין די שיינע הוט, אין די ראָזאַ און לילאַ קליידער, די אָנגענעמע ריחות וואָס רינגלען זיי אַרום, זענען אַ בעסערע לעבנס־פראָדוקט, ווי יענע אָרעמע, שלעכט געקליידעטע פרויען. צי איז נישט בעסער צו זיין פריילעך, ריין, אָנגענעם, איידער צו זיין פאַרצווייפלט, טרויעריק, קראַנק און אויפגערעגט?

פלוצלינג האָט מיך אַרומגענומען אַ ווילד געפיל, כמעט

אַ חיהשער פֿאַרלאַנג צו אָט דעם הרחבֿהדיק לעבן, וואָס אי- פֿול מיט צופֿרידנקייט און שיינקייט. וואָס אַרט עס מיך, אַז דידאָזיקע ברודיקע, שרייענדיקע באַנדע שטרייקנדע וואַשט מיין וועש, פּוצט מיין פּאָדלאָגע — וויבאַלד איך בין ריין און עלע- גאַנט?

איך האָב זיך געגרוסט צו עטלעכע עלעגאַנטע דאַמען און צו זייערע באַגלייטער אין די גלאַנצנדיקע צילינדערס און גלאַטיקע הענטשקעס. דאַן בין איך אַריין אין דער שיינער קירך, איך האָב אַ בליק געטון צום פֿענצטער איבערן אַלטאַר — און דאָרטן איז געשטאַנען דער טישלער! איך זאָג אייך, די- דאָזיקע דערשיינונג האָט געמאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינ- לעכן איינדרוק. ער איז געשטאַנען אין פֿענסטער ווי תּמיד, און דעמאָלט האָט זיך מיר געדאַכט, ווי איך וואָלט זיך פּלוצ- לינג געוועקט פֿון שלאָף. הייסט עס, אַז ס'איז לחלוטין נישט קיין נאַר-וואָס געקומענער נביא פֿון גאָט, און ס'איז לחלוטין נישט געווען קיין פֿאַרזאַמלונג אין גראַנד-האָל, און נישט קיין אַרטיקל אין „טיימס"! פּלוצלינג האָב איך געהערט הינטער מיר אַ קול:

— ביל, וואָס האָסטו שוין ווידער געמאַכט?

דאָס איז געווען מיין מומע קאַראָלינע. און ווען איך האָב זי געפֿרעגט, וואָס זי טראַכט, האָט זי געענטפֿערט:

— דו דערוועגסט זיך נאָך צו פֿרעגן? האָט די מאָדנע בריאה, דיין נביא... דיין נאָמען איז אין אַלע צייטונגען...

איצט איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס אַלץ איז אמת, און איך בין געגאַנגען מיט מיין ליבע אַלטע מומע צו דער באַנק, וווּ עס איז געזעסן די צווייטע מומע מיינע זשעניע מיט אירע צוויי לאַנגע טעכטער, וואָס וואַקסן צו יעדעס מאָל, ביז איך זע זיי מיט אַ שטיקל. דאָרט איז אויך געזעסן מיין פֿעטער טיימאָטי, דער אָפּיעקון, צו וועמען איך האָב געפֿילט אַ געוויסן דרך-ארץ.

איך האָב געמוט אויסהערן די מורמלערייען קעגן מיר, וואָרום אין אונדזער פֿאַמיליע איז געווען אַ פּרינציפּ: קיינמאָל

נישט פאַרענטפערט צו ווערן אין די צייטונגען. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס איז נישט געווען מיין שולד, וואָס אויף מיר איז מען אָנגעפאַלן, פונקט, ווי עס איז נישט מיין שולד, וואָס דער טישלער האָט גראָד מיך געטראָפן און מיך אויסגעהיילט. עס איז מיר אַנדערש נישט אויסגעקומען, ווי צו זיין העפלעך צו מיין וווילטעטער און אים צו זיין דאַנקבאַר מיט מיין הילף.

דער פעטער טיימאָטי איז געווען אומגעוויינלעך פאַרחידושט, וואָרום ער האָט געגלויבט אין אַלץ, וואָס ער האָט געלייענט אין "טיימס", אַז די גאַנצע געשיכטע איז נישט מער, ווי אַ קינאָ-שווינדל, אין וועסטערן-סיטי דערציילט יעדער איינער, אַז ער גלויבט נישט קיין איין וואָרט, וואָס עס שרייבט אין „טיימס", און דאָך גלויבט מען זייערע אינפאָרמאַציעס, ווייל עפעס מוז מען גלויבן:

איך האָב זיך געבראָכן דעם קאָפּ, און כסדר געטראַכט וועגן דער געשטאַלט איבערן אָלטאַר. באַטירלעך האָט עס עמעצער געמוזט צוריק אַריינשטעלן. אָבער עס האָט מיך אינטערעסירט ווער עס האָט באַמערקט אין פענסטער דעם אַלטן הער ווייגס און, צי ווייסט ער, ווער עס האָט אים אָפּגעטון דאָס שטיקל? איך האָב געזוכט מיט די אויגן דעם אַלטן פעטער דיקסטער, דעם דירעקטאָר פון טרעסט, יאָ, ער איז געזעסן אויף אַ באַנק, איינגעהויקערט, געל, מיט אַ גאָלן קאָפּ: דאָ האָט זיך אויך געפינען סטיוועסענט, קעניג פון דער „פידעלייטי ניישאָנעל" און אַלע אַנדערע פינאַנסיעלע שטאָט-הערשער, די זיילן פון אָרדנונג און רעכט. אַ וויצלער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז באַלד נאָך די תּפילות, וואָלט מען אין דער קירכע פון הייליקן באַרטלאָמיי געקאָנט אָפּהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג פון דירעקטאָרן...

עס האָבן זיך דערהערט טענער פון אָרגל, ס'האָט זיך באַוויזן אַ כאָר, אָנגעטון אין ווייסן, זיי האָבן געהאַלטן גאָלדענע צלמים אין די הענט. הינטער זיי איז געגאַנגען דער חשובער מענטש דר. לוטיוס ספרעי, גלאַט געראַזירט, גוט דער-

נערט און שיין, זיינע אויגן זענען פרום אַראָפּגעלאָזט געווען צו דער ערד. דער כאָר האָט געזונגען מיט באַגייסטערונג אַן אַלט אָרטאָדאָקסיש לידל:

דער גרונדשטיין פון דער קירך איז
יעזוס קריסטוס, אונדזער האַר...

איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז די תּפילות ווירקן אָנגענעם און פייערלעך אויפן געמיט: איך האָב שוין אַלס קליין קינד געלערנט זיי ליב צו האָבן און געניסן, און דאָסדאָזיקע פאַרגעסט מען נישט. דער לייטמאָטיוו איז אָרדנונג און חשובות, צוזאַמען מיט זינגלעכן רייץ. יעדער איינער קאָן אויסגעצייכנט זיין ראָלע, דאָס גאַנצע באַוועגט זיך גלאַטיק ווי אַ פולקאָמענע מאַשין. איך האָב אַנידערגעקניט און תּפילה געטון, דערנאָך בין איך געזעסן שטיל און אויסגעהאָרכט, דאַן האָב איך זיך אויפגעהויבן און געזונגען; דאָס האָט אַזוי געדויערט אַן ערך פון דריי פערטל שעה. לסוף האָט געזונגען דער כאָר, ווי תּמיד פאַר די דרשה. אַלע האָבן מיר געזונגען הויך און פייערלעך:

„דער זון פון גאָט גייט אינם קאַמף
די הערשאַפט צו דערגרייכן;
זיין פאָן ווייעט בלוטיק רויט אין ווינט,
ווער גייט מיט אים אין שטרייט?"

בעת מיר האָבן אָפּגעזונגען די לעצטע שורה, איז דער חשובער דאָקטאָר לוטיוס ספּרעי שטיל אַרויפגעגאַנגען אויף דער טריבונע. נאָכדעם, ווי דער כאָר האָט אויסגעזונגען אָמן, האָט ער אויפגעהויבן איבער די גלויביקע די הענט, — און אין דאָזיקן פייערלעכן מאָמענט האָב איך דערזען דעם טישלער, גייענדיק לענגאויס דער קירך!

# זיבנאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

ער האָט משמעות געוווסט, וווהין ער צילט, און ער איז געגאַנגען אַזוי גיך, אַז איידער עמעצער פון די גלויביקע האָט

נאָך באַמערקט, וואָס עס איז דאָ געשען, איז ער שוין גע־שטאַנען אויף די טרעפּלעך פון אָלטאַר. אין דער קירך האָט זיך געהערט אַ מורמלען פון שטוינונג: דער טישלער איז אַזוי ענלעך געווען צו דער געמאָלטער געשטאַלט, איבער זיין קאָפּ, אַז עס איז שווער געווען אונטערצושיידן, וועלכעס פון די צוויי געשטאַלטן איז אַ געמעל, און וועלכעס איז אַ מענטש פון בלוט און פלייש. דער גייסטלעכער איז געשטאַנען אויפן בעלעמער, מיט אַ ברייט צעעפנט מויל און ער האָט געקוקט שטאַר, ווי ער וואָלט דערזען אַ געשפענסט:

דער נביא האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט, מיט צוויי פינגער האָט ער זיך דראָענדיק אַ קער געטון צו די פּאַרזאַמלטע. זיין קול האָט אַ קלינג געטון שאַרף און באַפעלעריש:

— שוין גענוג מיט דער שפּיל! וואָס מאַכט איר מיט מיין נאָמען?

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אין דער הויך.

— איר קרייציקט מיך, מיך פון דער אויסגעמאָלטער שויב!

אין דער קירך איז אַנטשטאַנען אַ טומל, דער ערשטער אָנזאָג אויף אַ שטורם:

— אַ חרפּה! אַ גאָטלעסטערונג!

— גאָטלעסטערונג! — האָט דער טישלער אויסגערופן — שטייט דען נישט געשריבן, אַז גאָט וווינט נישט אין די טעמפּ־לען, וואָס זענען געמאַכט פון אַ מענטשלעכער האַנט? איר האָט אויפגעבויט אַ טעמפּל פאַרן גאָלדענעם קאַלב און איר באַשמוצט דאָרט דעם נאָמען פון מיין פאָטער!

דער שטורם איז געוואַקסן.

— דאָס איז אומדערהערט! — האָט געשריגן מיין פּע־טער טיימאָטי. דער חשובער לוטיוס ספּרעיי האָט אויפגעהויבן זיין קול.

— הער, ווער איר זאָלט נישט זיין, פאַרלאָזט שוין די קירך!

דער טישלער האָט זיך געווענדעט צו אים:

— דערדאָזיקער מענטש האָט דעם מוט מיר צו באַפעלן. דערדאָזיקער מענטש, וואָס האָט אַריינגעפירט געלטוועקסלער אינם הויז פון מיין פאָטער?

און פּלוצלינג האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער געמיינדע פון גלויביקע און אויסגערופן מיט זיין ציטערדיק צאָרנדיק קול:

— אַלזשערנון דע ווייגס, שטעלט אייך אויף!

און מאָדנע: דער באַנקיר האָט זיך געטון אַ הויב אויף פון זיין אָרט, כ׳ווייס נישט, צי האָט ער דאָס געטון אַ באַצווינגענער פון דער מאַיעסטעטישער קראַפט, וואָס האָט געשווערט אויפן טישלער, צי מיטן געדאַנק צו וואַרפן זיך אויף אים. דאָס פנים פון דער גרויסן באַנקיר איז געווען איינגעהילט אין אַ פורפור־קאָליר.

און דער טישלער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף די איבעריקע געמיינדע־מיטגלידער און ער האָט באַפוילן:

— פּעטער דיקסטיר, שטעלט אייך אויף!

ער האָט געציטערט און געמורמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, נישט באַוווּסט, צי דאָס זענען געווען ווערטער פון מוחל זיין אָדער פּראָטעסט, דער דירעקטאָר פון דער דיקסטיר־טרעסט־געזעלשאַפט האָט זיך אויפגעשטעלט.

— סטיווועסענט קעניגג, שטעלט אייך אויף!

און דער דירעקטאָר פון דער „פידעלייט, ביישאָנעל״ באַנק האָט זיך אויפגעשטעלט. אפשר אַז דער טישלער האָט געוואָלט אַרויסרופן אַ גאַנצע רשימה דירעקטאָרן, אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך פאַרהאַלטן, אַ הויכגעוויקסיקע געשטאַלט אָנגעטון אין ווייסן האָט זיך דערנענטערט צו אים און אים אָנגענומען פאַרן אַקסל. דאָס איז געווען סידניי סימפּקינסאָן, דער אונטער־וויקאַר.

— פאַרלאָזט גאָטס הויז! — האָט ער באַפוילן.

דער טישלער האָט אַ בליק געטון אויף אים און געזאָגט:

— עס שטייט געשריבן: דו זאָלסט נישט אויסרופן דעם

נאָמען פון דיין גאָט אומזיסט, וואָרום גאָט וועט נישט פאַר־
געבן דעם, וואָס האָט אומזיסט אויסגערופן זיין נאָמען.

דער יינגער סימפּקינסאָן האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט
אויף ווייטערדיקע ווערטער. ער איז אַ קעמפער פונם אַזוי גע־
רופענעם „מוסקול" כריסטנטום און טרענירט זיך אין ספּאָרט.
ער האָט אַ שטאַרקן געם געטון דעם טישלער, אויפגעהויבן
אים און אַראָפּגעשלעפּט פון די טרעפּלעך פון אַלטאַר און דער־
נאָך דורך דער גאַנצער קירך. בעת ער איז געלעגן אין די
שטאַרקע אָרעמס פון אונטערוויקאַר האָט ער געשריגן:

— עס שטייט געשריבן: מיין הויז איז אַ הויז צו תּפילה
טון און איר האָט געמאַכט פון אים אַ הייל פון רויבער. דער,
וואָס גנבעט ווייניק, דער ווערט אָנגערופן גנב, און דער, וואָס
גנבעט אַ סך, דער ווערט אָנגערופן די זייל פון דער קירך.
אמת, דער, וואָס באַרויבט ביים אַרבעטער די פּירות פון זיין
אַרבעט, איז געפערלעכער, ווי אַ רויבער ביים וועג, און ווער
עס באַגנבעט די מלוכה און דעם פאָלק, דער איז דער פאָטער
פון אַלע גנבים.

סימפּקינסאָן האָט שוין געהאַט דורכגעשלעפּט דעם נביא
ביז אַ האַלבע קירך, אָבער פּלוצלינג איז געשען עפּעס אומ־
דערוואַרטעטס. אין דער קירך האָט זיך אומבאַמערקט פאַרזאַמלט
אַ הייפל אָנהענגער פון טישלער, און בעת זיי האָבן געזען,
וואָס עס קומט פאָר מיט אים, האָבן זיי אָנגעהויבן הויך
שרייען:

— אַ חרפּה! אַ חרפּה!

צווישן דידאָזיקע מענטשן האָב איך באַמערקט דעם יינגן
עוועריט, דעם סעקרעטאַר פון ט. ס. און קאָרוואָסקי, דעם סעק־
רעטאַר פון שניידער־פאַריין. דאַן האָב איך געזען, ווי אַ מענטש
האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף עוועריטן און אים אַ קלאַפּ גע־
טון אין פּנים, צוויי אַנדערע האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם
רוס און אַנידערגעוואָרפן אים אויף דער ערד.

איך האָב זיך נישט ווילנדיק געטון אַ שטעל אויף, און
געשריגן מיט די איבריקע: — אַ חרפּה! אַ חרפּה! און איך

האָב געוואָלט אַרויסלויפֿן פֿון הינטערן שטענדער. אָבער איך האָב געמוזט פֿאַרבייגיין לעבן מיין פֿעטער, וואָס האָט נישט געוואָלט דערלאָזן דערצו, אַז מיין האַלטונג זאָל ציען די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט. ער האָט מיך אַרומגענומען, געהאַלטן מיך פֿעסט, און מחמת ער איז זייער שטאַרק, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַפֿרייען פֿון זיינע אָרעמס.

איך האָב זיך נישט אויפֿגעהערט צו ראַנגלען מיט אים, און אָן אויפֿהער געשריגן: אַ חרפּה, אַ חרפּה! דער פֿעטער האָט מיך צוגעהאַלטן און געשעפּטשעט מיט אַ ציטערדיק צאָרנדיק קול:

— פֿאַרמאַך ס'מויל, אידיאָט און זעץ דיך אַוועק!

די מומע קאַראָלינע האָט געוויינט, זי האָט מיך געהאַלטן פֿאַר אַ פּאָלע פֿון רעקל, און די מומע זשעניע איז געווען נאָנט פֿון חלשן.

ביסלעכווייז האָט זיך דער קאַמף איינגעשטילט. די מענלעכע מיטגלידער פֿון דער געמיינדע האָבן אַ כאַפּ געטון די טאַלעכע לעסטערער און זיי אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן גאַס; עטלעכע זענען שטיין געבליבן פֿאַרן טויער און קיינעם נישט אַריינגעלאָזן אינעווייניק. איך בין אַנידערגעפֿאַלן אויפֿן שטענדער, דער פֿעטער טיימאָטי האָט מיך פֿעסט צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט, אַז איך זאָל זיך חלילה נישט דורכרייסן לעבן די מומע קאַראָלינע און די מומע זשעניע און אויף אַזאַ אופֿן זיך באַפֿרייען.

דורך דער גאַנצער צייט איז דער חשובער לוטיוס ספּרעג' געשטאַנען אומבאַוועגלעך אויפֿן בעלעמער און לסוף, ווען עס איז שוין געווען פֿולשטענדיק רויק, האָט ער געזאָגט מיט אַ באַוווסטער זעלבסטבאַהערשונג, וואָס פּילט זיך דערוואַקסן צו יעדער לאַגע:

— מיר וועלן פֿאָרזעצן די תּפֿילות.

ער האָט אַרויסגענומען אַ האַנדשריפֿט פֿון זיין טעקע, אַוועקגעלייגט עס פֿאַר זיך און מודיע געווען:

— אונדזער טעקסט איז אַרויסגענומען פון דער יעוואַנ־געליע פון מתי פינף, פסוק ניינאונדרייסיק ביז פערציק.

— און איך זאָג אייך, שטעלט אייך נישט אַנטקעגן דעם שלעכטן; נייערט, אויב עמעצער וועט דיר טון אַ פּאַטש אין דער רעכטער באַק, שטעל אים אויף אויך די לינקע. און אויב עמעצער וועט ביי דיר וועלן אַוועקנעמען דיין רעקל, געב אים אויך אַוועק דיין מאַנטל.

# אַכטאונדרייסיקסער קאַפּיטל

איך בין געשטאַנען אומבאַוועגלעך בעת דער דרשה, בעת דעם אָווערטאָריום און ביי די איבריקע תפילות, מיין פעטער האָט געפּרוווט מיך נאָך לענגער צו פאַרהאַלטן; ער האָט מיך געוואָלט וואָרנען, שעלטן, אָבער איצט האָט ער זיך שוין נישט מער באַנוצט מיטן פיזישן כוח, וואָס עס איז געווען דאָס איינ־ציקע מיטל נישט צו לאָזן מיך אַרויסגיין. ביי דער טיר האָב איך געפרעגט דעם שמש, וואָס עס איז געשען מיטן טישלער, איך האָב געמיינט, אַז מ׳האָט אים איינגעזעצט אין תפיסה. אָבער איך האָב דערהאַלטן אַן ענטפער, אַז די „חברה" איז שוין אַוועקגעגאַנגען, און מיטגענומען מיט זיך די פאַרוווּנ־דעטע.

איך בין געלאָפן מיטן גאַנצן כוח צום ראָג גאַס, ווו עס האָט אויף מיר געוואַרט מיין אויטאָמאָביל, און אין צען מינוט אַרום בין איך געווען ביים ראָג וועסטערן־סיטי. וואָרום דאָרטן האָט דער טישלער באַדאַרפט רעדן.

די צייטונגען האָבן גאָרנישט געמאָלדן וועגן דער צוגע־גרייטער פאַרזאַמלונג, וועגן דעם האָבן נאָר געוווּסט די, וואָס האָבן זיך געפינען אין גראַנד־האָל. אָבער ווי עס ווייזט זיך אויס, האָבן דידאָזיקע צוויסן געטון זייערע קרובים און צוליב דעם האָט זיך פאַרזאַמלט אַ המון מענטשן. דער געדראַנג איז

געוועזן אומגעהויער, דער טישלער איז געשטאַנען אויף אַ וועגעלע און גערעדט.

עס איז געווען אוממעגלעך זיך דורכצושטופן דורך דער מענטשנמאַסע. צום גליק האָב איך זיך דערמאָנט, דורך אַ זייטיק געסל קען מען זיך צוקריגן צו אַ ביליקן האָטעל, וואָס זיינע פענסטער גייען אַרויס אויף דער „סצענע". מיט מי האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באַקומען די דערלויבעניש פונם האָטעל-דירעקטאָר, ער זאָל מיך צולאָזן צו די געסט, וואָס האָבן פון אַ פענסטער פון צווייטן שטאָק זיך צוגעקוקט צו דעם, וואָס קומט פאָר אויף דער גאַס.

אויף דעם באָדן פון דעם וועגל האָב איך דערזען עווע-ריטן, זיין פנים איז באַגאָסן געווען מיט בלוט; שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מ'האָט ביי אים אויסגעשלאָגן דריי ציין און צעבראָכן דעם ביין פון דער נאָז. אָבער נישט געקוקט דערויף, האָט ער פולשטענדיק רויק סטענאָגראַפירט דעם נביאס רעדע. שפּעטער האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט אויך פאַרצייכנט די ווערטער, וואָס דער טישלער האָט געזאָגט אין דער קירך.

מיר דוכט, אַז ער וועט זייער לאַנג נישט לעבן — האָט ער צוגעגעבן — און דעמאָלט, ווען ער וועט שוין נישט זיין מיט אונדז, וועט יעדעס וואָרט פון אים האָבן אַ ווערט. איך וויל נישט לאָזן, אַז איין וואָרט זאָל גיין פאַרלוירן.

איך האָב אויך געזען קאָרווסקן, ער איז געלעגן אויף דער ערד לעבן וועגעלע, ער איז געווען מוראדיק צעשלאָגן, לעבן אים זענען געשטאַנען צוויי אומבאַקאַנטע מאַנסבילן מיט אָנגעשוואָלענע צעבלוטיקטע פּנימער. מיט איין בליק האָב איך אַרומגענומען דאָס אַלץ, און איך האָב אָנגעהויבן אויפמערקזאַם זיך צוצוהערן צו דעם טישלערס ווערטער.

ער האָט גערעדט וועגן דער קירך און וועגן די, וואָס באַזוכן די קירך. ערשט שפּעטער איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיין רעדע איז געווען אַ מאָדערנער וואַריאַנט פון דרייאונ-

צוואָנציקסטן קאַפּיטל אין דער יעוואַנגעליע פון הייליקן מתי צוגעפּאַסט צו דער היינטיקער סיטואַציע און צו די פאַרהעלטנישן. בעת איך האָב אויסגעהערט די רעדע, האָב איך לחלוטין נישט געלייגט קיין אַכט דערויף, איך האָב נאָר געפילט אין איר אַזאַ ליידנשאַפטלעכן אָנגריף אויף אַלץ, וואָס עס עקזיסטירט. די געסט פון האָטעל זענען אויפגערעגט געוואָרן ביז צו דער לעצטער שטופע, איך גלויב, אַז ווען זיי האָבן נישט קיין מורא פאַרן המון, וואָלטן זיי געוואָרפן אויפן טישלער אַלץ, וואָס עס וואָלט זיי נאָר געקומען אין די הענט אַריין.

און דער טישלער האָט געזאָגט:

— טעאָלאָגן, גצלערנטע און צבועקעס פילן אָן די קירך פון די שווינדלער, עס וואָלט נאָך געווען צו דערליידן, ווען עמעצער זאָל כאָטש טון לויט די לערע פון זייער מוסר — אָבער קיינער הערט נישט די דרשות פון דידאָזיקע לייט, וואָרום זיי אַליין טוען נישט דאָס וואָס זיי דרשענען. בליי-שווערע האָרעוואַניע לאַדעוועט זיי אָן די רוקנס פון די אַרבעטער. אַליין אָבער טוען זיי נישט קיין ריר מיט קיין פינגער, כדי צו העלפן שלעפּן די משא, און דאָס אַלץ טוען זיי נאָר צוליב גאווה און פוילקייט. זונטיק קליידן זיי זיך אָן אין די שיינע אַנצוגן און צילינדערס, זיי נעמען אָנטייל אין די באַנקעטן פון דער בירגער-פאַריייניקונג, און אין דער קירך האָבן זיי אָפּגעקויפט די בעסטע שטענדערס... די צייטונגען לויבן זייערע מעשים, מען רופט זיי ערשטע בירגער און זיילן פון דער קירך. גלויבט נישט דערין, מיינע פריינט, זיי האָבן אַפילו קיין רעכט נישט צו לעבן. ווייל רעכט צו לעבן האָט נאָר דער, וואָס טוט עפּעס שאַפן. (ביפאַל). וואָרום ווער טוט זיך אַליין דערהויבן, דער וועט זיין דערנידריקט, און ווער עס וועט זיך אַליין דערנידריקן, דער וועט זיין דערהויבן.

— אָ, וויי צו אייך, געלערנטע, צבועקעס, וואָס פאַרמאַכט פאַר די מענטשן דאָס הימלישע קעניגרייך! איר וועט דאָרט נישט אַריין און די, וואָס ווילן דאָרטן יאָ אַריין, לאָזט איר אויך נישט. וויי צו אייך, געלערנטע, פּרעסביטעריאַנער, צבועקעס. איר,

װאָס פרעסט אויף די הײזער פון די אלמנות, און איר ריכט אָפּ דערבײַ תּפילות. דעריבער װעט אײַך גיכער קומען אַ מפּלה. װײ צו אײַך, װײַל געלערנטע, מעטאָדיסטן, צבועקעס! איר שיקט ארויס מיסיאָנערן קײן אַפריקע, כּדי מחזיר צו זײַן אײן געצנדינער, און װען איר זענט אים שױן מחזיר, גרײט איר צו זײַן נשמה גלײַך אין גיהנם אַרײַן! (בײַפאַל). װײ צו אײַך, פאַרבלענדטע פירער מיט אײַער סובטעלער פאַרפלאָנטערטע לערע, מיט אײַער טראַנסובסטאַנציאַציע און קאָנסובסטאַנציאַציע און אַלע אַנדערע שװינדלערײַען. אָ, נאַרישע און פאַרבלענדטע מענטשן! װײ צו אײַך, געלערנטע איר עפּיסקאָפּן, צבועקעס! איר לײגט ארײַן אין די זאמל־פּושקעס אײַערע מטבעות, אָבער איר װילט נישט אָנערקענען דעם אמת, װאָס שטײט געשריבן אין דער ביבל: גערעכטיקײט, רחמנות אין גלויבן אינם גוטן. װײ צו אײַך, פאַרבלענדטע פירער, װאָס איר זענט פליגן, אין איר װילט אײַנשלינגען קעמלען. (געלעכטער).

אָ, װײ צו אײַך געלערנטע, אַנגליקאַנער, צבועקעס! איר טוט אָן קלײדער פון צן אומבאַפלעקטער װײַסקײט, װאָס װערן געװאַשן מיט דעם שװײס פון שװאַכע פרויען, אָבער אינעװײניק זענט איר פול תּאװות און עגאָיזים. אָ, איר בלינדע פירער פון דער „הויכער קירך”, רײניקט אויס צום ערשטן אײַערע הערצער, און דעמאָלט װעלן די קלײדער, װאָס איר טראָגט דערצײלן פון אײַער רײנקײט. אָ, װײ צו אײַך, באַפּטיסטן, צבועקעס! איר זענט ענלעך צו די װײַסע קברים, װאָס זען אויס שײן פון אויסנװײניק, אָבער אינעװײניק זענען זײ פיל מיט בײנער פון טויטע און מיט װערם. אַזױ זענט איר: אויסערלעך זעט איר אויס פרום, אָבער אינעװײניק זענט איר פול מיט צבועות און אויסגעלאַסנקײט. (בײַפאַל). אָ, װײ צו אײַך, געלערנטע, אוניטאַריער, צבועקעס! איר שטעלט מצבות די פאַרשטאָרבענע רעפאָרמאַטאָרן און איר לײגט קרענץ אויף די קברים פון די לאַנג געשטאָרבענע מאַרטירער. איר זאָגט: הלואי װאָלטן מיר געלעבט אין יענער צײַט, מיר װאָלטן נישט דערלאָזט דערהרגענען דידאָזיקע גוטע מענטשן. דאַרפט איר דאָך װיסן, װי אַזױ צו האַנדלען הײַנט קעגן אונדז. (געלעכטער).

אָבער איר זענט נאָכפאָלגער פון יענע, וואָס האָבן געטויט גוטע מענטשן און דערפאַר טויט איר איצטער אונדז. אָ, שלאַנגען, ווערם! ווי אַזוי ווילט איר זיך דען אויסבאַהאַלטן פון דעם בייזן יום הדין, וואָסוועט קומען אויף אייך?

## ניינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

ווען דער טישלער איז אַנטשוויגן געוואָרן, איז זיין פּנים באַדעקט געווען מיט שווייס און זייער בלייך. אָבער דער המון האָט אים נישט געלאָזט אָוועקגיין. זיי האָבן אים באַוואָרפן מיט פראַגן. טייל האָבן געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער זאָגט, אַז ער איז נאָר וואָס געקומען פון גאָט, אַנדערע האָבן געפרעגט, צי ער גלויבט אין דער קאַטוילישער רעליגיע, און עמעץ אַנדערש האָט זיך גאָר געוואָלט דערוויסן, וואָס ער מיינט וועגן די פּאָליטישע אַקציעס, און צי גלויבט ער באמת, אַז די קאַפּיטאַליסטן וועלן אָן געוואַלט מסכּים זיין צו אַ נייער אָרנונג. אַ מענטש, וואָס האָט באַמערקט אין דער שטרייק־קיך, אַז דער טישלער עסט פלייש, האָט זיך געפרעגט, צי עסן פלייש איז נישט קיין פאַרברעכן בנוגע די לעבעדיקע באַשעפענישן? עס האָט זיך אויך אָפּגעזוכט אַן אַלטער ספּיריטיסט, וואָס האָט געפרעגט, צי די פאַרשטאָרבענע לעבן נאָכן טויט, און אויב זיי לעבן, טאָ ווו זענען זיי פאַראַן?

דאַן האָט מען געבראַכט אַ חולה, דער טישלער זאָל אים אויסהיילן. די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפילט קראַנק, האָבן זיך געשטופּט צום וואָגן, כּדי אָנצורירן דעם טישלערס קליידער.

אין עטלעכע שעה אַרום, האָט ער דערקלערט, אַז ער קאָן שוין נישט מער, אַז ער איז אינגאַנצן אויסגעשעפּט, אָבער צוליב דעם געדראַנג פון מענטשן האָט מען זיך נישט געקאָנט רירן מיטן וואָגן, דער פורמאַן האָט געשריגן, אַז מ׳זאָל מאַכן אַ וועג. איך האָב פאַרלאָזט דעם האָטעל, איינגעשטיגן אין אַן אויטאָמאָביל און איך בין געפאָרן הינטערן וואָגן עטוואָס אָפּגע־רוקט. איך האָב נישט געוווּסט, ווהין דער טישלער פאָרט, און

איך האָב גאָרנישט מער געקאָנט טון, ווי אים נאָכפאָרן — אַן אָרעמער, אומבאַדייטנדער, רייכער יוגנערמאַן, זיצט אַן איינזאַמער אין זיין גרויסן אויטאָמאָביל, און קיינער קוקט זיך נישט אום אויף אים.

דער וואָגן האָט זיך אויסגעקערעוועט צו דער תפיסה-געביידע. דאָס האָט מיך אַביסל איבערגעשראָקן, ווייל איך האָב אַזוי אויך מורא געהאַט, אַז מיינע חברים קאָנען אַרעסטירט ווערן אויף דער אינטערווענץ פון דער קירך-פאַרוואַלטונג. אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט זיך דער טישער לחלוטין נישט געשראָקן דערפאַר. ער האָט געוואָלט זען די שטרייקנדיקע, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַרן „פרינצן-רעסטאָראַן”. ער איז מיט עטלעכע פון זיינע לייט געשטאַנען פאַרן גרויסן פאַריגלטן טויער און ער האָט פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים אַריינלאָזן. אַן אומגעדולדיקע נייגעריקע מאַסע האָט זיך געשטופּט הינטער אים. איך האָב מיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער סצענע, און אין מיין מוח האָבן אַרומגעקרייזט די ווערטער, וואָס איך האָב געלערנט אין מיינע קינדער-יאָרן.

— איך בין געווען קראַנק, און איר האָט מיך באַזוכט. איך בין געווען געפאַנגען, און איר זענט צו מיר געקומען.

אָבער משמעות זענען די זונטיקן נישט געווען קיין באַזוך-טעג און דעריבער האָט מען די קליינע דעלעגאַציע באַלד משלח געווען.

בעת זיי האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן, זענען פון תפיסה אַרויסגעקומען צוויי ברייטפּלייציקע יינגע מענטשן. עס איז תיכף קענטיג געווען, אַז דאָס זענען פּאָליציי-באַאַמטע אָנגעטון אין ציווילע מלבושים.

— פאַרוואָס לאָזט איר אים נישט אַריין ?—האָט אויסגעשריגן איינער פון המון. און איינער פון די צוויי פּאָליציי-באַאַמטע האָט געענטפערט הויך:

— זאָרגט אייך נישט, עס וועט נישט לאַנג דויערן און אויך ער וועט דאָרטן זיין...

דער וואָגן איז פּאַמעלאַך געפאָרן ווייטער; דאָס איז

געווען אַן איינשפּאַניק וועגעלע, וואָס האָט געהערט, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, צו קאָרווסקיס אַ לאַנדסמאַן, דער דאָזיקער לאַנדסמאַן מיטן נאָמען שמעון קאַרלין, האָט פונם דאָזיקן וועגעלע געשעפט זיין חיונה, אָפּפירנדיק צו די שכנים פּעקלעך און פּראַכטן. איצטער האָט ער צוליב דעם טישלער פאַרנאַכלעסיקט זיין פּרנסה, כדי צו קאָנען אַרומפירן דעם נביא. איך האָב דאָס דערמאָנט דערפאַר, ווייל די צייטונגען האָבן אויף צומאָרגנס אָפּגעלאַכט, וואָס דער פאַלשער נביא, „נאַר־וואָס געקומענער פון גאָט", איז געפאָרן אין אַן אַלטן, וואַקלדיקן משא־וואָגן, געשלעפּט פון אַ בלינדער סאַפּנדיקער קלאַטשע.

דער וואָגן איז פאַרפאָרן אין אָרעמען קוואַרטאַל און איז שטיין געבליבן אויף אַ גאַס, וואָס איך ווייס נישט ווי זי הייסט, פאַר אַ קליין הייזל פון אַן אַרבעטער. דאָ האָט געוווינט דער טישלער דזשעמס, ביי דער טיר איז געשטאַנען זיין פרוי מיט אַן ערך אַ האַלב טוץ קינדער, אַלטע טאַטע־מאַמע און עטלעכע פרעמדע מענטשן. די ענגשאַפט ביים וואָגן איז געווען אונגעהויער, פון אַלע זייטן האָבן כסדר געשטראָמט מענטשן, זיי האָבן געבעטן דעם נביא, ער זאָל רעדן צו זיי, און היילן זייערע קראַנקע. און עס האָט אויסגעזען פונקט, ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבן מקריב געווען פאַר די צוויי זאַכן, וואָרום ער האָט נישט געהאַט דעם מוט אָפּצוזאָגן זייערע תחנונים.

לסוף האָט ער דערקלערט, אַז ער וויל זיך אַביסל אָפּרוען און ער איז אַריין אינעם הויז. דזשעמס איז שטיין געבליבן ביי דער טיר, כדי קיינעם נישט אַרייַנצולאָזן. און איך בין געזעסן אין אויטאָמאָביל און געוואַרט, ביז דער המון וועט זיך פאַנאַנדערגיין. אייגנטלעך האָב איך נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז מ׳זאָל מיך אַריינלאָזן אין שטוב אַריין, אָבער דזשעמס האָט מיך באַגרוסט, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, געגנוג פריילעך און מיר דערלויבט, אַז איך זאָל זיך אָנשליסן אַן דער קליינער געזעלשאַפט, וואָס איז פאַרזאַמלט געווען אין זיין שטוב.

דאָ האָב איך אויך געטראָפן עווערעטן, זיין פּנים איז

שוין געווען אָפּגעוואַשן פון בלוט, אָבער עס איז נאָך גישט געווען קיין צייט, ווען אים אַריינצווּשטעלן ציין, און אויסצו־היילן די אָנגעשוואָלענע ערטער, וואָס האָבן פריער רעפּרעזענ־טירט די אויבערשטע ליפּ און די נאָז. דאָ איז אויך געווען קאָרווסקי; ער האָט שוין געקאָנט זיצן און אַפילו לייכט אַ שמייכל טון; איך האָב אויך געזען צוויי אַרבעטער מיט פאַר־בלוטיקטע פּנימער, אָבער זייערע נעמען האָב איך זיך ליידער נישט דערוווּסט.

דער טישלער האָט תּפילה געטון פאַר אַלעמען. ביסלעכ־ווייז איז מען געוואָרן הייטערער, מ׳האָט אָנגעהויבן דערציילן, וואָס מיט יעדן איינעם האָט פּאַסירט. איך האָב באַמערקט, אַז צווערים האָט נישט קוקנדיק אויף די שטאַרקע ווייטאָקן, וואָס ער האָט זיכער געפילט, פאַרשריבן יעדעס וואָרט פון טיש־לער.

די פאַמיליע דזשעמס האָט געוווּסט, אַז דער טישלער וועט צו זיי קומען און מחמת דעם האָבן זיי זיך אָנגעטון אין שענסטן, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, און נישט געקוקט אויף די שווערע צייטן און שטרייקן, האָבן זיי אויך צוגעגרייט אַ באַ־שיידענע וויעטשערע. יעדער איינער פון די געסט האָט באַקו־מען בורויט, באַדעקט מיט געהאַקטע פּלייש, פאַר יעדן איז געשטאַנען אַ טעפּל טיי מיט קוכן.

מיט פאַראינטערעסירונג האָב איך באַמערקט, אַז דער נביא האָט, נישט געקוקט אויף זיין פאַרמאַטערטקייט, געלאַכט און גערעדט בעתן עסן, ווי אַ פּשוטער בשר ודם, וואָס האָט לחלוטין נישט קיין שייכות מיט גאָט. ער האָט צוגערופן צו זיך די קינדער, דערציילט זיי מעשהלעך, געמאַכט זיי פריילעך מיט זיין לוסטיק געלעכטער.

# פערציקסטער קאַפּיטל

פֿונדעסטוועגן איז מען, פֿאַרשטייט זיך, בעת דעם דאָזיקן שמועס אַרויף אויף כּלערליי ערנסטע ענינים. קאַרלין למשל האָט געהאַט אַ קראַנק ווייב, און דער טישלער, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָט זי געוואָלט זען. אַפּנים, אַז ביי די אָרעמע הערשן תּמיד קראַנקהייטן. פֿאַר מיר איז דאָס געווען לחלוטין ניי — אַ גאַנצע וועלט באַוווינט מיט ברודיקע, עלנטע, פֿאַרצווייפֿלטע מענטשן. אמת איך האָב געוווּסט, אַז ס'זענען פֿאַראַן אָרעמע, אָבער פֿאַר מיר זענען זיי תּמיד אויסגעקומען עפּעס אַבסטראַקט, אָדער ווי בלויז אַן איינצלנער מענטש, צי גאָר, ווי אַ פֿאַמיליע וועמען מען קאָן אַלעמאָל מיט עפּעס בייהילפֿיק זיין. דאָ האָב איך געזען אַ נייע וועלט, אַ וועלט געדיכט באַפֿעלקערט — און גראָד דאָס איז געווען מוראדיק: די אומגעהויערע גרויסקייט, די געדיכטע באַפֿעלקערונג פֿון דערדאָזיקער אָרעמער וועלט. דאָס איז געווען ווי אַ חלום פֿון היץ, ווי אַ מדבר־בלאָנדזשעניש, ווו עס הערשט נאָר עלנט, קראַנקהייט און יסורים. איך האָב גוט פֿאַרשטאַנען דאָס געפֿיל פֿונעם טישלער, בעת ער האָט צוגעדריקט זיין האַנט צום שטערן און אָפּגעזיפֿצט:

— ס'איז דאָ אַזויפֿיל צו טון, און מיר זענען אַזוי ווינציק. לאָמיר בעטן גאָט, ער זאָל אונדז צושיקן אַ העלפֿער.

בעת ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים פֿון שמעון קאַרלינס וווינונג, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך זיין פֿרוי, וואָס ער האָט אויסגעהיילט פֿון אַ קדחת. באַלד איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון אַנדערע, זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי העלפֿן אין זייערע ווייטאָקן. חבר אַבעל, איינער פֿון דער מאַסע, וואָס כ'האָב געזען אויף דער נעכטיקער פֿאַרזאַמלונג, איז פֿאַרצווייפֿלט געווען דערפֿון, וואָס מען לאָזט נישט צו רו דעם טישלער. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער איז דער סעקרעטאַר פֿון דער סאָציאַליסטישער קרייז־גרופּע אין וועסטערן־סיטי. איך האָב געוווּסט, אַז אין שטאָט זענען פֿאַראַן סאָציאַ־

ליסטן, אָבער ביז איצט האָב איך נאָך נישט געהאַט געזען קיין איינעם פון זיי און דערפאַר האָב איך געקוקט מיט נייגעריקייט אויף אַבעלן. ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אָבער מיינט נישט, אַז ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ דורכשניטלעכן מיט אַדוואָקאַט, וואָס איז גוט אָנגעטאָן און באַזיצט גוטע מאַניערן; ווייזט אויס, אַז די סאָציאַליסטישע אַדוואָקאַטן געהערן נישט צו דער קאַטעגאָריע. אָבער אַבעל איז געווען אַ באַשיידן, קליין מענטשעלע; די לאַנגע שוואַרצע האָר, זענען אַראָפּגעפאַלן אויף זיינע אויערן און טיילמאָל אויפן שטערן. ער האָט נעהאַט צאַרטע אומעטיקע שטריכן, זיין קול האָט אָפּגעקלונגען גראָב און ליבלעך. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרץ רעקל, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט שוין צוואָנציק יאָר געדינט דעם באַלעבאָס; דער אויסגעריבענער קאָלנער און די געשלייפטע לעכלעך פון די קנעפּלעך האָבן געגלאַנצט מיט אַ גרינעם קאָליר.

חבר אַבעל האָט געוווינט אין שכנות אויפן צווייטן שטאָק און דאָרט האָט זיך געפינען זיין ביוראָ, נעמלעך: אַ קליינע זאַל, ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען די סאָציאַליסטן. יעדן שבת פאַרנאַכט האָט אַבעל מיט עטלעכע חברים אָפּגעהאַלטן רעדעס אויפן ראָג וועסטערן-סיטי, צעטיילט פלוגבלעטלעך און ביכלעך. אין זיין ביוראָ — ווי ער האָט דערציילט דעם טישלער — האָט ער געהאַט אַ גאַנצן לאַגער ליטעראַטור אין דער ווערט פון צוויי טויזנט דאָלאַר; אָבער מיט עטלעכע חדשים צוריק האָבן זיך זעלנער מיט פּאָליציאַנטן און אַגענטן אַריינגעריסן אין זיין וווינונג, זיי האָבן אויסגעבראָכן די טיר, צום טויט איבערגעשראָקן זיין ווייב מיט די קינדער, דורכגענישטערט אַלע שענק און צוגענומען די גאַנצע ליטעראַטור. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען אים אומגעקערט די ביכלעך און די פלוגבלעטלעך, וואָרום מ׳האָט נישט געפינען אין זיי גאָרנישט קיין פאַרברעכערישעס.

— אָבער אין וואָסערן צושטאַנד — האָט זיך אַבעל באַקלאָגט — איך האָב דאָס אַלץ באַקומען צוריק! די ביכלעך

זענען געווען צעשעדיקט, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען זיי צו פאַרקויפן. מיר האָבן זיי על פּי רוב באַקומען אויף קרעדיט און איצטער ווייסן מיר נישט, ווי אַזוי מיר וועלן פאַר זיי באַצאָלן.

דזשעמס איז אויך געווען אַ סאָציאַליסט. קאָרווסקי און זיין פריינט קאַרלין האָבן פאַרטיידיקט די אינדוסטרי-אַקציע. די מענער האָבן אָנגעהויבן צו דיסקוטירן איבער פּראָבלעמען פון טאַקטיק. דער טישלער האָט געשטעלט פראַגן, ער האָט געוואָלט תּופס זיין די פאַרשידענע אָנשויונגען. קאָרווסקי איז אַרויסגערופן געוואָרן פון שטוב, ער האָט זיך תּיכף אומגע־קערט מיט אַן ערנסט פּנים. דזשאָן קאַלוויר געפינט זיך באַנט פונדאַנען, און ער וויל וויסן, צי ער קאָן זיך נישט באַקאָנען מיטן טישלער.

— ווער איז דאָס דזשאָן קאַלוויר? — האָט געפרעגט דער נ״א.

און מ'האָט אים דערקלערט, אַז קאַלוויר איז אַ געפער־לעכער אַגיטאַטאָר, וואָס איז ערשט נישט לאַנג פאַרמשפט גע־וואָרן אויף צוואַנציק יאָר תּפיסה, אָבער ער איז צייטווייליק אַרויסגעלאָזן געוואָרן אויף דער פריי אונטער קויציע, ביז דאָס אַפּעלאַציע-געריכט וועט נישט אַרויסטראָגן דעם ענדגילטיקן אור־טייל. קאַלוויר געהערט צו די י. וו. וו. און איז דער דיכטער פון דער פּאַרטיי.

קאָרווסקי האָט זיך אָפּגערופן:

— ער האָט מורא, הער טישלער, אַז איר וועט אים נישט זייער גערן וועלן זען, מחמת ער ווערט כּסדר נאָכגע־שפּיאָנירט פון געהיים-אַגענטן, און ווי זיי וועלן זיך דערוויסן אַז ער האָט גערעדט מיט אייך, וועלן זיי אויך אייך האַלטן אויפן אויג.

— איך בין גרייט זיך צו באַקאָנען מיט יעדן איינציקן, — האָט דער טישלער געענטפערט. — מיין שליחות פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיך צונויפטרעפן מיט מענטשן.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט מען אַריינגעפירט דעם געפערלעכן אַגיטאַטאָר אין צימער.

איך האָב פון צייט צו צייט געלייענט אין „טיימס" וועגן די פּראָצעסן איבער די מיטגלידער פון דער י. א. וו. ריכטונג, וועגן דעם, אַז זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן חוצפּהדיק לגבי זייערע ריכטער, אַז מ'האָט זיי פאָרגעוואָרפן פאַרשידענע פאַרברעכנס און זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַזוי און אַזויפיל יאָר תּפיסה. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט דאָס געלעגנהייט צו באַקאָנען איינעם פון דידאָזיקע ווילדע, שרעקלעכע מענטשן, אָבער איך האָב מיר תּמיד זיי פאָרגעשטעלט, ווי טונקעלע, אומהיימלעכע געשטאַלטן, מיט אויסגעקרומטע מיילער און אומרויקע כיטרע אויגן. איבּריקנס, האָבן זיי אַזוי אויסגעזען אויף די פילמען. איצט בין איך צום ערשטן מאָל געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט איינעם פון זיי און, מאָדנע, איך האָב געזען אַ יינג יינגל, מיט אַן אָפן, גראָבּ-הויטיק פּנים און פינקלדיקע שניי-ווייסע ציין.

— חבר טישלער! — האָט ער אויסגעשריגן און אויסגע-שטרעקטביידע הענט צום נביא. דו ביזט אונדזערס אַן אַלטער פריינט, הגם גאַנץ מעגלעך, אַז דו ווייסט עס נישט. אין אונ-דזערע דזשונגלען טרינקען מיר אָפט פאַר דיין געזונט.

— באמת?

— אייגנטלעך דאַרף איך זיך נישט מיט אייך צונויפטרעפן — האָט קאַלוויר ווידער געזאָגט — מחמת זיי האַלטן מיך כּסדר אויפן אויג און איר ווייסט דאָך, אַז אונדזער אָרגאַניזאַציע איז פויגלפריי? *)

— פאַרוואָס איז זי פויגלפריי? — האָט געפרעגט דער טישלער.

— ווייל די מענטשן האַלטן, אַז מיר צינדן אונטער די רביאה, שלאָגן אריין טשוועקעס אין די פרוכט-ביימער און מיר באַגיין אנדערע פאַרברעכנס.

*) פויגלפריי — אויסערן געזעץ.

— טוט איר באמת אַזוי ?

— קאַלוויר האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. חבר טישלער, ס'איז אַזוי אמת, ווי דיין אויפטרעטן אויפן פילם.

— איך פאַרשטיי, אָבער וואָס טוט איר ?

— מיר אָרגאַניזירן די אומבאַוווסטזיניקע אַרבעטער.

— צוליב וואָס אָרגאַניזירט איר זיי ?

— כדי זיי זאָלן וויסן ווי אַזוי זעלבסטשטענדיג צו פירן די אונטערנעמונגען, ווען דער ביז איצטיקער סיסטעם פון אויסזויגונג און רשעות וועט אין זיין אייגענער צעפוילטקייט זיך פאַנאַנדערפאַלן.

— איך פאַרשטיי. — דער נביא האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

— הייסט עס, אַן אויפשטאַנד פון שקלאַפן ?

— יאָ.

— איך ווייס וואָס מען טוט מיט די אויפשטענדיקע שקלאַפן, מיין ברודער איר האָט גליק, וואָס מען זעצט אייך בלויז איין אין תפיסה.

— זיי טוען אונז אַנדערע זאַכן אויך — האָט קאַלוויר דערציילט. איך וועל דיר געבן צו לייענען אונדזער בראָשור: „אַ טראָפּן בלוט", דאָרטן וועסטו זיך דערוויסן וועגן סמאָלע מיט פעדערן, פון שיסן צו מענטשן. ווי צו ווילדע חיות, וועגן אַלץ, וואָס מען קאָן זיך דערוויסן אינם לאַנד פון פעבל. — זיינע אויגן האָבן געפינקלט — דו האָסט אויסגעטראַכט אַ פּאַסיקן נאָמען פאַר אַמעריקע. זי וועט שוין הייסן אַזוי.

דער טישלער האָט זיך ווייטער אויסגעפרעגט; ער האָט געוואָלט וויסן אַלע פּרטים וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויסערן געזעץ און אירע מיטגלידער. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געפילט גרויסע סימפּאַטיע צום יינגן קאַלוויר, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים, געוואָלט הערן זיינע געדיכטן, און איבערצייגנדיק זיך, אַז זיי זענען ווירקלעך שיין און לעבעדיק, האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דעם יינגן דיכטערס אַקסל.

און ווידער האָבן אויפגעטויכט אין מיר ווייטע ערינערונג.

געז פון מיין קינדהייט; צי האָט זיך צווישן זיינע תּלמידים נישט געפינען איינער, מיטן נאָמען יוחנן, וועמען ער האָט אַממייניסטן ליב געהאַט?

# איינאונפערציקסטער קאַפּיטל

דער יינגער אַגיטאַטאָר האָט דערציילט פון זיינער אַ אונטערזוכונג וואָס ער האָט געמאַכט אין דער האָלץ לאַגער־געגנט אויף דרום מערב. ער האָט ארויסגעלאָזט אַ פלוגבלעטל וועגן אַ סכסוך, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען.

אַ באַנדע געוואָפענטע זעלנער זענען אָנגעפאַלן אויף דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער י. וו. וו. די באַפאַלענע האָבן זיך פאַרטיידיקט און בעת מעשה זענען געהרגעט געוואָרן צוויי אָדער דריי אָנפאַלער. די פרעסע־אַגענטור האָט שפּעטער צע־בלאָזן די ידיעה, אַז די מיטגלידער פון י. וו. וו. זענען אָן אַ פּאַרוואָס אָנגעפאַלן אויף זעלנער.

— אַזוי האַנדלען די צייטונגען — האָט דזשאָן קאַלוויר אויסגעשריגן. — דער סוף דערפון איז הרגות און מאָרדן. אין די מערב־שטאַטן איז יעדער איינציקער, וואָס טראָגט אַ רויטע מיטגלידס־קאַרטע אין קעשענע, נישט זיכער מיט זיין לעבן.

דער שמועס האָט זיך איבערגעוואָרפן אויף דער טעמע וועגן ווידערשטאַנד און אומווידערשטאַנד. מיט אַ מאָדנעם געמיש פון רחמנות און ווידערגעפיל, האָב איך זיך צוגעהערט צו דער דעבאַטע פון דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשי־דענע ריכטונגען און אָנשויונגען, וועגן דעם, צי דער פּראָלע־טאַריאַט קאָן אויסקעמפן פאַר זיך פרייהייט און נישט באַנוצן זיך דערביי מיט טעראָר. דער צאַרטער חבר אַבעל האָט געמוזט מודה זיין, אַז די סאָציאַליסטן באַנוצן זיך אין זייערע פּאָלי־טישע אַקציעס מיט אַ פאַרשלייערטן טעראָר. אמת, זיי פּרוּוון דערגרייכן די מלוכה מיט דער הילף פון שטים־צעטלעך, אָבער

די מלוכה איז אַן אַפּאַראַט פון געוואַלט און זי וויל מיט גע־וואַלט אָנוואַרפן איר ווילן.

— איר זענט אודאי אַן אַנאַרכיסט — האָט זיך איינער פון די אָנוועזנדע געווענדעט צום טישלער.

צו מיין גרויס פאַרחידושונג האָט זיך דער טישלער לחלוטין נישט איבערגעשראָקן פון דער פראַגע.

— איך אָנערקען נישט קיין שום מאַכט אויסער ליבע. — האָט ער געענטפערט רויק -- איבריקנס, וואָס פאַרא שייכות קאָן איך האָבן מיט דער רעגירונג?

דאָס צימער האָט אָנגעהויבן פול ווערן מיט פרישע געסט, ס'איז געוואָרן אַן אמתע פאַרזאַמלונג. איך האָב נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געהערט אַזוינע אינטערעסאַנטע אָנשויאונגען, אַפילו זיך נישט משער געווען, אַז אַזעלכע זענען בכלל פאַראַן. איך האָב זיך עפּעמיט צו זיין באַליידיקט, דאָך האָב איך גע־טראַכט אַז מען קען זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר געוויינלעכע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין מיטגלידס־קאַרטן.

דעריבער האָב איך פון צייט צו צייט גענומען אריינ־וואַרפן אַ באַשיידן וואָרט בעת דער דיסקוסיע. נעמלעך, אַז ס'זענען פאַראַן אויף דער וועלט זייער אַ סך מענטשן, וואָס האָבן דעם צווייטן נישט ליב און אין זיי איז נישט אַזוי גרינג אַריינצוואַרצלען דידאַזיקע ליבע, און מחמת דעם וואָלט גאַנץ גלייך געווען די מענטשן צו לערנען. פאַרשטענדלעכע נאַכזיכטיקייט. חוצדעם האָב איך דערמאָנט, אַז די אַרבעטער נאָך נישט אַזוי וויט געבילדעט, כדי צו קענען אָנפירן מיט די אונטערנעמונגען און זיי נויטיקן זיך אין דער הילף פון די ביז איצטיקע הערשער.

— אַביסל מער בילדונג — האָב איך אָנגענומען מוט צו זאָגן.

דזשאָן קאַלוויר האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. דאָס איז געווען זיין ערשט בייז, מיאוס געלעכטער, וואָס איך האָב געהערט,

— בילדונג, וואָס עס גיבן די הערשער! בילדונג, געגעבן מיט נאַהייקעס.

איך האָב געזאָגט:

— איך ווייס, יונגערמאַן, אַז ס׳זענען פאַראַן אַ סך ברו־טאַלע אונטערנעמער, אָבער צווישן זיי זענען אויך פאַראַן מענטשן, וואָס וואָלטן גערן געענדערט זייער לעבנס־סיסטעם. זיי וואָלטן געטון גוטס, ווען זיי וואָלטן געוווּסט, ווי אַזוי זיך צו נעמען דערצו. אָבער ווער וועט זיי לערנען, ווער וועט זיי זאָגן, וואָס זיי דאַרפן טון? אָט נעמט מיך, למשל: איך פאַרמאָג אַ גרויס רייכטום, אויף וועלכן איך אַליין האָב נישט געאַרבעט. וואָס זאָל איך טון? וואָס זאָגט איר, הער טישלער?

איך האָב זיך געוואָנדן צו אים. ווי צו אַ מענטש, וואָס באַזיצט די אמתע אויטאָריטעט, און די איבריקע פון די פאַר־זאַמלטע האָבן אויך געקוקט צו אים: ער האָט תּיכף געענטפערט:

— פאַרקויפט דאָס, וואָס איר פאַרמאָגט און צעטיילט עס צווישן די אָרעמע.

— און דאָס וועט שוין באמת אויפבינדן דאָס פּראָבלעם? די אַרבעטלאָזע וועלן אויסגעבן דאָס געלט און אַלץ וועט זיך אומקערן צום פריערדיקן.

אָבער דער טישלער האָט געזאָגט:

— זיי זענען אַרבעטלאָז דערפאַר, ווייל איר נעמט ביי זיי אַוועק דאָס רייכטום, וואָס איר האָט נישט דעראָבערט דורך אייגענער אַרבעט. גיט עס זיי אָפּ צוריק.

און ווען ער האָט געזען, אַז איך בין נאָך נישט גענוג איבערגעצייגט, האָט ער צוגעגעבן:

— ווי שווער עס איז דעם רייכן תּופס צו זיין די סאָ־ציאַלע גערעכטיקייט?

— באמת, ס׳איז לייכטער פאַר אַ שטרייק־פירער צו צווינגען אַ״ער „טיימס״ דעם אמת צו שרייבן, איידער פאַר אַ רייכן צו פאַרשטיין, וואָס עס איז אַזוינס גערעכטיקייט.

ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. איך בין אַנטשוויגן געוואָרן און פון איצטער אָן זיך נישט אַריינגעמישט אין

שמועס. ערשט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ ראָלע איך האָב געשפּילט איך האָב לייכט דערקענט אינעם הער ט. ס. דעם הײַליקן פּעטער, פונדעסטוועגן האָב איך מיך אַליין נישט דערקענט פאַר יענעם רייכען יינגל, וואָס האָט צוערשט געבעטן אַן עצה און דערנאָך זי נישט געפאָלגט.

„און ווי דאָס יינגל האָט אויסגעהערט די ווערטער איז ער אַוועקגעגאַנגען אַ פאַרטרויערטער, וואָרום ער האָט פאַרמאָגט אַ סך גיטער.

# צוויי־און־פערציקסטער קאַפּיטל

איר וועט מיר גלויבן, אַז איך האָב צומאָרגנס אינדערפרי תיכּף גענומען אַ „טײַמס“, כּדי זיך צו דערוויסן, וואָס עס שטייט דאָרט ווידער געשריבן וועגן מײַן נביא. באַטירלעך האָבן באַלד אויף דעם ערשטן שפּאַלט געמאַלדן ריזיקע אותיות:

„אַ באַנדע אַנאַרכיסטן פאַלט אָן אויף דער קירך פון הײַליקן באַרטלאָמיי. דער נביא מיט זײַן אָפּגעריסענע חברה דערלאָזן נישט אָפּריכטן תּפילות“.

איך האָב שנעל דורכגעקוקט דאָס גאַנצע אַרטיקל: דער טישלער — האָט די צייטונג מודה געווען — האָט זיך באַמיט אַנידערצוּוואַרפן אויף דער ערד דעם ערלעכן סימפּקאָנסאָן, און די אָנהענגער פונם נביא האָבן זיך געוואָרפן אויף די גלויביקע. איך מוז מודה זײַן, אַז איך האָב לייכטער אָפּגעעטעמט, וואָס אין ערגעץ איז נישט דערמאָנט געוואָרן מײַן נאָמען. וואַרשײַנלעך האָט דער פּעטער טיימאָטי נאָך זונטיק בײַנאַכט זיך פאַרשטענדיקט טעלעפאָניש מיט דער רעדאַקציע. אָבער שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן לייענען דעם „עקסעמינאַר“ און... אַך — די דאָזיקע צייטונג האָט געשריבן וועגן מיר, ווי וועגן אַ געוויסן רייכן יונגנמאַן, וואָס האָט זיך געריסן צו פאַרטיידיקן דעם העצנדיקן נביא.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז דער פּעטער טיימאָטי האָט מיט אַ יאָר אָדער צוויי צוריק געהאַט אַ שאַרפן סכסוך מיטן אַרויסגעבער פון „עקסעמינאר".

דער „טיימס" האָט געווידמעט דבר זאַך דאָס אַנדערע-לייט-אַרטיקל: נעכטן האָט די צייטונג געוואָרנט די געזעלשאַפט, וואָס זי קאָן ערוואַרטן, און אַט היינט קאָן מען שוין זאָגן צי די רייד באַשטעטיקן זיך. דער „טיימס" האָט ווייטער געפרעגט:

„צי איז אין וועסטערן-סיטי פאַראַן אַ פּאָליציי-פּרעזידענט, אָדער ער איז נישטאָ. ווילאַנג וועט די מאַכט נאָך דערלויבן דאָ אַרומרעגירן דעם דאָזיקן שווינדלער? דעם „גאָטס נביא", וואָס פּאָרט איבער די גאַסן אין אַ צעבראָכענעם וואָגן, אַרומגערינגלט מיט קינאָ-אַקטריסעס און רויטע אַגיטאַטאָרן? צי וואַרט די פּאָליציי ביז זיין געפערלעכע לערע וועט אָנשטעקן מיט פייער דאָס פּעבל, און עס וועט אויסברעכן אַ שרפה? צי וואַרט די פּאָליציי, ביז ער אין די ענלעכע צו אים, וואָס רופן צו רויב און מאָרד, וועלן דערפירן צו אַן אויסברוך פון קלאַסן-האַס און קלאַסן נקמה? מיר רופן די מאַכט פון אונדזער שטאָט, אַז זיי זאָלן אַרויסטרעטן מיט אומבאַדינגטער ענערגיע און דעם דאָזיקן נידערטרעכטיקן שאַרלאַטאַן צו פאַרשפאַרן אונטער שלאָס און ריגל — ווו עס זיין אָרט — אין תפיסה".

די צייטונג האָט, אונטערגעשטראָכן אַן אַנדערן ענין וואָס האָט אַ שייכות מיט דער געשיכטע. נאָך לאַנגע מי האָט זיך די האַנדלס-קאַמער אין וועסטערן-סיטי — פּונקט ווי אַלע אַנדערע בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס איינגעגעבן, אַז וועסטערן-סיטי זאָל אויסגעוויילט ווערן פאַר דעם פּאַסיקן אָרט, ווו עס זאָל פאָרקומען היי-יאָר דער קאָנגרעס פון די פעבלענדישע „בריגאַדע" דער קאָנגרעס האָט זיך געזאָלט עפענען אין דריי טאָג אַרום. מיט יעדן צוג זענען אָנגעקומען דעלעגאַטן. וואָס פאַר אַ איינדרוק וועלן זיי האָבן וועגן דער אָרדנונג אין דער רו אין וועסטערן סיטי? צי דערויף האָבן זיי פאַרגאָסן זייער בלוט אין דער שרעקליכער מלחמה, כדי דאָס משוגעת פון אַ

נאָטלאָזן שאַרלאַטאַן זאָל קאָנען איצט אַרויסרופן אומרועןְ? וואָס האָט בדעה צו טון דער לאָקאַלער פאַריין פון דער „פעבל בריגאַדע" כדי צו ראַטעווען דעם כבוד פון דער שטאָט? אין דער „טיימס" האָט אויסגעשריגן:

„אויב אונדזער גרויסאַרטיקע מאַכט-אָרגאַנען ווילן זיך וואַקלען אַריינצומישן אין דעם בדענענדיקן מאָמענט, געפונען זיך נאָך צווישן אונדז הונדערט פּראָצענטיקע אַמעריקאַנער וואָס וועלן זיך קענען שטעלן אויף דער וואַך צו באַשיצן די עפנטלעכע רו, וואָס וועלן קענען פאַרזיכערן די רעכט דער קאַטויילישער באַפעלקערונג תפילה צו טון צו זייער גאָט — און צו נישט מאַכן די דיקטאַטור פון מענטן פונם משוגעים-אַנשטאַלט".

אין די לעצטע טעג האָב איך זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיטן טישלער און מיט זיינע מעשים, אַז כ'האָב לחלוטין פאַרגעסן וועגן דער „פעבל לאַנד-בריגאַדע" און וועגן זייער קאָנגרעס. איך געהער צו דער בריגאַדע און איך האָב זיך באַדאַרפט פאַרנעמען מיטן צוגרייטן דעם קאָנגרעס, אָנשטאָט דעם האָב איך זיך אַרומגעשלעפט מיטן נביא, וואָס האָט אים, ווי עס ווייזט אויס, אַליין געגאַנגען אין לעבן צו ברענגען אויף זיך אומגליק. יאָ, די „בריגאַדע"-לייט וועלן זיין צו גאַסט אין שטאָט, און מען קען זיך פאַרשטעלן, וואָס עס וועט זיך טון, בעת די ווילדע מענטשן וועלן באַגעגענען אויף דער גאַס דעם וואָגן פונעם טישלער.

# דרייאונפערציקסטער קאַפּיטל

איך האָב אין איילעניש אויסגעטרונקען אַ שעלכל קאַווע און גענומען אַ טאַקסאָמעטער צוצופאָרן צום הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. איך בין זיך משער געווען, אַז דאָרט וועל איך טרעפן דעם טישלער, איינער פון די שטרייקנדע-קעלנער-פונקציאָנאַרן האָט מיר אינפאָרמירט, אַז ער איז נאָך

ביז איצט נישט געווען. איך בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך שוין געזען דאָס ווײַס־געקליידעטע געשטאַלט, וואָס איז געפירט געוואָרן אינטערן אָרעם דורך אַ שוואַרץ־געקליידעטן מאַן, הינטער זיי איז געגאַנגען ער־װעריט, וואָס האָט היינט אויסגעזען נאָך שרעקלעכער. זײַן פּנים איז געווען באַדעקט מיט פּאַרפּור פון גרינע פלעקן. און דער געזעלשאַפט האָט זיך אויך געפינען קאַרווסקי און צוויי אַנדערע מענער: מאַנעטי, אַ יינגער מעקסיקאַנער אַרבעטער פון אַ ציגאַרן־פאַבריק, וואָס איז איצט געווען אַרבעטלאָז און העמ־בײַי. דעם דאָזיקן מענטש האָב איך נעכטן געזען אינם הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַריינען; מען האָט דערציילט וועגן אים, אַז ער איז אַ פאַציפיסט און ער האָט באַת דער מלחמה געליטן פון זיינע איבערצייגונגען. מען האָט אים שיר נישט דערהרגעט אויף טויט און אים געהאַלטן אין תּפיסה.

ווי אַזוי עס זאָל נאָר נישט זיין, האָב איך זיך אַנדערש פאָרגעשטעלט אַ פאַציפיסט, דער דאָזיקער הויכגעוויקסיקער, דיקער מענטש, האָט נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם וואָס לערנט אידעאַליזם.

אָבער דער טישלער האָט זיך באַצויגן צו אים, ווי צו יעדן אַנדערן, ער האָט ווייזט אויפ נישט געוווסט, וואָס עס איז אַזוינס אומצוטרוי.

מיר זענען צוגעגאַנגען צו דער בראָדוויי, אונדזער קליינע גרופּע האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, דער און יענער האָט גענומען גיין הינטער אונדז.

— עס פאַרזאַמלט זיך שוין ווידער אַ המון, — האָב איך אַ טראַכט געטון — דער טישלער וועט ווידער אָפּהאַלטן אַ רעדע.

אַ געדאַנק איז מיר דורכגעלאָפן אין קאָפּ: אויסהאַלטן ביזן סוף, אָדער פּחדנותדיק אַנטלויפן, כדי צו ראַטעווען די נעמען פון מיין פאַמיליע? פּלוצלינג האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון מוזיק, פויקן און טרומייטן האָבן געדונערט הויך:

... אָ, דו, מיין אוצרל, וועסט פאַרבלייבן דאָ...

דער טיעלער, וואָס איז געגאַנגען פאַר מיר, איז שטיין געבליבן און אָנגעהויבן זיך רוקן צוריק פאַר דעם, וואָס האָט זיך דערנענטערט, ביז ער האָט זיך צוגערוקט צו אַ פענסטער, וואָס ער האָט שיר נישט צעקוועטשט.

לענגאויס דער גאַס איז געגאַנגען אַ קאָמפּאַניע געוועזענע זעלנער... זיי זענען געווען אומגעפער צוויי הונדערט מענטשן די ביקסן מיט די אַרויפגעזעצטע באַגנעטן האָבן געגלאַנצט אַקעגן דער זון. פאָרויס זענען געגאַנגען צוויי פּויקער, צוויי פּעַנער האָבן געווייעט אין דער לופט, אַ פאָן פון דער בריגאַדע און פונם לאַנד פון פּעבל. ערשט איצטער האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס איך האָב ערשט נישט לאַנג געלייענט אין צייטונג: עס האָט באַדאַרפט קומען דער קאָמענדאַנט פון דער בריגאַדע, דאָס איז זיכער געווען אַ דעלעגאַציע, וואָס איז געגאַנגען אויפן וואָקזאַל, כּדי אים מקבל פּנים צו זיין.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען אונז און זיי זענען פאַרשווינדן אין דער ווייטקייט. איך האָב אָנגעקוקט דעם נביא. ער האָט געקוקט פאַר זיך מיט ברייט צעעפנטע אויגן, זיין פּנים האָט אויסגעדריקט ווייטאָק.

— גאָט, פאָטער מיינער! — האָט ער געשעפּטשעט.

איך האָב געזען, אַז דער אָפּקלאַנג פון יעדן שווערן, ריטמישן טריט האָט אים אויפגעטרייסלט. און ווען דער המון האָט אונדז אויסגעמיטן מיט אַ גערויש און טומל, איז ער שטיין געבליבן מיט אַ פּנים, איינגעקורטשעט פון יסורים.

— דאָס איז רוים, דאָס איז רוים — האָט ער געזאָגט מיט אַ האַלב קול.

— ניין! — האָב איך געענטפערט — דאָס איז פּעבל לאַנד.

אָבער ער האָט גערעדט ווייטער, ווי ער וואָלט מיך נישט געהערט:

— רוים, אייביקע רוים, וואָס שטאַרבט קיינמאָל נישט..

ער האָט געווענדעט צו מיר די איבערגעשראָקענע אויגן:

— אפילו די אָדלערס...

איך האָב ווידער גישט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, איך אַ ווײַלע אַרום האָב איך תּופס געווען, אַז ער רעדט וועגן דעם גאָלדענעם אָדלער, מיט די צעשפּרייטע פליגל, וואָס זיצט אויפן שפּיץ פון אונדזער פאָן.

— מיר האָבן נאָר איין אָדלער — האָב איך זיך אָפּגערופן אומזיכער.

אָבער ער האָט געענטפערט:

— די נשמה פון איין אָדלער איז ס'זעלבע, וואָס די נשמה פון צוויי אָדלער...

איך האָב געוווּסט, אַז דער טישלער וואָלט קיינמאָל נישט געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער בריגאַדע, און דערדאָזיקער באַוווּסטזיין האָט מיך געשטאַרקט אין מיין באַשלוס: מען טאָר נישט דערלאָזן דערצו, אַז דער טישלער זאָל זיך צונויפטרעפן מיט דידאָזיקע מענטשן. איצט האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אים צו באַפרייען פונם המון, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, וואָרום ער האָט שוין אָנגעהויבן רעדן:

— די שאַרפע מעסער! צי זעט איר נישט, ווי זיי שניידן זיך אַריין אין דעם מענטשלעכן אינגעווייד? צי זעט איר נישט, ווי עס פליסט איבער זיי דאָס בלוט פון אייערע ברידער?

איך האָב שטילערהייט אָפּגעהאַלטן אַ קורצע באַראַטונג מיט צוועריטן, ווען איך האָב געהאַלטן פאַר דעם ניכטערסטן פון צווישן די אַלע ענטוזיאַסטן:

— מיר מוזן אים אַוועקנעמען פונדאַנען...

צוועריט האָט צאַרט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן זביאָס אַקסל.

— די אַרעסטאַנטן וואַרטן אויף אונדז.

איך האָב אָנגענומען דעם טישלער אונטערן אָרעם פון דער אַנדאַרער זייט און אַזוי האָבן מיר אים געפירט לענגאויס די גאַס, מיר זענען געגאַנגען גיך, דער המון איז געבליבן הינטער אונדז, נאָר עטלעכע בייגעריקע זענען געגאַנגען פון הינטן, עטוואָס אָפּגערוקט פון אונדז.

# פיראונפערציקסטער קאַפּיטל

מיר זענען שטיין געבליבן פאַר דער תפיסה און פאַר־לאַנגט, אַז מען זאָל אונדז אַריינלאָזן אינעווייניק, אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז די מאַכט שוין צוגעגרייט געווען צו דעם איבערפאַל, וואָרום דעם נביא איז פאַרווערט געווען אַריינצו־גיין אינעווייניק. אונדזער קליינע גרופּע איז געשטאַנען פאַרן טויער, פאַרזאָרגט, נישט וויסנדיק, וואָס צו טון.

וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, האָב איך געהאַלטן, אַז עס איז געווען זייער גוט, וואָס מ׳האָט דעם טישלער נישט אַריינגע־לאָזן אינעווייניק: איך האָב געוווּסט, וואָס ער האָט דאָרטן געקענט זען. מיין מומע זשעניע איז אַ מיטגליד פון עטלעכע פרויען־געזעלשאַפטן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע אַוואַנ־טורע צוליב די פאַרהעלטענישן, וואָס הערשן אין אונדזער שטאָטישער תפיסה. די אַוואַנטורעס ציען זיך שוין לאַנגע יאָרן, אָבער ביז איצט אָן רעזולטאַט.

דידאָזיקע געביידע האָט געבויט איינע פון די גענעראַ־ציעס, וואָס האָט געלעבט אין אַ צייט, ווען די שטאָט האָט קוים פאַרמאָגט אַ צענט־חלק פון אירע היינטיקע שטחים: די מויערן זענען שוין אַלט און רוּינירט, און מען האָט זיי שוין פונלאַנג באַדאַרפט צענעמען. די תפיסה איז תמיד איבערפולט, צוליב דעם האָבן צען מענטשן געמוזט שלאָפן אין איין קאַ־מער אויף דער ערד. די ווערם האָבן געפּייניקט די אַרעס־טאַנטן, וואָס האָבן געמוזט זיצן אין דער פינסטער; אין אַ סך קאַמערן זענען זיי געפרוירן געוואָרן פון קעלט און אין אַנ־דערע האָבן זיי זיך געשטיקט פון היץ. אָפטמאָל זיצן די אַרעס־טאַנטן אין אויספאָרשונגס־אַרעסט און קאָנען זיך נישט דער־וואַרטן אויפן באַשולדיקונגס־אַקט, מחמת די תפיסות זענען אי־בערפולט. ווי — ווייט מ׳האָט געקאָנט גלויבן די ווערטער פון חבר אַבעל, האַלט מען יעדן פון די אַרעסטירטע פאַר שולדיק ביז צו דער צייט, ווען עס ווערט באַוויזן זייער אומשולד.

אָפטמאָל האָב איך געהערט, ווי די מומע זשעניע האָט

נערעדט מיט כעס וועגן די הערשנדיקע פאַרהעלטענישן. אונ־ דזערע בענק זענען איינגעאָרדנט אין פּאַלאַצן, אונדזער בערזע און די אַנדערע ענלעכע פינאַנס־אונטערנעמונגען געפינען זיך אין ריזיקע לאָקאַלן — און אונדזערע אַרעסטאַנטן פאַרברענגען זייער לעבן אין שרעקלעכע יסורים — און קיינער נעמט זיך נישט אָן פאַר זיי.

צי האָט דער טישלער געוווּסט וועגן דעם אַלעם? צי האָבן אים דאָס דערציילט די שטרייקנדיקע אָדער די אַגיטאַ־טאָרן? וואָרום פּלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטון:

— לאָמיר תפילה טון!

און דאָ פאַרן טויער פון דער תפיסה, האָט ער תחנונים־דיק אויפגעהויבן די הענט און הויך אויפן קול אָנגעהויבן תפילה צו טון פאַר די אַרעסטאַנטן. ווען ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט דער חבר אַבעל אָנגעהויבן זינגען. איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט משער געווען, אַז פון אָט דעם קליינעם, שוואַכן נפש קאָן זיך אַרויסרייסן אַזאַ מעכטיק קול, משמעות האָט עס דער חבר אַבעל אויסגעאיבט בעת זיינע רעדעס אויף די סקווערן. ער האָט אָנגעהערט צו די יעוואַנגעליער מיט דעם אונטערשיד, וואָס זיין יעוואַנגעליע האָט נעלערנט עפּעס אַנ־דערש. ער האָט געזונגען:

שטייט אויף, איר אַלע, אַלע שקלאַפן,
פון הונגער לעבן צוואַנג און נויט!
עס זידט דער גייסט און רופט צום וואָפן,
צום קאַמף אונדז פירן איז ער גרייט!...

ווען איך וואָלט געווען געוווּסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ ליד, ווען איך וואָלט זיך משער געווען, אַז דידאָזיקע פאַנאַ־טיקער זינגען ביי די טויערן פון תפיסה דעם „אינטערנאַציאָ־נאַל”, וואָלט איך געווען נאָך מער איבערגעשראָקן. אָבער אַ צופאַל האָט אָפּגעראַטעוועט די מענטשן פון אַן אומגליק, דער תפיסד־דירעקטאָר האָט, פּונקט ווי איך, נישט געקאָנט דאָס ליד.

די קליינע גרופּע האָט אָפּגעזונגען די עטלעכע שורות,

אָבער פלוצלינג האָט זיך אויפגעפּראַלט דאָס אייזערנע טויער, און עס איז אַרויסגעקומען אַ פּאָליציי-באַאַמטער. ער איז צוגע-גאַנגען צום טישלער, וואָס האָט לחלוטין נישט געזונגען און אויסגעשריגן:

— זאָגט אָט די שוטים, אַז זיי זאָלן פאַרמאַכן די מיי-לער!

דער טישלער האָט געענטפערט.

— אמת, איך זאָג דיר: אויב די מענטשן וועלן שווייגן, וועלן זיך אָפּרופן די שטיינערנע תפיסה-מויערן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט, אַ בליק געטון אויף די גע-ביידעס, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער גאַס.

איך האָט דערזען, אַז ער וויינט...

— אָ פּעבל. לאַנד-פּעבל אָרעם לאַנד! ווען דו זאָלסט וועלן פאַרשטיין כל זמן עס איז נאָך צייט, וואָס דער שלום קאָן דיר פאַרזיכערן! אָבער דיינע אויגן זענען פאַרבלענדעט און עס וועט קומען אַ צייט, ווען עס וועט זיך דער פּחד פון קלאַסן-קאַמף וועט זיך פאַנאַנדערפלאַקערן איבער דיר, פאַרטוליקונג און אונטערגאַנג זענען באַענט נעבן דיר. עס וועט פאַנאַנדער-פאַלן דער טירם פון דיין גאווה דיינע אייגענע קינדער וועלן דיך פאַרוויסטן אַ שטיין אויף אַ שטיין וועלן זיי נישט איבער-לאָזן, ווייל דו האָסט נישט געזען אַז ס'דערנענטערט זיך די צייט פון גערעכטיקייט.

און ווידער האָבן זיך תפיסה-טויערן אויפגעפּראַלט און עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פּאָליציאַנטן מיט שטעקנס אין דער האַנט.

— גייט פונדאַנען! — האָבן זיי געשריגן און אָנגעהויבן שטופּן דעם נביא מיט זיינע חברים אַראָפּ פון די טרעפּ, פאַר טרייבנדיק זיי אויף דער גאַס, ביז זיי זענען געוווען זיכער, אַז די אַרעסטאַנטן קענען נישט אויסהערן זיינע פאַרברעכערישע ווערטער. קיינער איז נישט אַרעסטירט געוואָרן. דאָס איז מיר מאָדנע אויסגעקומען, און איך האָב געפרעגט זיך אַליין, ווי לאַנג וועלן די מענטשן נאָך זיין אויף דער פריי, איך האָב

געטראַכט מיט שרעק, אַז וואָס לעבנגעד זיי וועלן בלייבן אויף דער פריי, ערגער וועט זיין דער סוף פון אַלעמען.

און אָט איז הינטער אונדז וויפרער נאָכגעלאָפן אַ מחנה מענטשן וואַרטנדיק אויף עפּיס אויסערגעוויינלעכע געשעענישן. פון אַ הויז איז אַרויסגעלאָפן אַ פרוי, און געפירט פאַר דער האַנט איר בלינדן מאַן. זי האָט זיך דערנענטערט צום טישלער און אים געבעטן, אַז ער זאָל אומקערן דעם בלינדן די ליכ־טיקייט, דער טישלער איז שטיין געבליבן, כדי צו דערפילן איר פאַרלאַנג – אין דער אויסער רגע האָבן אונדז ארומגע־רינגלט די פאָטאָגראַפן און רעפּאָרטערן, פּיפּיקע אויפגערעגטע פאַרשוינען.

דאַן זענען מיר געגאַנגען ווייטער, ביז מיר זענען צוגע־קומען צו אַ גאַס, וווּ עס געפינען זיך די ביליקע קינאָ־טעאַ־טערן, לאָמבאַרדן, געוועלבן מיט אַלטע ביליקע מלבושים און פאַלקס־קיכן. עטוואָס ווייטער האָט געווימלט... איך האָב דער־פילט ווי דאָס האַרץ איז מיר אַנטפאַלן. אָט אַ נייער פּעבל!

# פינפאונפערציקסטער קאַפּיטל

אַ מוראדיקער טומל האָט זיך אויפגעהויבן. מענטשן זע־נען געלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען; דער המון האָט גע־מאַכט אַן איינדרוק פון שטראָמיקע כוואַליעס.

— וואָס טוט זיך דאָרט? — האָב איך געפרעגט ביי אַ דורכגייער. און ער האָט מיר געענטפערט:

— מען רעכנט זיך אָפּ מיט די רויטע...

און חבר אַבעל, וואָס האָט גוט געקאָנט די געגנט, האָט אויסגעשריגן:

— אין עדמאַנס בוכהאַנדלונג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטשן? -- האָב איך ווידער־אַמאָל געפרעגט.

— די בריגאַדע. זיי פּייניקן אָפּ די שטאָט פאַר דער עפנונג פון קאָנגרעס.

חבר אַבעל האָט צוגעדריקט זיינע הענט צו די שלייפן און געיאָמערט.

— דאָס איז צוליב דעם, וואָס מ׳האָט דאָרטן פאַרקויפט די „ליבעראַטאָר״ ערדמאַן האָט מיר יענע וואָך דערציילט, אַז מ׳האָט אים געוואָרנט, אַז ער זאָל נישט האַלטן די צייט־שריפט...

איך ווייס נישט, צי דער טישלער האָט געהערט עפּעס־וואָס וועגן דער ראַדיקאַלער צייטשריפט, איינס האָט ער ווייזט אויס פאַרשטאַנען: אַז דאָ געפינט זיך פעבל און עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס מען טוט שלעכטס. מיר האָבן אים גע־וואָלט פאַרהאַלטן, אָבער ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונדזע־רע הענט און איז אַנטלאָפן, דורכשטופנדיק זיך דורכן המון, וואָס האָט געמאַכט פאַר אים אַ פרייען וועג, סיי מחמת בייגע־רעקייט, סיי צוליב דרך ארץ צו זיין בכבודיק געשטאַלט. שפּע־טער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס פעבל האָט אַרויסגע־שטעלט דעם בוכהענדלער מיט זיינע צוויי אָנגעשטעלטע אויף דער הינטער הויף און זיי מכבד געווען מיט אַ גיכער קלע־פּיקער „גערעכטיקייט״. צום גליק דאָט דער טישלער נישט גע־ווּסט וועגן דעם, ער האָט נאָר געזען די גרופּע געוועזענע זעלנער אין מונדירן, זיי האָבן אַראָפּגעטראָגן גאַנצע שטויסן ביכער און צייטשריפטן אויף אַ ליידיקן פּלאַץ. דאָס אַלץ האָבן זיי צונויפגעלייגט אין איין הויפן, דאַן האָט איינער פון זיי אַרויפגעגאָסן נאַפט דערויף.

— מיין פריינט — האָט דער טישלער געפרעגט — וואָס טוט זיך דאָ?

יענער האָט געקוקט אויף אים.

— צו אַלדע רוחות, וואָס גייט עס אייך אָן? רוקט זיך אָפּ!

און ער האָט אַ גאָס געטון נאַפט אויף די מלבושים פונם נביא. דער טישלער האָט גערעדט:

— צי ווייסט איר וואָס דאָס איז אַזוינס אַ בוך? איינער פון אייערע דיכטער האָט געזאָגט, אַז דאס איז ווערטפול בלוט פון אַ גרויסן גייסט, וואָס איז באַלזאַמירט און באַהאַלטן פאַר די שפּעטערדיקע דורות.

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט חוזק:

— צי טראַכט איר, אַז ער האָט דעמאָלט אין זינען געהאַט באָלשעוויסטישע ביכער?

דער טישלער האָט געענטפערט:

ווער האָט אייך באַשטימט פאַר ריכטער? צי האָט איר געלייענט די ביכער, וואָס איר ווילט איצט פאַרניכטן?

און בעת יענער פאַרשוין האָט, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די ווערטער, אַנידערגעקניט און אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, אונטערצוצינדן די ביכער, האָט דער טישלער אויסגעשריגן.

— אָט, וואָס די מלחמה האָט געמאַכט! איר האָט זיך אויסגעלערנט מאָרדן אייערע נאָנטע; די צערייצטע חיה אין אייער האַרץ איז אויפגעבונדן און אָט באַווייזט זי, וואָס זי קען.

— אַך! — האָט אַ רעווע געטון דער געוועזענער זעלנער — דאָס ביסטו אייער פון די פאַרשאָלטענע פּאַציפיסטן! — און ער האָט זיך געוואָרפן מיט צונויפגעבײַלטע פויסטן אויפן טישלער.

אָבער דער טישלער איז נישט אָפּגעטרעטן פאַר אים, ער האָט נאָר אַ בליק געטון אויף אים, און אינעם דאָזיקן בליק איז געווען די מאַכט פון דערהויבנקייט, אַז דער אָנפאַלער האָט אים שוין נישט אַ קלאַפּ געטון, נאָר מיט ברייט-צעשפּרייטע פינגער אָנגענומען דעם נביא פאַר ברוסט און אים אָפּגעשטופּט צוריק: רוקט זיך אָפּ!

איך האָב געוווסט, וואָס פאַראַ אומאָנגענומלעכקייט מיך דערוואַרט, אָבער איך האָב זיך נישט געקאָנט לענגער באַהערשן.

— הערט מיך אויס, זעלנער, — האָב איך אָנגעהויבן.

ער האָט זיך געווענדעט צו מיר:

איר זענט אויך פון די יעקיס.

— איך בין געווען אין אָרגאַן — האָב איך רויק גענ-טפערט. — איך געהער אויך צו דער בריגאַדע.

— אַזוי? נו, טאָ העלפט מיר אַ סוף צו מאַכן מיט דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער, אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור.

— איך האָב געוואָלט אָפּענטפערן. אָבער פּלוצלינג האָט זיך דערהערט דאָס קול פונם טישלער. ער איז געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט, געווענדט צום המון... סיי דער זעלנער און סיי איך האָבן זיך געמאַכט נישט ווילנדיק האָרכן, וואָס ער האָט געזאָגט:

— צי זענט איר וועלף, צי מענטשן? איר האָט געהאַט אַ פרייען אויסוואַל און איר האָט אייך אויסגעקליבן דאָס לעבן פון וועלף. אויף אייערע הענט קלעפּט דאָס בלוט פון אייערע ברידער און אין אייערע הערצער שטיקט זיך דער מאָרד. איר האָט אויסגעלערנט די יינגע מענטשן טויטן ברידער און איצ-טער קענען זיי נאָר די ברוטאַלע רעכט פון ווילדקייט.

דער עולם געוועזענע זעלנער האָט אויסגעהאָרכט די ווערטער — און איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלן די דאָ-זיקע רייד נישט רויק אויפנעמען.

פּלוצלינג האָט איינער פון זיי אָנגעהויבן זינגען און באַלד האָבן די איבעריקע אונטערגעכאַפּט, לכתחילה מיט אַ געלעכטער און שפּעטער אויפן גאַנצן קול:

פריש אין צוג
מיר זענען גוטע רייטער
מיר ווילן קעמפן און שטרייטן
מיר האָבן קיינמאָל נישט גענוג.

דער המון האָט אויפגעכאַפּט דאָס ליד. דאָס געזאַנג האָט אַפּגעקלונגען אַזוי הויך, די ווערטער פונם טישלער, זענען דער-שטיקט געוואָרן.

אין אַ רגע אַרום האָב איך דערהערט האַרט הינטער זיך אַ גראָב קול:

— וואָס איז דאָ? — איך האָב דערזען אַ פּאָליצמאַן, וואָס האָט זיך אַדורכגעשטופּט צו אונדז.

דער מאַן מיט דער בלעך נאָפט האָט געזאָגט צו אים:

— דער פאַרשאָלטענער אַנאַרכיסטישער נביא העצט די מענטשן און רופט צו פאַרראַט, נעמט אים צו פונדאַנען, הער שעף מען דאַרף אים מאַכן אומשעדלעך... מיינע זעלנער פאַר־טראָגן נישט קיין באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

בעת איך האָב זיך שפּעטער פאַרטראַכט איבער אַלעם, וואָס עס איז געשען, האָב איך געזען די פאַרקערטע לעכער־לעכע זייט פון דעם גאַנצן ענין — וואָס האָט פריער אויסגע־מיטן מיין בליק: מענטשן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער דרוקעריי, צעממיתט דעם באַלעבאָס מיט זיינע צוויי אָנגע־שטעלטע, פאַרברענט פאַר אַלעמענס אויגן אויף דער גאַס ביכ־לעך און צייטשריפטן אין ווערט פון טויזנט דאָלאַר — אָבער דאָס אַלץ האָט דער פּאָליציימאַן נישט געזען... ער האָט זיך אַפילו נישט משער געווען, אַז דאָ קומט עפּעס פאָר. ער האָט נאָר געזען דעם נביא, וועמענס מלבושים עס זענען באַגאָסן געווען מיט נאַפט און וועלכער האָט גערעדט קעגן מלחמה!

ער האָט אַ כאַפּ געטון דעם טישלער פאַר אַן אַקסל.

— קומט מיט מיר! איר האָט שוין אַרויסגערופן גענוג מהומות. און ער האָט אים געשלעפּט מיט זיך לענג אויס די גאַס.

— אַרעסטירט מיך אויך! — האָט אַ געשריי געטון דער מעקסיקאַנער מאַנעטי, האַלב וואַנזיניק פון כעס.

דער פּאָליציי־מאַן האָט אים אַ נעם געטון מיט דער אַנ־דערער האַנט און געפירט ביידע צוזאַמען.

## זעקסאונפערציקסטער קאַפּיטל

איך האָב נישט געהאַט איצט קיין חשק זיך צו מישן

אין דעם גאַנצן ענין. דעם אמת זאָגנדיק, בין איך געווען צו־
פרידן דערמיט, וואָס עס איז אָנגעקומען אַ פּאָליציי־מאַן, וואָרום
דאָס ערגסטע, וואָס האָט געקאָנט געשען מיט זיין אָנקום, איז
נאָך געווען בעסער, ווי דאָס, וואָס האָט געקאָנט געשען, אויב
דאָס פעבל וואָלט באַוויזן וואָס עס קען. אַ טייל פונם המון
האָט זיך צוריקגעצויגן אין אונדזער ריכטונג, אָבער שוין אָן
דעם זעלנערישן געזאַנג, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן.

דער חבר אַבעל האָט אָנגעהויבן זינגען אויפן וועג צום
פּאָליציי־צירקל. צוערשט האָט ער געזונגען דעם „אינטערנאַציאָ־
נאַל", דערנאָך „די רויטע פאָן", און שפּעטער:

„דעם שונאס געשרייען פאַרטויבן די לופט
דרייענדע וואָלקנס פאַרטונקלען דאָס ליכט.
מעג קוקן דער טויט אונדז אַריין אין געזיכט —
אַנטקעגן דעם שונא עס רופט אונדז די פליכט.
מיר האָבן פון פרייהייט דעם ליכטיקן פלאַם
פאַנאַנדערגעוויעט אַרום אונדז, ווי אַ ים".

בעת מיר האָבן זיך דערנענטערט צום פּאָליציי־צירקל,
האָט דער פּאָליצמאַן אָפּגעלאָזט מאַניטן און אָפּגעשטופּט אים
ער האָט אים געזאָגט, אַז ער קאָן שוין גיין צו אַלדע רוחות,
אַז ער איז דאָ נישט נויטיק, ווייל ער האָט זיך צומאָל נישט
פאַרדינט אַרעסטירט צו ווערן. דאַן האָט ער אַ שלעפּ געטון
דעם טישלער אַריין אינעווייניק, באַפעלנדיק אונדז, מיר זאָלן
נעמען דעם וועג.

אַבעל האָט אויסגערופן:

— איך בין אַן אַדוואָקאַט!

— אָ, צום טייוול! איך האָב געמיינט, אַז איר זענט אַן
אָפּערן־זינגער.

— איך פאַרטרעט דעם אַרעסטירטן אַלס געהילפס־אַדוואָקאַט—
האָט אַבעל איבערגעחזרט — און דערפאַר האָב איך דאָס רעכט
צו גיין צוזאַמען מיט אים.

— און איך וועל באַלייגן קויצע — האָב איך אויסגערופן—
לאָזט מיך פריי.

מיר זענען אַריינגעגאַנגען. דער אַרעסטירטער איז צו־געפירט געוואָרן צו אַ סערזשאַנט:

— וואָס פאַראַ חטא? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— געשטערט די רו און פאַרהאַלטן די באַוועגונג — האָט דער פּאָליצמאַן געענטפערט.

— הער שעף! — האָב איך אַ געשריי געטון — דאָס איז נישט אמת. דער אַרעסטירטער האָט נאָר געוואָלט אָפּהאַלטן דאָס פעבל פון צעשטערן פרעמד גוטס.

— דאָס אַלץ וועט איר קאָנען טענען מאָרגן אין גע־ריכט — האָט דער פּאָליציי־שעף דערקלערט.

— וויפל באַטרעפט די קויציע? — האָב איך זיך אַ פרעג געטון.

— איר ווילט ביילייגן קויציע?

איך האָב עס באַשטעטיקט... און איצט האָט זיך צום ערשטן מאָל דערהערט ס'קול פונם טישלער:

— איר ווילט געבן געלט, אַז מען זאָל מיך באַפרייען?— האָט ער אַ פרעג געטון. — פאַר מיר קאָן מען נישט צאָלן מיט קיין געלט.

— דערלויבט מיר אייך קלאָר צו מאַכן דעם גאַנצן ענין, הער טישלער — האָב איך גערעדט צו אים מיט געבעט. — אַז איר וועט פאַרברענגען אַ נאַכט אין תפיסה־קאַמער, וועט קיינער דערפון נישט האָבן קיין נוצן; איר וועט נישט געפי־נען קיין געלעגנהייט, ווי אַרום צו רעדן צו די אַרעסטאַנטן. זיי וועלן אייך אַליין פאַרמאַכן אין אַ קאַמער.

אָבער ער האָט געענטפערט:

— מיין פאָטער וועט זיין מיט מיר...

און דאַן האָט ער געקוקט אויפן פּאָליציי־שעף און צו־געגעבן:

— צי טראַכט איר, אַז איר קאָנט אויפבויען אַ קאַמער, וווהין מיין פאָטער זאָל נישט קאָנען צוקומען?

דער פּאָליציי־שעף איז געווען אַן אַלטער בעל גאוה; אַרום זיין פּליך זענען געוואַקסן שטאַרע ווילדע האָר. ער האָט

שוין זיכער אין די לאַנגע יאָרן פון זיין דינסט געהערט אַ סך אַזוינע אומגעוויינלעכע פראַגן. און שטאָט אַן ענטפער האָט ער געפרעגט דעם אַרעסטירטן זיין נאָמען, און ווען יענער האָט שטאָלץ געשוויגן, האָט ער איינגעשריבן: „דזשאָן דאָ טישלער", דאַן האָט ער אַ פרעג געטון:

— ווו ווינט איר?

דער טישלער האָט געענטפערט:

— די פיסקן האָבן זייערע היילן און די פייגל פון דער לופט — זייערע נעסטן, אָבער דער, וואָס קעמפט פאַר דער גערעכטיקייט, האָט נישט קיין היים אין אייער אומגערעכטער וועלט.

דער פאָליציי-שעף האָט איינגעשריבן: „אַדרעס נישט באַוווּסט" און ער האָט אַ ווינק געטון צום וואַך-פאָליציאַנט, יענער האָט אַ נעם געטון דעם טישלער פאַר אַ האַנט און אים אַרויסגעפירט דורך אַ טיר, וואָס איז באַהאָנגען געווען מיט אייזערנע ריגלען...

איך האָב צוזאַמען מיט אַבעלן פאַרלאָזט די תּפיסה און איך האָב זיך אומגעקערט צו די וואָס האָבן געוואַרט פאַרן טויער. קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט, וואָס מ'זאָל איצט אָנהויבן צו טון — אַ חוץ עווערעט, וואָס איז געזעסן אויף די טרעפּ, און מיך געצוווּנגען, איך זאָל אים דערציילן וואָרט-בייוואָרט, וואָס דער טישלער האָט גערעדט און ער האָט איינגעשריבן מיינע ווערטער אין זיין נאָטיץ-ביכל.

## זיבנאונפערציקסטער קאַפּיטל

חבר אַבעל האָט אונדז אינפאָרמירט, ווו עס געפינט זיך די פאָליציי-קאָמענדע, דאַן האָבן מיר זיך אָפּגערעדט, אַז מיר וועלן זיך דאָרט מאָרגן צונויפקומען. איך האָב זיך געזעגנט און מיט אַ טאַקסאָמעטער געפאָרן אַהיים.

ס'האָט מיך אַרומגענומען אַ געפיל פון אומעט און איינ

זאַמקייט, מיין גאַנץ אַמאָליק לעבן האָט מיך אויפגעהערט אינטערעסירן. עס איז געווען נאָכמיטאָג, די צייט, ווען איך בין תמיד געגאַנגען אין אַטלעטן קלוב אויף אַ לעקציע באָקסן. איצט האָב איך זיך געשטעלט די פראַגע, וואָס וואָלט דער טישלער געזאָגט צו דעם מין ספאָרט? איבריקנס האָב איך באַשלאָסן צו פאַרברענגען אַ צייט אין איינזאַמקייט, גיין שפּאַצירן און זיך פאַרטראַכטן. שוין לאַנג באַפרידיקט מיך נישט דער לעבנס-שטייגער וואָס איך האָב ביז איצט געפירט... די שיינקייט פון מיין ייגנט האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרלאָשן ווערן און איך האָב כסדר געהאַט אַן אומקלאָרן געפיל, אַז מיין גאַנץ לעבן איז געווען אָן אַ ציל און אָן אַ זין. איצט בין איך געווען דערמיט זיכער און גלייכצייטיק האָב איך דופּס געווען, אַז די וועלט איז אַן אָרט פון אומגליק און יסורים.

איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים שפּעט און איידער איך האָב נאָך איבערגעטרעטן די שוועל, האָט אַ קלונג געטון דער טעלעפאָן.

— האַלאָ, ביל — האָט גערופן ס׳קול פונם אלטן ט. ס. — ס׳איז אַ סברה, אַז דער טישלער געפינט זיך אין תפיסה. פאַרוואָס האָט איר נישט בייגעלייגט פאַר אים קיין קויציע?

— ער האָט נישט געוואָלט.

— אַזוי... אפשר איז טאַקע בעסער, אַז ער זאָל זיצן אַ וואָך צייט, ביז עס וועט זיך פאַרענדיקן דער בריגאַדע-קאָנגרעס.

— אַ טשעקאַווע געשיכטע! — האָב איך אַ טראַכט געטון ס׳זעלבע איז דאָך מיר אויך געקומען אויפן געדאַנק.

— הערט מיך אויס, ביל... אין דער גאַנצער צייט איז מיר עפּעס נישט קלאָר... ס׳איז מיר די גאַנצע צייט שרעקלעך שלעכט אויפן האַרצן, וואָס איך האָב די מענטשן געזאָגט, אַז איך קאָן אים נישט. ווי מיינט איר: ער ווייסט, אַז כ׳האָב אַזוי געזאָגט?

— אויב ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט עס זאָגן, ווייסט ער מסתּמא אויך, אַז איר האָט עס געזאָגט.

— הערט מיך אויס, איר מעגט לאַכן, וויפיל איר ווילט... אָבער איך האָב זיך שוין פאַרטראַכט וועגן דעם, אַז איך זאָל זאָגן דער געמיינער באַנדע, אַז זי זאָל גיין צו אַלדער רוחות!

— וועלכע געמיינע באַנדע?

— דער גאַנצער פאַרשאָלטענער וועלט. דער טישלער געפעלט מיר. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט באַגעגנט אַזאַ מענטשן. ווי מיינט איר, ער וועט מיר דערלויבן, אַז איך זאָל אים באַזוכן אין תּפיסה?

— ער וועט זיך זיכער פרייען מיט אייער באַזוך, אָבער דוכט זיך מיר, אַז די תּפיסה מאַכט וועט עס נישט דערלויבן.

— אויב עס האַנדלט זיך נאָר וועגן זיי... איך וועל זיך שוין מיט זיי דורכקומען.

— אָבער הער ט. ס. איך גלויב נישט, אַז ער זאָל אונטערשרייבן אַ קאָנטראַקט.

— איך פייף אויפן קאָנטראַקט, ביל... איך וויל אים נאָר זען. קאָן איך גאָר נישט טון פאַר אים?

איך האָב זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, און דאַן האָב איך געזאָגט:

— איר קאָנט טון עפּעס פאַר איינעם פון זײַנע חברים... פאַרן ייִנגן עוועריט. ער איז ערנסט פאַרוווּנדעט און עקשנט זיך צו שרײַבן אַלע רעדעס פינם טישלער. ער בויטיקט זיך אין אַ דאָקטאָר און אין אַ סטענאָגראַף, וואָס זאָל אים העלפן. אפשר האָט איר נאָך אַ גוטן סעקרעטאַר?

— כ׳ווייס נישט. איך געפין נישט אַלע טאָג אַזוינע ייִנגלעך ווי מת עוועריט.

איך האָב אַ ציטער געטון.

— ווי הייסט ער?

— מתי. פאַרוואָס פרעגט איר?

— אַך, גאָרנישט... אַזוי צוליב נייגעריקייט.

אונדזער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט, אַז ט. ס. האָט דערקלערט, אַז ער וועט גיין אין פּאָליציי-צירקל און פאַר-לאַנגען אַ זעונג מיטן מישלער.

אין פינף מינוט אַרום האָב איך ווידער געהער זיין קול דורכן טעלעפאָן:

— ביל, עמיצער האָט פאַר אים בייגעלייגט קויציע — ער איז שוין פריי.

— וואָס? ער האָט דאָך נישט געוואָלט מסכּים זיין דערויף.

— עמעצער האָט עס געטון אָן זיין וויסן. מען האָט בײַ-געלייגט געלט און ער איז באַפרייט געוואָרן.

— ווער האָט דאָס געטון?

— אדרבה, טרעפט ווער?

— איר?

— חס ושלום. ערשט מיט אַ מינוט צוריק האָב איך זיך דערוווּסט. מערי מאַגנע האָט בייגעלייגט קויציע און אים מיט-גענומען מיט זיך.

— ליבער גאָט! פאַר מיינע אויגן האָט ווידער געשוועבט אַ נייער אויפשריפט.

**דער רייצנדער קינאָ-שטערן באַפרייט פון תּפיסה דעם נביא פון פרייער ליבע.**

איך האָב צוגעזאָגט ט. ס., אַז איך וועל זיך באַמיען אויס-געפינען די באַהעלטעניש פון נביא. איך בין געווען זיכער, אַז מען דאַרף אים נישט ווייט זוכן, וואָרום איך האָב געוווּסט, אַז ער מיידט אויס צו נעמען אַן אויטאָמאָביל. און מיט מערי מאַגנע האָט ער נישט געקאָנט גיין אויף דער גאַס, אַנטדעקט ווערן דורך די רעפּאָרטערן- וואָס האָבן געלויערט אויף אַ גע-לעגנהייט אים צו פאַרהאַלטן און שטעלן פראַגן.

איך האָב גענומען דאָס אַדרעסן-בוך פון די טעלעפאָן-אַבאָנענטן- און אָנגעהויבן זוכן דעם אַדרעס פון אַבעלן. ער האָט אַן אומגעווייןלעכן נאָמען און מחמת דעם האָב איך נאָר גע-פונען איין אַדוואָקאַט, וואָס הייסט אַבעל. (איך בין דערשטוינט

געוואָרן דערפון, וואָס ער האָט געהייסן מאַרק.) איך האָב אָנ־געקלינגען און תּיכף האָט מיר אַ צאַרטע פּאַרטרויטע שטימע אָפּ־געענטפערט:

— יאָ, יאָ... דער חבר טישלער איז טאַקע געקומען מיט פרייליין מאַגנע. עס איז דאָ אַ קליינע געזעלשאַפט... עס וועט זיי זיין זייער אָנגענעם, ווען איך וועל אויך קומען אַהין, יאָ... גאַטירלעך... הער ט. ס. וועט זיין אַ זייער אָנגענעמער, אָנגעלייגטער גאַסט.

איך האָב אָנגעקלינגען צו מיין פילם־קעניג און אים דער־לויבט — מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל, וואָס ער האָט צום גליק נישט געזען — צו פאַרברענגען אַן אָוונט אין דער הויפּט־קוואַר־טיר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון וועסטערן־סיט.

# אַכטאונפערציקסטער קאַפּיטל

פאַר די געסט איז צוגעגרייט געווען אַ באַשיידן מאָלצייט. איך ווייס נישט, ווער ס'האָט פאַר דעם געצאָלט: אפשר איז דאָס איינגעאָרדנט געוואָרן — ווי עס האָבן געזאָגט אונדזערע שונאים — פאַר באָלשעוויסטיש געלט און אפשר פאַרן געלט פון די נישט ערלעכע איינקויפטן פון דעם מיליאָן־דאָלערדיקן קינע שטערן. ווי ס'זאָל נישט זיין, זענען עטלעכע טישן איבערגע־דעקט געווען מיט ריינע געצערוועטע טישטוכער; דערויף איז געשטאַנען בלומען און פרוכטן דער טישלער איז געזעסן אויבנ־אָן; איך האָב באַמערקט פאַרחידושט, אַז ער האָט געטראָגן אויף זיך שטאָט די באַפלעקטע, פון גאַסן־שטויב און באַגאָסענע מיט נאַפט — שניי־ווייסע, וואָלענע קליידער. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז פרוי ט. ס. האָט פאַר אים געבראַכט די הייליקע מלבושים: דאָס האָט זי גאָרנישט געקאָסט, מחמת אין די גאַר־דעראָבן פון די פילם־אונטערנעמונגען האָט מען געקאָנט גע־פינען כלערליי מלבושים.

דער שמועס האָט זיך לכתחילה געצויגן אויף דער טעמע

וועגן די מלבושים. טישלער דזשעמס, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אַסקעט, האָט געהאַט עפּעס פאָרצוואַרפן און ער האָט געהאַלטן פאַר פּאַסיק צו זאָגן, אַז עס וואָלט געווען גלייכער, ווען פרוי ט. ס. וואָלט שטאָט די נייע מלבושים, צעטיילט ס׳געלט צווישן אָרעמע.

דער נביא האָט אַ זאָג געטון:

— פאַרוואָס מאַכט איר אומעטיק די פרוי? זי האָט גוט געטון. אָרעמעלייט האָט איר תּמיד אַרום זיך, אָבער מיך וועט איר נאָר האָבן אַ קורצע צייט. די פרוי האָט מיטגעהאָלפן פאַרשענערן אונדזער סעודה; אַ סך יאָרן אַרום וועט מען נאָך רעדן וועגן דעם.

אָבער דאָס האָט דעם אַסקעט נישט צופרידנגעשטעלט. ער האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ ווינקל און געמורמלט:

— איך ווייס, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן: איר וועט אויפבויען אַ נייע קירך און וועלן זיך דאָרט איבערחזרן די אַלטע שווינדלען. אַ מענטש האָט נישט דאָס רעכט צו זאָגן. איר וועט קלויבן גראָשנס ביי אלמנות, כּדי צו קויפן דערפאַר זיידענע און סאַמעטענע קליידער מיט גאָלדענע בעכער, אַז ער זאָל פון זיי טרינקען. און איידער איר וועט זיך אָפּגעבן אַ חשבון דערפון, וועלן זיי אים איבערשאַפן אויף די געמאָלטע פענסטער און די כּהנים וועלן אָנהויבן טראָגן קליידער, באַפּוצט מיט בריליאַנטן און זיי וועלן זאָגן, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג און זיי וועלן נאָכזאָגן זיינע ווערטער.

איך האָב איינגעזען, אַז היינטיקע צייטן קומט אַ נביא נישט אַזוי לייכט אָן איבערצוצייגן זיינע תּלמידים.

די גאַנצע דיסקוסיע איז דער פרוי ט. ס. לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען. זי איז אַרומגעגאַנגען איבער דער קיך אַ צעשטראַלטע און גליקלעכע, זי האָט געטון אַלץ, וואָס זי וואָלט גערן געטון ביי זיך אין שטוב, ווען דער געזעלשאַפטלעכער באַשטאַנד פון איר מאַן פאַרלאַנגט נישט, אַז איר אַרבעט זאָלן אויספירן אַ טוץ דינסטן. איך בין פאַרחידושט געוואָרן דערפון,

וואָס מערי מאַגנע, שטאָט צו זיצן ביי דער רעכטער זייט פונם נביא, ווי ס׳האָט געפּאַסט פאַר אַ קעניגן, איז געגאַנגען אַרומ־געבונדן מיט אַ פאַרטוכל און מיטגעהאָלפן אַבעלס מוטער און ווייב. נאָך וואונדערבאַרער איז מיר אויסגעקומען, וואָס ט. ס. האָט זיך עניוותדיק אַוועקגעזעצט ביים עק טיש נעבן אַ פאַר־ברעכער, וואָס איבער זיין קאָפּ האָט געהאָנגען צוואָנציק יאָר תפיסה — לעבן דזשאָן קאַלווער. און ווידער זענען מיר געקו־מען אויפן געדאַנק די ווערטער, וואָס כ׳האָב געליינט אין מיינע קינדער־יאָרן:

„די מעכטיקע שליידערט ער אַראָפּ פון זייער הויך און זעצט דאָרט אַוועק די נידעריקע".

דאָ האָבן זיך געפינען כלערליי אַגיטאַטאָרן: קאָרווסקי, וואָס האָט, ווי איך האָב זיך דערוווּסט, געהייסן לוקאַס, און זיין לאַנדסמאַן, דער פורמאַן שמעון קאַרלין און טאָם מאַנעטי, דער יינגער אַרבעטער פון דער ציגאַרן־פאַבריק. עס האָט אויך נישט געפעלט מתי צווערינ, וואָט איז אין דעם היינטיקן אָוונט אימשטאַנד געווען זיך אָפּצורוען אַ ביסל, מחמת ט. ס. האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ סטענאָגראַף. מאַרק אַבעל האָט מיט־געבראַכט מיט זיך דעם סאָציאַליסט אַנדריי לאָנק, דעם יונגן אירלענדער, וואָס איז געווען אויף דער מלחמה און האָט זיך אומגעקערט איינגאַנצן אַן אויסגעהיילטער פון מיליטאַריזם. איצט האָט ער זיך פאַרנומען מיט צעטיילן סאָציאַליסטישע פלוגבלעט־לעך און האַלטן רעדעס פאַר די אַרבעטער, ווו ער האָט זיי נאָר געפּאַקט, ס׳האָבן געמעגט זיין בלויז צוויי אָדער דריי. עס איז אויך געקומען דער פּאַציפיסט היימבי, וואָס האָט נישט געמאַכט אויף מיר קיין גוטן איינדרוק. אויך איינער פון י. וו. וו., וואָס האָט געהייסן פיליפ, געווען פאַרמשפּט, אַנט־לאָפן און פאַר זיין קאָפּ איז באַשטימט געווען אַ פרייז.

די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳איז אַריינגעקומען אַ מענטש, וואָס האָט זיך געוואָרפן אַלעמען אין די אויגן: הויכ־געוויקסיק, דאַר, שלעכט אָנגעטון, נישט געראַזירט פון לאַנג. ער האָט געטראָגן אַן אַלטן שוואַרצן קאַפּעלוש, אויסגעריבן פון

בײדע זײַטן; פֿון הינטער דעם קאַפּעלוש האָט אַפּערגעקוקט אַ צאַרט אומעטיק פּנים, וואָס האָט דערמאָנט ס'פּנים פֿונעם טישלער. חוץדעם איז עס געווען אַ כאַראַקטעריסטיש פּנים פֿון אַ יענקיס: טרוקן, מוסקולאַר, וואָס איז אונדז אַלעמען אַזוי גוט באַקאַנט.

דאָס פּנים פֿון אַרײַנקומענדן האָט מיט דער מינוט, ווען זײַן בליק איז געפֿאַלן אויפֿן טישלער, פּלוצלינג אויפֿגעשטראַלט; ער האָט אַוועקגעלײגט אין אַ ווינקל זײַן אַלט רײַזע־זעקל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט און מיט אויסגעשטרעקטע הענט צוגעגאַנגען צום נביא:

— טישלער! ביסטו דאָ! איך זוך דיך אומעטום...

און דער טישלער האָט אים באַגריסט:

— מײַן ברודער.

זײ האָבן זיך האַרציק געדריקט די הענט, און איך האָב זיך שטאַרק פֿאַרטראַכט וועגן דעם, פֿונוואַנען דער טישלער קאָן קענען דעם מענטשן.

איך האָב שטיל אַ פֿרעג געטון אַבעלן:

ווער איז דער פֿרעמדער?

ער האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס איז אַ מענטש, וועגן וועמען מ'האָט ערשט נישט לאַנג ברײט געשריבן אין די צײַטונגען: באַרטלאָמײ האָווערט, אַ מיליאָנער־שלעפּער. ער איז אַן אײניקל און יורש פֿון אַן אינדוסטרי־באַראָן, און ער פּאַסט זיך בוכשטעבלעך צו צו דער לערע פֿון נביא, ער האָט פֿאַרקויפֿט זײַן טיטול, כּדי צו קאָנען אונטערשטיצן אַרבעטלאָזע. איצט וואַנדערט ער אַרום איבערן לאַנד, לעבט מיט די שלעפּער, פּרוּווט זײ אָרגאַניזירן. מ'האָט געקאָנט מײנען, קוקנדיק אויף אים און אויפֿן טישלער, אַז זײ קאָנען זיך שוין לאַנגע יאָרן. און בעת איך האָב געקוקט אויף זײ, איז אין מײַן נשמה אויסגעוואָקסן אַ פֿראַגע:

און ווו איז די גײַסטלעכקײט און די זײַלן פֿון דער קירך פֿון הײליקן באַרטלאָמײ?

וואָרום קיינער פון זיי איז נישט געקומען אויף דעם מאָלצייט.

## ניינאונפערציקסטער קאַפּיטל

ט. ס. האָט גלייכגילטיק מיטגעבראַכט מיט זיך אַ יאַגדעס טאָרט און עטלעכע פּלעשלעך פון אַ רויטער קאָליר, וואָס האָט אַנטהאַלטן אין זיך — ווי עס איז געשריבן געווען אויף דער עטיקעטע — זאַפט פון וויינטרויבן. ווען מ'האָט די פּלעשער אויפגעעפנט האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ פּאַרדעכטיקן גערויש. מיר האָבן זיך אַלע פונאַנדערגעלאַכט ווי עס לאַכן תמיד מענטשן ביי אַזאַ מאָמענט קעגן פּראָבישאַן פאַרבאָט. מיין אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט געווען דערויף, וואָס דער טישלער האָט געלאַכט צוגלייך מיט אונדז.—און ס'האָט אויסגעזען אַז די גאַנצע קליינע שמחה האָט אים הנאה געטון.

אַ צופאַל האָט גורם געווען, אַז איך זאָל זיצן לעבן דזשעמסין און איך האָב געמוזט אויסהערן זיינע אַסקעטישע געדאַנקען.

— ער דאַרף עס נישט טון. זיי וועלן זאָגן, אַז ער האָט ליב געשמאַקע מאכלים און אַז ער האָט ליב צו טרינקען. דאָס איז נישט גוט פאַר אונדזער באַוועגונג.

— טרייסט אייך, פריינד — האָב איך זיך פאַנאַנדערגעלאַכט — די באָלשעוויקעס אָרדענען זיכער איין פאַר זיך פון צייט צו צייט אַזוינע פאַרווייליגונגען.

— איר וועט זען, וואָס די צייטונגען וועלן מאָרגן דערפון מאַכן — האָט ער אַ ברום געטון — עס וועט אייך שוין נישט אויסקומען אַזוי לעכערלעך.

— ס'איז דאָ וועגן וואָס צו רעדן... עס זענען דאָך דאָ נישטאָ קיין רעפּאָרטערן.

— יאָ, יאָ, אָבער ס'זענען דאָ שפּיאָנען. היינט איז אומעטום פול שפּיאָנען. איר'ט זען.

דער טישלער האָט אָנגעהויבן בעטן די פאַרזאַמלטע, אַז זיי זאָלן עפּעס דערציילן: זאָל באַרטלאָמיי רעדן וועגן די אַרבעטלאָזע, זאָל ער דערקלערן, וואָס עס טוט אויף די אָרגאַניזאַציע, און וואָס זי האָט פאַר אַ צילן. און דערנאָך האָט ער געבעטן דזשאָן קאַלווערן, וואָס איז געזעסן לעבן אים רעכטס, אַז ער זאָל לייענען אייניקע זיינע שאַפּונגען.

דזשאָן און זיין חבר פיליפּ, אַ בלאָאויגיק יינגל, מיט זומער שפּרענקעלעך אויפן פּנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גימנאַזיסט, האָבן אָנגעהויבן דערציילן די איבערלעבענישן פון די פויגלפריייע*) אַגיטאַטאָרן. מיט אייניקע חדשים צוריק האָבן ווי ביידע געאַרבעט אין די האָלץ-מאַגאַזינען און אין די גרובן ווי האָבן אין געהיים פאַרזאַמלט די אַרבעטער אין די וועלדער און געפּרעדיקט פאַר זיי די נייע בעוואַנגעלייע פון פריי־הייט. די אַרבעט-געבער זענען געווען אָרגאַניזירט אין גאַנצן לאַנד — די אַרבעטער מיט זייערע שוואַכע פּראָפעסיאָנעלע פאַרייגען האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ כּוח פון מענטשן, וואָס גייען מיט בויגנס און פיילן קעגן מאַשינען-ביקסן. אונדזער לאָזונג איז געווען: שאַפן איין גרויסן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, אויב דאָס וועט נישט צושטאַנדקומען קאָן מען זיך דערוואַרטן אַ צייט, וואָס צוואָנציק יאָר תּפיסה וועט פאַרן קלענסטן חטא זיין אַ קלייניקייט.

דער טישלער האָט באַמערקט:

— עס שטערט גאָרנישט דער באַוועגונג, וויבאַלד די פירער ווערן איינגעזעצט אין תּפיסה.

— אַך, יאָ! — האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט דאָס בלאָאויגיקע יינגל — פונדעסטוועגן באַמיען מיר זיך תּמיד, אַז אויסער דער תּפיסה זאָלן פאַרבלייבן אַזוינע, וואָס זאָלן קאָנען דערציילן, פאַרוואָס די אַנדערע זענען געוואָרן איינגעזעצט.

דערנאָך האָט דזשאָן קאַלוויר דערציילט אַ קאָמישע געשיכטע וועגן זיין חבר. די מעשה האָט געהאַט אַ קנאַפּן שייכות מיט פּראָפּאַגאַנדע און מערער מיטן ווין, אָבער עס איז מיר

*) פויגלפריי — אויסערן געזעץ.

געפעלן געוואָרן, ווייל דאָס איז געווען אַ באַווייז פון דער לעבעדיקייט פון די דאָזיקע חברה־לייט.

ביידע האָבן זיי זיך בשעת אַ רעגן באַהאַלטן אין אַ שייער און זיי זענען דאָרט געלעגן פאַרזינקען אין היי איבער די אוירן, בעת דער רעגן האָט גערוישט און געשלאָגן אין דאַך פון זייער באַהעלטעניש. פלוצלינג האָבן זיי דערהערט, ווי עס קומט אָן דער פויער און גרייט זיך צו מעלקן די קי. דער־דאָזיקער מענטש, ווי זיי האָבן זיך משער געווען, האָט זיך מיט אַ מינוט צוריק צעקריגט מיטן ווייב און ער האָט נישט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגן פאַר איר זיינע געדאַנקען. און מחמת דעם האָט ער אויסגעלאָזט זיין גאַנצן כעס צו דער קי.

— יאָ, יאָ! — האָט ער געשריגן — האָסט רעכט... שריי, שריי, ווילאַנג ס׳געפעלט דיר. — ווילסט נישט אויפהערן, ווייל דו האָסט מורא, אַז איך זאָל דיר נישט עפּעס זאָגן. זעלבסט־פאַרשטענדלעך... איך בין געקומען צו שפּעט... צום טייוול, כ׳דאַרף יעדער מינוט קוקן אויפן זייגער? אַ? כ׳האָב פאַר־געסן צו קויפן צוקער! אודאי, כ׳האָב שוין נישט מער וועגן וואָס צו טראַכטן, ווי וועגן דיינע שליחותן! בראָנפן? אפשר איז עס געווען בראָנפן, אפשר ביר, און אפשר גאָר טרויבן זאַפטן?

דער פויער האָט אַנידערגעשטעלט דעם עמער אויף דער ערד און מיט דער פויסט געדראָט די אומשולדיקע קי:

— אודאי אַזוי... איך בין אַ מאַנסביל און איך וועל דיר ווייזן, ווער עס איז באַלעבאָס אין שטוב. איך וועל טרינקען, אַז ס׳וועט מיר געפעלן, כ׳וועל שמועסן מיט די שכנים, ווי־באַלד ס׳וועט מיר געפעלן, כ׳וועל קויפן צוקער, אויב כ׳וועל נישט פאַרגעסן — און אויב עס געפעלט דיר נישט, טאָ קויף דיר אַליין!

און אַזוי ווייטער, דער פויער איז געוואָרן וואָס אַמאָל ריידעוודיקער... כ׳ווייס נישט, צי פון אייגענער ענערגיע, צי אונטערן איינפלוס פון וויין, וואָס ער האָט געטרונקען, — ביז

דער ייִנגער פֿיליפּ האָט פֿאַרגעסן אָן זיין פּאָרזיכטיקייט, ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פֿון היי און אויסגערופֿן:

— בראַוואָ, אַלטיטשקער! זאָגט אייך נישט אָפּ פֿון אייער רעכט! לאָזט אייך נישט באַהערשן פֿון אייער ווייב! הוראַ!

דער פֿויער איז צעמישט געוואָרן, ער איז שטיין גע-בליבן אומבאַוועגלעך מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן און ביידע חברה-לייט פֿון י. וו. וו. האָבן זיך אָפּגעטראָגן פֿון שייער, זיי האָבן אַזוי פֿיל געלאַכט אַז זיי האָבן כּמעט נישט געפֿילט, ווי עס גיסט אַ שלאַקס-רעגן.

# פֿופֿציקסטער קאַפּיטל

באַלד איז די קליינע געזעלשאַפֿט ווידער געוואָרן ערנסט. דער טישלער האָט געעצהט קאָלווערן, אַז ער זאָל פֿאַרלאָזן די געזעלשאַפֿט, וואָרום ער דער טישלער האָט זיך פֿאַרהאַלטן אַזוי, אַז ער האָט געצויגן אויף זיך די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט און ער ווערט זיכער נאָכשפּיאָנירט. קאָרווסקי האָט מסכּים גע-ווען, ער האָט באַשטעטיקט, אַז זיי ווערן בלי ספק אָבסערווירט פֿון געהיים-אַגענטן. קיין איין טריט פֿון טישלער ווערט נישט פֿאַרלוירן גיין פֿאַר זייערע אויגן און מען קאָן שווערן, אַז זיי וועלן זיך באַמיען אים אַריינצוציען אין עפּעס אַן אַוואַנטורע, און ווען דאָס וועט זיך זיי נישט איינגעבן, וועלן זיי אויס-טראַכטן אויף אים עפּעס אַנדערש. און ווען דער טישלער האָט געפֿרעגט, וואָס ער וויל דערמיט זאָגן, האָט ער געענטפֿערט:

— זיי וועלן אַוועקלייגן אויף דעם אָרט, ווו איר געפֿינט זיך, דינאַמיט, אָדער זיי וועלן פֿעלשן אַ בריוו, ווו וועלן באַ-ווייזן אַ בריוו, ווו זיי וועלן באַווייזן, אַז איר גרייט צו אַ גוואַלדטאַט.

דער נביא האָט זיך אָפּגערופֿן:

— דער מענטש מוז לעבן אַזוי, אַז די וועלט זאָל גלייבן אים, נישט זיינע שונאים.

און דאַן האָט ער צוגעגעבן אָט די מאָדנע ווערטער:

— איינער פון אייך וועט מיך פאַרראַטן.

דער איינדרוק, וואָס די ווערטער האָבן אַרויסגערופן, איז באַטײַטלעך געווען אומגעהויער. אַלע האָבן צעטומלטע און אויפגערעגטע אָנגעהויבן שרייען איינער נאָכן אַנדערן:

— חבר... פריינט... ברודער... איך?

און היימבי, אַ מענטש מיט שטאַרק אַנטוויקלטע מוסקולן, האָט אויך געפרעגט:

— איך?

און דער טישלער האָט געענטפערט:

— האָסט געזאָגט!...

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלע האָבן זיך אַ ריס געטון פון די ערטער און זיי האָבן געוואָלט היימבין אַרויסוואַרפן, אָבער דער טישלער האָט זיי געהייסן זיך אַוועקזעצן, ער האָט געזאָגט:

— דערלויבט, אַז אונדזער שמועס זאָל אַוועקגיין מיטן ווייטערדיקן וועג, ווייל די מאַכט פון דער וועלט וועט גיכער ווערן פאַרטיליקט, ווי מען זאָל זיי איבערלאָזן דעם גורל.

ווי עס האָט אויסגעזען, האָט ער נישט געזען קיין סיבות, צוליב וואָס מען זאָל דאַרפן איבעררייסן די באַשיידענע פאַרוויילונג.

— מערי מאַגנע איז אַריינגעקומען, זי האָט אַ שמייכל געטון, אַוועקגעשטעלט אויפן טיש דעם יאַגדעס־טאָרט און אָנגעהויבן אים פאַנאַנדערטיילן. און אַז זי האָט שוין געהאַט באַדינט אַלעמען, האָט דער טישלער געזאָגט:

— איך וועל שוין נישט לאַנג פאַרברענגען צווישן אייך, מיינע פריינט, אָבער דערמאַנט אייך ווען מיר יעדעס מאָל, ווען איר וועט זען די שיינע, רויטע פירות און דערמאָנט אייך אין מיין שליחות יעדעס מאָל, ווען איר וועט טרינקען דעם פרעכטיקן, פורפור זאַפט פון וויינטרויבן, וואָס איז אפשר מיט צוויי טעג לענגער פאַרמאַכט געווען אין פלעשל.

טייל האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט און טייל האָבן געהאַט

טרערן אין די אויגן. איך האָב באַמערקט, ווי היימבי האָט זיך אויפגעשטעלט און ער איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער. באַלד האָט מען זיך אָנגעהויבן פונאַנדערגיין. קאַרלין האָט באַדויערט וואָס זיין אַלט פערדל האָט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג און נאָך ביז איצט נישט באַקומען קיין פאַשע. ער איז געווען אומרויק — נישט אַזוי ווייט וועגן זיך, ווי וועגן זיין פריינט: ער האָט זיך אַ ריס געטון — יעדעס מאָל, ווען די טיר האָט זיך געעפנט. ט. ס. און מערי האָבן זיך געקליבן אָנצוקוקן די שטאַרקע אויפנאַמען אין קינאָ. לסוף האָט זיך דער טיש-לער אָפּגעפּאַרטיקט מיט די איבריקע, דערקלערנדיק, אַז ער וויל גיין אין אַבעלס ביורא תפילה טון. אַבעל, לינק און דער יינגער מעקסיקאַנער האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן וואַרטן אויף אים אויף דער גאַס.

איך בין אַוועקגעגאַנגען מיט עטלעכע פון די לעצטע. זאָרג און אומרו האָבן פול געמאַכט אונדזערע הערצער.

## איינאונפופציקסטער קאַפיטל

איך מוז פאַר אייך איצטער עפּעס מודה זיין, וואָס כ'האָב אָפּגעשלעפּט ביז איצט: אין דערזעלבער צייט בין איך געווען פאַרליבט. צווישן די מיידלעך פון דער „געזעלשאַפט" איז גע-ווען איינע, וואָס האָט געהאַט אַלע סיבות צו גלויבן, אַז איך טראַכט וועגן איר אָפט און צייטלעך. און אָט האָב איך דריי טעג פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פונם נביא און עס איז געקומען דערצו, אַז מיין נאָמען זאָל אַנטפּלעקט ווערן אין דער סקאַנדאַלן-כראָניק פון די צייטונגען — און איך בין נישט געווען דרייסט צו טעלעפאָנירן צו מיין כלה און זיך צו פאַר-ענטפערן פאַר איר.

דעם זעלבן אָוונט האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין שטוב פון אירע עלטערן אַן אָוונט מיט טענץ; און איך מיין, אַז איך האָב דאָרטן געדאַרפט זיין, אָבער איך האָב נישט דערהאַלטן

קיין איינלאַדונג און איך וואָלט לחלוטין וועגן דעם נישט געוווּסט, ווען איך זאָל נישט לייענען וועגן דעם אין צייטונג. איך בין אַוועק אַהיים, איבערגעטון זיך און צוגעפאָרן מיט אַ טאַקסאָמעטער צו מיין כּלהס שטוב.

איר וועט זיך נישט וווּנדערן, ווען איך וועל אייך דערציילן, אַז מ'האָט מיך נישט צוגענומען ווי אַן אָנגעלייגטן גאַסט און, אַז פרײלין בעטי האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז מ'שאַט מיך אויף דער שמחה נישט פאַרבעטן. און ווי איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן פאַר איר, האָט זי קוים באַוויליקט מיט מיר צו טאַנצן. אַ שעה צייט האָב איך געפּרוווט פאַרגעסן, אַז ס'זענען דאָ מענטשן אויף דער וועלט, וואָס האָבן צו טון עפּעס אַנדערש, ווי גליקלעך צו זיין. און אין דער רגע, ווען איך בין שוין געווען נאָענט צו דעם סטאַדיום, האָט מיך דער לאָקיי אַ רוף געטון צום טעלעפאָן. איך האָב אַ דערשטוינטער דערקאָנט ס'קול פון דזשאָע. באַלד ביי די ערשטע ווערטער האָט זיך מיין שטויננג איבערגעגאַנגען אין פּחד:

— ביל, דיין פריינט, דער טישלער איז אין אַ סכּנה.

— וואָס... וואָס איז געשען?

— זיי ווילן אים היינט ביינאַכט איינזעצן...

— וואָס הייסט? פונוואַנען ווייסטו עס?

— דאָס איז אַ לאַנגע געשיכטע. כ'האָב נישט איצט קיין צייט דיר אַלץ צו דערציילן. מען האָט מיר צו וויסן געגעבן וועגן דעם. ווו קאָן איך זיך מיט דיר זען? יעדערע מינוט איז טייער...

— פונוואַנען רעדסטו?

ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער געפינט זיך אין שטוב נישט ווייט פונדאַנען. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל באַלד קומען צופאָרן; איך האָב אויפגעזוכט בעטין, זי האָט מיר ווידער געמאַכט אַ סצענע, געשווירן זיך מיט טרערן אין די אויגן, אַז זי וויל מיך מער נישט זען, דאַן האָב איך פאַרלאָזט דאָס הויז, איך בין אַריינגעשפּרינגען אין אַן אויטאָמאָביל

און איך בין געפאָרן גיך, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די קאָמוניקאַציע-פאָרשריפטן.

אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך שוין געווען אין דזשאָעס שטוב און ערשט איצט האָב איך זיך אַלץ דערוווסט.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין רעסטאָראַן, ווו איך האָב געגעסן מיטאָק מיט דזשאָען פאַר דער פאַרזאַמלונג. ער האָט דאָרטן געטראָפן אַ מיידל, מיט וועלכע ער האָט זיך — אויפן פשוטן שטייגער פון די אַיינטיקע לעב-ייִנגען — גוט געקאָנט. בעת ער האָט גערעדט מיט איר, האָט ער צופעליק דערמאָנט מיט אַ שמייכל, אַז ער גייט הערן די רעדע פונם נייעם נביא, ווייל דער אַריינגאַנג איז פריי. דאָס מיידל, מיט דער נאַטירלעכער נייגעריקייט פון אַ פרוי, איז דאָרט מיטגעגאַנגען... און זי איז באַצויבערט געוואָרן פונם טישלער. און איצט דער עיקר: דאָס דאָזיקע מיידל איז אַ געליבטע פון איינעם פון די געהיים-פּאָליציי און פון אים האָט זי זיך דערוווסט, אַז ער האָט באַקומען די אויפגאַבע אומשעדלעך צו מאַכן דעם טישלער. נאָכמיטאָק איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון אַלזשערנין דע ווייגס, דער פרעזידענט פון דער האַנדלס-קאַמער אין וועסטערן-סיטי, דער סעקרעטאַר און אונדזערע „פאַרייניקטע סוחרים און פאַבריקאַנטן” און מיט זשעראַלד זשערסאָן, דער אָרגאַניזירער פון דער ליגע. די דאָזיקע דריי מענער האָבן זיך צונויפגעלייגט זעקס טויזנט דאָלאַר און זיי האָבן דאָס געלט פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די אַגענטן פון דער געהיים-פּאָליציי מיט אַ באַפעל, אַז דער טישלער מוז אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה זיך געפינען אין תפיסה.

עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן, און דזשאָע האָט זיך דערוווסט וועגן אַלע איינצלהייטן פונם מיידל. ס'זענען געדונגען געוואָרן אייניקע צענדליק געוועזענע זעלנער, מיטגלידער פון דער בריגאַדע, און זייער אויפגאַבע איז געווען אויסצושמיצן דעם נביא מיט סמאָלע און אים טונקען אין פעדערן. זיי זענען גערן דערויף איינגעגאַנגען, ווייל די צייטונגען האָבן אויפגעגעבן די רעדע פון טישלער, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן אויף

דער גאַס און זײנע באַװײזן קעגן דער מלחמה, װוּ ער רופט אָן די זעלנער „מערדער" און „װעלף".

— אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ — האָט דזשאָע געזאָגט, בעת איך האָב באַמערקט װי די הענט האָבן געציטערט בײ אים. — צװישן דעם טישלערס אָנהענגער געפינט זיך אײנער מיטן נאָמען הײמבי...

— אַך, אַזױ! — האָב איך אַרױסגעזעצט מיט כּעס — איך האָב זיך משער געװען, אַז אָט דער לומפּ איז אַ שפּיאָן.

— אַזױ איז עס... ער האָט טעלעפאָניש מיטגעטײלט, װאָס דער טישלער רעדט און טוט. און איצטער האָט מען באַשטימט אין לאָקאַל פון די סאָציאַליסטן װוּ דער טישלער האָט זיך אױפגעהאַלטן, אַװעקצושטעלן אַ טײװל-מאַשין.

איך האָב אױף אַ װײלע פאַרלױרן דאָס לשון, און דאַן האָב איך אַרױסגעשטאַמלט:

— װאָס הײסט? מײנסטו, אַז זײ װעלן זײ אָפּרײסן אין דער לופטן?

— נײן, זײ װילן נאָר באַפלעקן זײער גוטן נאָמען; הײמבי דאַרף אַרױסנאַרן דעם טישלער אױף דער גאַס, און װען די אָפּגערעדטע באַנדע װעט אױף אים אָנפאַלן, דאַן װעט הײמבי אױסשיסן פון אַ רעװאָלװער. צװישן המון װעלן זיך געפינען עטלעכע פּראָװאָקאַטאָרן, װאָס װעלן זיך שױן זאָרגן דערפאַר, אַז דער טישלער זאָל נישט נאָר אױסגעשמירט װערן אין סמאָלע און געטונקען אין פעדערן, נאָר מ'זאָל באַלד אים לינטשן.

## צװײאונפופציקסטער קאַפּיטל

יאָ, אַזױ האָט זײער פּלאַן אױסגעזען! װי אַזױ האָבן מיר באַדאַרפט קעגן דעם האַנדלען? איך האָב טעלעפאָנירט צו אַבעלן, כּדי זיך צו דערװיסן, צי עס איז דאָרט נישט עפּעס פאָרגעקומען. אָדער לײדער, כ'האָב נישט געקאָנט באַ-

קומען קיין ענטפער. איך האָב אומזיסט געבעטן די טעלעפאָ-
נען-צענטראַלע, אַז זי זאָל קלינגען נאָכאַמאָל — מ׳האָט מיר
געענטפערט:

– מען קלינגט די גאַנצע צייט...

דער טישלער האָט משמעות תפילה געטון, אָבער וואָס
האָבן געטון די איבריקע? לסוף בין איך אַוועקגעגאַנגען פון
טעלעפאָן.

צי איז מעגלעך, אַז דער המון זאָל אים שוין האָבן
אַוועקגעשלעפט? דזשאָע האָט געצווייפלט דערין, ער האָט גע-
זאָגט, אַז דאָס דאַרף געשען אין אַ באַשטימטער שעה. פּינקט-
לעך צוועלף ביינאַכט דאַרפן זיך צונויפקומען די געוועזענע
זעלנער. מיר האָבן נאָך אַ שעה צייט.

איך האָב פאַרגעלייגט זיך צוצואיילן צו דער הויפּט-
קוואַרטיר פון די סאָציאַליסטן און צונעמען פון דאָרטן דעם
טישלער. אָבער מיין פריינט האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס
הויז איז זיכער אַרומגערינגלט... און עס איז אויך מעגלעך,
אַז באַוואָפנטע דעדעקטיוון זאָלן אונדז פאַרהאַלטן, זיי וועלן
זיכער נישט לאָזן מציל זיין זייער קרבן.

איך האָב זיך אויך געמוטשט אָפּזאָגן פון דעם איינפאַל
אַרויסצופירן דעם טישלער דורכן דאַך אָדער דורך דער הינ-
טער-טיר, וואָרום עס איז געווען זיכער, אַז ער וועט וועלן
בלייבן און רעדן צו זיינע שונאים.

מיין מוח האָט געאַרבעט מיט אָנשטרענגונג. מיר דאַרפן
אַ המון... אַזוי איז עס, מיר מוזן האָבן אַן אייגענעם המון.
און פלוצלינג איז ליכטיק געוואָרן אין מוח. ט. ס. האָט דאָך
אַ המון, וואָס איז אויסגעבילדעט צו די נוצן פון דער „איי-
ביקער שטאָט". איך האָב מיך דערמאָנט, אַז מיט אַ יאָר צו-
ריק האָב איך געזען אַן אויטערגעוויינלעך לאַנגווייליקן פילם,
וואָס האָט פאָרגעשטעלט, ווי די קו-קלוקס-קלען ראַטעווען דאָס
לאַנד, און איך בין געווען זיכער, אַז עס זענען נאָך פאַרבליבן
די קאָסטיומען. אַזוי קענען מיר אָפּראַטעווען אונדזער נביא,

אויף דעם אופן צו דערגרייכן אין פעבל לאַנד דאָס, וואָס מיר צילן!

איך האָב אַנגעקלונגען אין דער אייביקער שטאָט.

— יאָ, הער ט. ס. איז אין דער ביוראָ, אָבער מען קאָן אים איצט נישט שטערן. איך האָב געענטפערט, אַז עס האַנדלט זיך אין לעבן און טויט, הער ט. ס. מוז צוקומען צום טעלע־פאָן. אין עטלעכע מינוט אַרום האָב איך געהערט אין אַפּאַ־ראַט דאָט קול פון ט. ס.; איך האָב אים אַלץ דערציילט און אים פאָרגעלייגט מיין פּלאַן, ער מוז אויך נעמען אַן אַנטייל און זען, אַז אַלץ זאָל אַדורכגעפירט ווערן לויט מיינע אָנווייזונגען: ער דאַרף ברענגען עטלעכע אויטאָבוסן מענטשן, אי־בערגעטון ווי די מיטגלידער פון דער גרעסטער געהיים־אָרגאַ־ניזאַציע אין פעבל לאַנד. פינקטלעך האַלבע נאַכט דאַרפן זיי זיך שטעלן פאַר אַבעלס ווילונג. איך בין מנדב צו פינף דאָ־לאַר פער קאָפּ, און וויבאַלד דאָס וועט זיך איינגעבן, וועט יעדערער באַקומען צו צען דאָלאַר!

אָבער צו מיין דערשטוינונג האָט ט. ס. אויסגערופן:

— איר וועט גאָרנישט צאָלן! צו אַלדע רוחות, איך וועל שוין ווייזן די לומפּן... איך וועל זיך שוין מיט זיי אָפּרעכע־נען... עס זאָל מיך אַפילו קאָסטן אַ מיליאָן דאָלאַר!

— צי האָט איר אויטאָבוסן מיט סירענען? — האָב איך געפרעגט. און ווען ער האָט געענטפערט, אַז יאָ, האָב איך אויסגעשריען:

— די סירענע וועט זיין אַ סיגנאַל. ווי מיר וועלן אים נאָר דערהערן, פירן מיר אַרויס דזשאָע מיטן טישלער אויף דער גאַס, און ווען די בריגאַדע וועט אָנהויבן איר טעטיקייט, דאַרפט איר באַווייזן, אַז איר זענט אַ גרעסערער און שטאַרקער פעבל.

דאַן בין איך צוזאַמען מיט דזשאָען מיט דער גאַנצער שנעלקייט אָפּגעפאָרן צו דער הויפּט־קוואַרטיר פון די סאָציאַ־ליסטן, אויפן וועג האָבן מיר אַרומגערעדט די גענויע איינצל־הייטן פון אונדזער פּלאַן. די עיקר־געפאַר האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך היימבי, דער געהיים־אַגענט, וועמען מ'האָט באַדאַרפט

אָפּרוימען פון וועג. נישט געקוקט אויף זיין ראָלע אַלס פּאַצי־פיסט, איז ער דאָך זיכער געווען באַוואָפנט, און דזשאָע האָט פאַרלאַנגט, אַז דער גאַנצער עסק זאָל ערלעדיקט ווערן אָן געווער. וויבאַלד עס זאָל קומען צו אַ שיסעריי, וואָלטן זיי געמאַכט דערפון אַ קרימינעלע טויט שטראָף־אָפּערע.

איך האָב אויסגערעכנט די מענטשן, וואָס זענען פאַרבליבן ביים טישלער. אַנדריי לענק, דער געוועזענער זעלנער, ער האָט אונדז געקאָנט צונויף קומען; אין זיין הילף האָבן מיר זיך געניטיקט. צוערשט וועלן מיר זיך ערלעדיקן מיט היימבין, דערנאָך וועלן מיר וואַרטן אויפן סיגנאַל פון ט. ס.

מיר זענען צוגעקומען צום הויז. אויפן העכערן שטאָק איז איין צימער געווען באַלויכטן; דאָס טויער איז געווען אָפן. די גאַס האָט אויסגעזען צו זיין פּוסט... נישט וואַרטנדיק אויף די שפּיאָנען זענען מיר אַרויס פון אויטאָמאָביל און מיר זענען אַריין אינעווייניק.

# דריי־און־פופציקסטער קאַפּיטל

חבר אַבעל איז געזעסן ביים טיש און געשלאָפן, דעם קאָפּ פאַרבאַהאַלטן אין די הענט. לינק און טאָם מאַנעטע זענען געלעגן אויף דער ערד און געכראָפּעט. און אויף אַ שטול, לעבן דער טיר איז געזעסן היימבין — ער איז נישט געשלאָפן. אַז ער האָט אונדז באַמערקט, האָט ער זיך אַ ריס געטון פון אָרט.

— אַך, דאָס זענט איר! — האָט ער אויסגעשריען.

איך האָב באַמערקט ווי זיין קול דריקט אויס שרעק. איך האָב אַ ווינק געטון צו אים:

— זייט מוחל אויף אַ מינוט...

ער איז אַרויס מיט מיר אין פאָדער צימער. דזשאָע האָט אויפגעוועקט לינקן און טאָם מאַניטען און זיי געוואָרנט

פאַר דער געפאַר, בעת איך האָב אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמ־קייט פון היימבין.

— ווו איז דער טישלער? האָב איך אַ פרעג געטון.

— אין דער ביוראָ... ער טוט תפילה...

— אַ קראַנקע פרוי נויטיקט זיך אין זיין הילף. צו קאָנען מיר אים נישט איבעררייסן די פרומע מחשבות?

— כ'ווייס נישט. איך געפין זיך שוין דאָ אַ שעה צייט און איך האָב נאָך נישט געהערט דאָרטן דאָס מינדעסטע גע־רויש. אפשר שלאָפט ער?

— איך ווייס נישט, וואָס צו טון... — האָב איך געזאָגט אויספּירלעכער — דאָס תפילה טון איז אַ נויטיקע און וויכטיקע אויפגאַבע... און איך ווייס, אַז דער נביא לייגט דערויף גרויס אַכט, און מיר, וואָס האָבן אים ליב, מוזן אים צוליב טון.

— נאַטירלעך! — האָט היימבי געזאָגט.

— פון דער אַנדערער זייט ווידער... געפינט זיך די פרוי אין אַ געפערלעכן צושטאַנד... אַ פאַרסמטע...

— מיינט איר, אז אויך דאָס וועט ער קאָנען אויסהיילן? האָט היימבי געפרעגט נאַיוו.

אין דער רגע זענען אין צימער אַריינגעקומען דזשאָע און לינק. היימבי האָט זיך געוואָלט אויסדרייען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. דזשאָעס אָרעמס האָבן אים שוין גע־האַט אַרומגענומען, ער האָט אים פעסט געהאַלטן אין זיינע הענט, אַז דעם גרעסטן וועלט אַטלעט וואָלט שווער געווען פון זיי זיך אַ רויסצורייסן. איך האָב גלייכצייטיק אַ כאַפּ געטון דעם שפּיאָן פאַר די הענט. לינק האָט פאַרוואָרפן אויפן קאָפּ פון „פאַציפיסט" אַ לייַלעך, כדי צו דערשטיקן יעטוועדן געשריי.

איך האָב אַרויסגענומען פון היימביס קעשענע דעם רע־וואָלווער, אָבער דזשאָע איז גאָרנישט געווען דערמיט צופרידן.

זון ביי אים גוט אַדורך — האָט ער זיך אָפּגערופן.

און אין אַ זייטיקער קעשענע האָב איך געפינען אַנדערע גע־ווער. מיר האָבן צוגעבונדן דעם פאַציפיסט די הענט מיט די פיס מיט אַ שטריקל, וואָס מיר האָבן געפינען אין שאַנק. דאָן

האָבן מיר אים אַריינגעטראָגן אין דערבייאיקן צימערל, וואו עס זענען געלעגן גאַנצע שטויסן בראָשורן און ביכלעך. אַ גוטער געדאַנק איז מיר געקומען אין קאָפּ: דאָס זענען דאָך זיכער די בראָשורן, צייטשריפטן און ביכלעך, וואָס דאָס פּעקל האָט צוגערויבט ביים חבר אַבעל. און אַזוי ווי ער קאָן זיי שוין נישט פאַרקויפן, מחמת זיי זענען אים צוריקגעגעבן געוואָרן אין אַ טרויעריקן צושטאַנד, וועלן זיי איצט צונוץ קומען צו עפּעס אַנדערש: איך האָב זיי אָנגעהויבן נעמען גאַנצע שטויסן און פאַרדעקט דערמיט היימבין, ביז ער איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטערן באַרג פון אָנגעוואָרפן פּאַפּיר.

אין עק צימער האָב איך באַמערקט עפּעס אַ הילצערנעם קאַסטן. איך האָב געפּרוווט דאָס אויפהויבן, אָבער עס איז געווען זייער שווער.

— אַהאַ, דאָס איז די דינאַמיט מאַשין! — האָב איך אַ שעפּטשע געטון און פאָרזיכטיק זי אויפגעהויבן, דאַן בין איך אויף די שפּיצן פינגער אַרויס פון שטוב, פאַרקערעוועט דורך דער קיך צו די הינטערשטע טרעפּ. איך האָב אַ מאַך אויף געטון דאָס טויער און אָט... אין שאָטן — ווי איך האָב עס פאָרויסגעזען איז געשטאַנען אַ מענטש.

— האַלאָ! — האָב איך אַ שעפּטשע געטון.

— האַלאָ! — ס'האָט זיך מיר געדוכטן, אַז ער האָט אַ ציטער געטון פון שרעק.

— דאָס איז פון היימבין. איך דאַרף עס אייך געבן. פאָר זיכטיק... ווייל ס'איז זייער שווער.

איך האָב אים אַוועקגעגעבן דאָס קעסטעלע און שטילער־הייט זיך אומגעקערט צוריק, פאַרמאַכנדיק הינטער זיך דאָס טויער. אַ געלעכטער האָט מיך אָנגעכאַפּט, בעת איך האָב גע־טראַכט וועגן דער פאַטאַלער סיטואַציע, אין וועלכער עס האָט זיך געפינען דער מענטש. ער ווייסט נישט, וואָס דאָ קומט פאָר און ער וועט עס זיך נישט קאָנען דערוויסן, ווייל ער טאָר נישט אָפּטרעטן פון אָרט. איבריקנס איז שוין נישטאָ קיין צייט,

וואָרום — ווי ס'האָט געוויזן מיין זייגערל — האָט נאָך צו האַל־בע נאַכט געפּעט דריי מינוט.

לינק און דזשאָע האָבן פאַרשלאָסן דעם „פּאַציפיסט" אין יענעם קעמערל און זיי האָבן געוואַרט אויף מיר אין פּאָ־דער־צימער. איך האָב זיי קורץ דערציילט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר געהערט אַ גערויש אין ביוראָ־צימער, דאָן האָט זיך געעפנט די טיר און דער טישלער איז שטיין געבליבן, לויכטנדיק מיט זיינע שניי־ווייסע מלבושים.

און ווידער האָב איך דערזען איבער אים יענעם וווּנדערבאַרן שטראַל, וואָס האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ, בעת ער האָט גע־רעדט אויף דער פאַרזאַמלונג, איך האָב ווידער געזען די טראָפּנס שווייס אויף זיין שטערן, ווי ער וואָלט דורכגעמאַכט אַ שווערן גייסטיקן קאַמף. די טראָפּנס שווייס זענען געווען גרויס און רויט, ווי בלוט.

אַ ציטער האָט מיך אַרומגענומען. איך בין געשטאַנען פאַר דעם מאַן מיט אַ טויב געפיל פון שרעק. אַלע פלענער צו דער נאָענטסטער מינוט זענען ערגעץ־ווו אַנטרינען געוואָרן. איך האָב געקוקט אויף אים אומבאַהאָלפן, ווי ער האָט זיך דערנענטערט צו די שלאָפנדיקע, ווי ער האָט געקוקט אויף זיי...

— איר האָט קיין איין שעה נישט געקענט אויף זיין מיט מיר — האָט אַ שעפּטשע געטון זיין צאַרט, אומעטיק קול.

און אַרויפלייגנדיק די האַנט אויפן חבר אַבעלס אַקסל, האָט ער געזאָגט:

— די שעה דערנענטערט זיך...

אַבעל האָט זיך אַ ריס געטון און זיך אָנגעהויבן צו אַנט־שולדיקן. דער טישלער האָט געשוויגן, געוועקט לויט דער ריי מאַנימן.

און תיכף האָט זיך דערהערט אויף דער גאַס אַ שאַרפער, אימהדיקער פייף

— דאָס איז די בריגאַדע — האָט דזשאָ אַ שעפּטשע געטון.

## פּיראָונפופציקסטער קאַפּיטל

איך בין אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און איך האָב אַ קוק געטון דורכן אָפענעם טויער: יאָ, אַזוי איז עס... פאַרן הויז זענען שטיין געבליבן פיר צי פינף אויטאָמאָבילן, וואָס זענען אָנגעקומען פון ביידע זייטן. איך האָב געזען, ווי עס שפּרינגען אַרויס פון זיי מענער אין חאַקי־מונדירן, דאַן בין איך געלאָפן צוריק, איך האָב באַפוילן דזשאָען מיט לינקן צו האַלטן שמירה אויף די טרעפּ און איך אַליין האָב געאיילט אין צימער, ווו עס איז געזעסן דער טישלער.

ער האָט זיך נישט געוווּנדערט, ווען ער האָט מיך דער־זען. וואַרשיינלעך זענען זיינע געדאַנקען פאַרנומען געווען מיט אַנדערע ענינים. איך האָב געציטערט פון אויפרעגונג, נישט געקאָנט זיך פשוט האַלטן אויף די פיס. ווען וועט ט. ס. אָנ־קומען מיט זיינע? איך האָב געוווּסט וויפל צייט זיי באַדאַרפן, ביז זיי זאָלן קומען פון דער „אייביקער שטאָט" דאָ אַהער. — אָבער ס'האָט געקענט זיין אַ סיבה וואָס זאָל זיי פאַרהאַלטן. און ווילאַבג וועלן די געוועזענע זעלנער וואַרטן אויף היימביס סיגנאַל? העכסטנס נאָך אייניקע מינוטן... דערנאָך וועלן זיי זיך אַריינרייסן אינעם הויז און זיי וועלן אָנפאַלן אויף זייער קרבן. און טאָמער נעמען זיי אים מיט זיך, איידער יענע וועלן אָנקומען?...

איך האָב געהאַט אין קעשענע היימביס ביידע רעוואָל־ווערן. צי זאָל איך זיך מיט זיי באַנוצן, צי נישט? ווי עס ווייזט אויס, איז דזשאָען אין דער מינוט אויך איינגעפאַלן דאָס אייגענע.

— ביל, גיב מיר דאָס שפּילעכל — האָט ער אַ שעפּטשע געטון.

— איך האָב עס אים געגעבן, ער איז אַריין אין אַ צווייט צימערל און אומקערנדיק זיך באַלד, האָט ער געזאָגט:

— כ׳האָב אַרויסגענומען די קוילן און דעם ר׳עוואָלווער האָב איך אַרויסגעוואָרפן דורכן אָפענעם פענסטער.

פּלוצלינג האָט אַ פייף פון סירענען איבערגעריסן די נאַכט-שטילקייט.

איך בין צוגעגאַנגען צום טישלער. עס איז מיר געווען זייער אומאַנגענעם, וואָס איך האָב אים געמוזט נאַרן — באַזונדערס, אַז איך בין געווען כמעט זיכער, אַז ער לייענט מיינע מחשבות. דאָך האָב איך געפּרוווט:

— הער טישלער... היימבי האָט מיך געשיקט צו אייך... ער האָט געמוזט אַרויסגיין אויף דער גאַס, און ער בעט, אַז איר זאָלט צו אים אַרויסקומען...

— גוט.

ער האָט זיך נישט אָפּגערופן קיין איין וואָרט מער, ער איז צו צו דער טיר און אָנגעהויבן גיין פון די טרעפּ. מיר זענען געגאַנגען הינטער אים... דער ערשטער אַבעל, מאַניטי, און שפּעטער לינק און איך.

דער נביא איז אַרויס אויף דער גאַס, ער איז תיכף אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ צענדליק געוועזענע זעלנער. ער האָט זיך נישט פאַרטיידיקט, גאָרנישט גערעדט. חבר אַבעל האָט הויך פּראָטעסטירט, דער מעקסיקאַנער מאַניטי, האָט מיטן הייסן בלוט פון זיינע אָבות, אַריינגעשטעקט די הענט אין קעשענע... און אין זיין האַנט האָט אַ פינקל געטון אַ מעסער. אַ זעלנער האָט אים געפּרוווט פאַרהאַלטן, אָבער ער האָט אויסגעשריען:

— אָוועק! וואָרום כ׳וועל דיר אָפּשניידן אַן אויער!

דער טישלער האָט זיך אויסגעדרייט און שטרענג אַ זאָג געטון:

— זאָל קיינער צוליב מיר נישט פאַרגיסן קיין בלוט.

אָבער עס איז אַזוי-ווייט נישט דערגאַנגען. אויף דער שטילער גאַס האָט זיך געטראָגן אַ הויך קול. דאָס איז געווען

אַ פרויען קול... אָבער דאָ, ביי די פאַרהעלטעניש, האָט עס אָפּגעקלונגען פשוט איבערנאַטירלעך. דאָס קול האָט אויסגע-זונגען ווערטער ווי פון אַ טרומייט, וואָס שאַלט אויף די שלאַכט-פעלדער... אַ הערלעכס, אַ מעכטיקס, היפּנאָטיזירנדיקס:

— מאַכט אַ וואַרע פאַרן מעכ—טיקן הער פון קלו—ו—קלוקס—קלען!

אויף אַלע איז אָנגעפאַלן אַ מהומה; איך בין געווען נאָך מער דערשטוינט, וואָרום איך האָב דערקאָנט דאָס קול. מערי מאגנע האָט געשפּילט די ראָלע. אין וועלכע זי האָט געמוזט רעדן.

איך בין געשטאַנען אויף אַ שוועל און פון דער הויך געקוקט אויפן גאַנצן בילד. פון ביידע זייטן האָבן זיך דער-נענטערט צוויי ריזיקע אויטאָמאָבילן פון דער „אייביקער שטאָט". פון אינעווייניק זענען אַרויסגעשפּרינגען ווייסע, פאַרמאַסקירטע געשטאַלטן, ביי וועלכע מ'האָט נאָר אַרויסגעזען די אויגן. זיי האָבן באַלד געשאַפן אַ האַלבן ראָד, אַרומרינגלדיק די זעלנער. אין מיטן האַלבן ראָד איז געשטאַנען דער אָנפירער פון די קלו—קלוקס—קלען מיט אַ רויט שטערנדל אויפן שטערן, מיט אויסגעשטרעקטע ווייסע אָרעמס, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ שטעקעלע, וואָס זיין עק האָט אָפּגעגלאַנצט רויט. ער האָט אַ מאַך געטון מיטן שטעקעלע פאַר די מענטשן פון דער בריגאַ-דע... און ווי עס ווייזט אויס האָט דאָס געווירקט פאַרכישופט, זיי זענען שטיין געבליבן אומבאַוועגלעך, ווי זיי וואָלטן צוגע-וואָקסן צו דער ערד, און אויסגעשטאַרצט אויף אים די ברייט צעעפנטע אויגן.

## פינפאונפופציקסטער קאַפּיטל

און ווידער האָט דאָס קול אָנגעהויבן זיין זילבערנע מעלאָדיע:

— מאַכט אַ וואַרע! ציט אייך צוריק! מאַכט אַן אָרט

פאַר דעם אומבאַזיגטן, מעכטיקן, העכסטן! הערט אויס דעם פירער פון געהיימען לאָגיאָן, דעם אומשטערבלעכן הערשער פון קלו-קלוקס-קלען!

דער מעכטיקער אומשטערבלעכער פירער האָט גערעדט מיט אַ האַרט באַפעלעריש קול:

— מיטגלידער פון קלען! דערמאָנט אייך אייער שבועה! עס האָט זיך דערנענטערט די שעה פון משפט! זאָל ציטערן דער עלנטער שולדיקער! עס איז שוין אויסגעפאַלן דער גרויסער, נישט אָפּגערופענער פּסק. קאָעלום אַנימום אימפּעריאַביליס סענעסקאַט. סימילאַ סימיליבוס פער קוואַנטום ימפעראַטאָר. אינעקסאָראַדילוס אינגענגיום פאַראַסימיליבוס עספּעראַנטור! סיווא אימפּאַראַטוס איגנאַטוס אינדיגנאַטיאָ סאַלווע! סופּאַסיטיאָ! אינדוראַטאָ! *) אויף דער קני, מיטגלידער פון קלען!

אַלע ווי איינער האָבן אַנידערגעקניט.

— שווערט, מיטגלידער פון קלען! סי פּראַקטוס איליבאַטור אָרביס, אימפּאַווידיום פּעריענט רויני. איר האָט געהערט דעם פּסק. טאָ וואָס איז די שטראָף? טויט!

אַ קול פון צווישן המון האָט אַ געשריי געטון:

— טויט!

און דאָס גאַנצע פעבל האָט אויפגעכאַפּט דאָס געשריי, עס האָט אָפּגעקלונגען ווילד אין דער שטילקייט פון דער נאַכט:

— טויט! טויט!

און דער גרויסער פירער פון קלען האָט ווייטער געזאָגט:

— אַרמאַ ווירומקווע קאַנאָ טאָו פּאָלופלעברי אָו טאַלאַסעס!

דאַן האָט ער זיך געוואָנדן צו די פאַרטויבטע געוועזענע זעלנער:

---

*) דאָס זענען לאַטייניש ווערטער אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג, זיינען צונויפגעשטעלט צו פאַרטויבן דעם המון.

— טעלאַטי מאַטער עמע קאַי אנאסקאָ קאָ-אמענעפער!

ער האָט אָנגעוויזן מיט די אויסגעשטרעקטע ווייסע הענט אויפן טישלער, וואָס איז געשטאַנען שטרעבלען בליינך, אָבער פולקום רויק:

— אַ טויט אַלע פאַררעטער! אַ טויט אַלע שונאים פון קלו-קלוס-קלען! קאָנדעמנאַטוס אינקאמפּאראבילי! אינגעניטיס עקסעקוואַטאָר. טרעט אַרויס טרייע, אומבויגזאַמע היטער און איר גרויסע, הייליקע וועכטער!

זעקס פאַרמאַסקירטע געשטאַלטן האָבן אַ רוק אַרויס געטאָן פאָרויס. דער גרויסער פירער פון קלען האָט באַפוילן:

— נעמט דעם שולדיקן!

און ער האָט זיך געווענדעט צו די געוועזענע זעלנער:

— לאָזט איבער אָן מורא דעם דאָזיקן שווינדלער און די הענט פון געהיימען געריכט פון קלען, ווייל נאָר ער קאָן משפטן אַזוינע פאַרברעכער!

איך ווייס נישט, וואָס עס האָבן געטראַכט די פאַרטויבטע בריגאַדע-מיטגלידער וועגן דעם גאַנצן האָקוס-פאָקוס. שפּעטער, אַז די אַוואַנטורע האָט זיך שוין פאַרענדיקט, האָב איך אַ פרעג געטון מערין:

ווער האָט דיך אויסגעלערנט די דאָזיקע זינלאָזע פּלוי-דעריי?

זי האָט מיר דערקלערט, אַז זי איז אַמאָל אויפגעטרעטן אין אַ טעאַטער-שטיק פאַר קינדער, ווו עס איז אויך געווען אַ ראָלע פון אַ כשופמאַכער, וואָס האָט אָפּגעטון כשוף מענטשן. אַ יאָר צייט האָט זי כסדר געהערט זיינע קללות און די ווערטער זענען איר פאַרבליבן אין זכרון, און איצט זענען זיי צונויף געקומען איבערצושרעקן די דערוואַקסענע קינדער.

די געוועזענע זעלנער האָבן אפשר געטראַכט, אַז די גאַנצע געשיכטע איז פאָרגעקומען לויט אַ פריער צוגעגרייטן פּלאַן פון זייערע ברויט-געבער. זיי האָבן געמעגט טראַכטן, וואָס זיי ווילן... איינס איז נאָר געווען זיכער, זיי זענען געווען אַ מינדערהייט. פאַר פּעבל, וואָס געפינט זיך קעגן

אַ שטאַרקערן פּעבל, איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג ווי אָפּצוטרעטן.

און זיי זענען אָפּגעטרעטן. די, וואָס זענען געשטאַנען לעבן טישלער האָבן זיך אָפּגערוקט; די טרייע היטער און פירער האָבן אים אַ נעם געטאָן פאַרן אָרעם און מיטגעפירט מיט זיך... אָן אונדז האָט מען, ווי עס ווייסט אויס, לחלוטין פאַרגעסן; דזשאָע, לינק און איך האָבן אַ צי געטון אַבעלן און מאַניטין, און מיר האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קלען־לייט.

עס איז שוין נישט נויטיק געווען די פּייערלעכע האַלטונג. דעם טישלער האָט מען איינגעזעצט אין ערשטן אויטאָבוס; לעבן אים האָט זיך אַנידערגעזעצט דער גרויסער פירער פון קלען און מיר האָבן זיך אַריינגעשאַרט איינציקווייז. ט. ס. איז געזעסן לעבן שאָפער, ער האָט געשטראַלט פון צופרידנקייט, אָנגענומען מיין האַנט און זי פעסט געדריקט. איך האָב נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין איין וואָרט, פון גרויס אויפרעגונג האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. דער טישלער איז געזעסן לעבן מיר, ער האָט וואַרשיינלעך פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די גאַנצע אָפּגעשפּילטע קאָמעדיע, אָבער ער האָט געשוויגן. די פאַרמאַסקירטע מענטשן זענען איינגעשטיגן אין די איבעריקע אויטאָבוסן, די סירענע האָט אַ פייף געטון און אונדזערע וועגן זענען געלאָפן מיט אַ ווילדער שנעלקייט אין דער פינסטערער נאַכט.

ט. ס., דזשאָע און איך האָבן זיך קעגנזייטיק געקלאַפּט איבער די פּלייצעס און מיר האָבן כמעט געשריגן פון געלעכטער; די איבעריקע קלען־לייט האָבן דעסגלייכן געשריגן... אַ חוץ דער גרויסער פירער פון קלען, וואָס איז געזעסן לעבן טישלער און געוויינט.

---

## זעקסאונפופציקסטער קאַפּיטל

איך האָב זיך שעפּטשענדיק באַראַטן מיטן אַלטן ט. ס., מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקצופירן דעם טישלער אין זיין ווילליע, וואָס איז געבליבן מיט עטלעכע מייל ווייטער פון דער „איי-ביקער שטאָט". דאָרטן וועט ער זיין זיכער פון אַ געפאַר. מיר האָבן פאַנאַנדערגעלאָזט די קלען-לייט, דזשאָען האָבן מיר גע-שיקט אַהיים אין אויטאָמאָביל, די איבריקע דריי חברים האָבן באַדאַרפט פאַרברענגען די נאַכט אין האָטעל.

דאַן האָב איך אַ בעט געטון דעם טישלער, ער זאָל איינשטייגן אינם אויטאָמאָביל פון ט. ס. ביז איצט האָט ער נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט, איצט האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איך וואָלט וועלן פאַרבלייבן אַליין.

איך האָב געענטפערט:

— איך וועל אייך אָפּפירן אין אַזאַ אָרט, ווו איר וועט קאָנען זיין אַליין, וויפיל איר וועט וועלן.

ער איז איינגעשטיגן אין אויטאָמאָביל און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר אים געפירט איבער די פּרעכטיק איינ-געאָרדנטע צימערן אין דער ווילליע פונם פילם-קעניג.

עס איז אונדז געווען אַביסל אומהיימלעך, וואָרום דאָס שווייגן פונם טישלער האָט געווירקט אויף אונדז דערשלאָגן. ער האָט זיך ווידער אָפּגערופן:

— איך וואָלט וועלן פאַרבלייבן אַליין.

מיר האָבן אים אַרויפגעפירט אויפן שטאָק אינם שלאָף צימער און דאָרטן אים איבערגעלאָזט אַליין, און אויף יעדן פאַל פאַרמאַכט די טיר.

בעת מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען הינטן, האָבן מיר אַ קוק געטאָן אויף זיך, ווי צוויי שילער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון אַ לעקציע און דאַרפן אין אַ מינוט אַרום שטיין פּנים אל פּנים דעם לערער.

— פאַרבלייב דאָ, ביל — האָט דער פילם-קעניג געבעטן —

איר מוזט אייך מיט אים מאָרגן אַדורכשמועסן... איך וועל דאָס נישט טון.

— איך וועל בלייבן.

איך האָב אַ קוק געטון אויפן זייגערל, עס איז שוין געווען נאָך איינס.

— גיט מיר דעם וועק-זייגער — האָב איך געזאָגט — דער טישלער כאַפּט זיך אויף גלייך מיט די פייגל, און מיר קאָנען נישט דערלאָזן, אַז ער זאָל אונדז אַנטרינען דורכן פענסטער.

ווי גיך ס'איז נאָר ליכטיק געוואָרן האָב איך לייכט אָנגעקלאַפּט אינם טישלערס צימער, כדי אים נישט איבער צוּוועקן, אויב ער שלאָפט נאָך. אָבער ער האָט תּיכף אָפּגעענטפערט:

— אַריין!

איך בין אַריינגעגאַנגען, געטראָפן אים זיצן לעבן פענס- טער קוקנדיק אין חלל. אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען פאַר- זאָרגט אין מיטן שטוב, דערנאָך האָב איך אַרויסגעשטאַמלט:

— אַנטשולדיקט, הער טישלער — כ'ווייס, אַז איך בין געווען צו חוצפּהדיק...

— איר האָט געזאָגט...

זיינע אויגן האָבן מוראדיק געפינקלט. איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן.

— איר קאָנט נישט די דאָזיקע מענטשן, צי ווייסט איר, אַז אין יענער שטוב איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ דינאַמיט- מאַשין? און אויף צומאָרגנס וואָלטן אַלע צייטונגען געשריבן, אַז איר האָט זיך געגרייט אויסצופירן אויף עמיצן אַן אַטענטאַט?

אָבער ער האָט געענטפערט:

— צי פאַרשפּרייטן זיי ס'ערשטע מאָל וועגן מיר אַזוינע שקרים?

— איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון דערפון, וואָס כ'האָב געטון.

— איר קאָנט עס נישט פאַרשטיין, איר ווייסט צו ווייניק.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אָנגענומען ביים טיר-הענטל. זיין קול איז תיכף געוואָרן צאַרטער:

— איר זענט אַ טייל פונם פּעבל-לאַנד... איר קאָנט נישט זיין אַנדערש. אינם פּעבל-לאַנד איז אַפילו אוממעגלעך דאָס ערלעכע מאַרטירערטום.

איך האָב אַ קוק געטון אויף אים פאַרחידושט.

— צו וואָס נוצט מאַרטירערטום?

— מען קאָן נישט ווירקן אויף די מענטשן אויף אַן אַנדערן אופן; צי געפינען זיך נאָך, ווייזט אויס, אין אַ קינ-דערשן צושטאַנד, אויב זיי פאַרלאַנגען בלוט-קרבנות!

— יאָ, אָבער טוט נאָר אַ טראַכט, ווי אַזוי דאָס מאַרטי-רערטום וואָלט אויסגעזען — האָב איך אַריינגעמישט. — דער אומווירדיק, אָן שום איינדרוק. זיי שמירן אויס דאָס לייב מיט הייסע סמאָלע און דערנאָך הענגען זיי אויף דעם מענטש, ווי דעם געמיינסטן פאַרברעכער.

נאָך איידער איך האָב נאָך דאָס אַרויסגעזאָגט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די ווערטער זענען נישט געווען אויפן אָרט. דער טישלער האָט געענטפערט:

— איך בין צוגעוווינט דערצו, אַז מען זאָל זיך באַגיין מיט מיר, ווי מיט אַ געמיינעם פאַרברעכער.

— וויבאַלד איר ווילט טאַקע, אַז מען זאָל אייך אויפ-הענגען... — האָב איך אויסגעשריען פאַרצווייפלט — ווי באַלד איר ווילט בעסער דאָס, ווי עפּעס אַנדערש... און איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, מחמת ער האָט פאַרשטעלט ס׳פּנים מיט די הענט, איך האָב געהערט, ווי ער האָט געשעפּטשעט:

— נעכטן ביינאַכט האָב איך תּפילה געטון, אַז מען זאָל באַזייטיקן פון מיר דעם כּוס און מיין תּפילה איז אויסגעהערט געוואָרן.

— איר זעט — האָב איך אים געפּרוווט טרייסטן — אין דעם פאַל האָב איך נאָר געשפּילט די ראָלע פון גורל. לאָזט מיך נאָך שפּילן די ראָלע עטלעכע טעג, ווי לאַנג די באַנדע ווילדע ברואים וועט נישט פאַרלאָזן די שטאָט. איך שעם זיך

מיט זיי, מחמת איך געהער אַליין אָן צו זיי און איך פֿאַרשטיי זיי[illegible] פּסיכיק. זיי האָבן, וואָס אָן אמת, געקעמפֿט און געזיגט. אין זייערע הערצער רוט דער מלחמה־וואנזין, פֿון ווילדעו, בלינדער ליידנשאַפֿט...

דער טישלער האָט זיך אויפֿגעשטעלט.

— איך ווייס! — האָט ער אויסגערופֿן. — כ׳ווייס. עס איז מיר נישט נויטיק צו זאָגן. איך פֿאַראורטייל אויך נישט די זעלנער, איך פֿאַראורטייל די מענטשן, וואָס רעדן זיי אָן... — יענע אַלטע לייט מיט די ווייסע, איינגעשרומפּענע הענט, וואָס זיצן אין די ביוראָס פֿון זייערע אונטערנעמונגען און שליידערן פֿון דאָרטן אַרויס וואַנזין אויף דער וועלט. וואָס פֿאַראַ שטראָף דאַרף קומען אויף די מענטשן?

— דאָס זענען האַרטע נפֿשות — האָב איך געזאָגט.

— איך האָב זיי געזען. די מענטשן מיט די שטיינערנע פּנימער זיי זענען וועלן געטריבן פֿון אַ מאַשין אָט די פֿראַים מיט די פֿאָלירטע נעגל. זיי האָבן פֿאַרוואַנדלט דאָס לאַנד אין אַ היים פֿאַר נאַראָנים; זיי האָבן געמאַכט דערפֿון אַ פּעבל־לאַנד.

איך האָב געשוויגן. כ׳האָב געוואַרט, ביז דער שטורם פֿון זיינע געפֿילן וועט זיך איינשטילן. דערנאָך האָב איך אַ זאָג געטון:

— איר זענט גערעכט, הער טישלער... אָבער די וועלט איז שוין אַזוי איינגעאָרדנט... איר קאָנט זי נישט איבערמאַכן.

ער האָט אויפֿגעהויבן זיין האַנט אין דער הויך:

— קיין שום מענטש דאַרף נישט וואַרפֿן אין מיין קעגנוואַרט די דאָזיקע גרויסע לעסטערונג אינם פּנים פֿון לעבן.

איך האָב דערויף גאָרנישט געענטפֿערט, דער טישלער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פֿענסטער און געקוקט אויפֿן זון־אויפֿגאַנג. לסוף האָב איך ווידער אָנגענומען מוט:

— איירע פֿריינט בעטן אייך נאָר איין זאַך, הער טישלער: פֿאַרבלייבט דאָ, ביז דער קאָנגרעס וועט זיך פֿאַרענדיקן שפּעטער וועט איר ווידער האָבן אַ געלעגנהייט צו צוויג־

גען די מענטשן אויסצוהערן אייער לערע. אָבער אַזוי לאַנג ווי די בריגאַדע געפינט זיך דאָ, איז עס אויסגעשלאָסן. די דאָזיקע מענטשן זענען ברוטאַל און ווילד; זיי האָבן באַהערשט די שטאָט און טון, וואָס זיי געפעלט. ווי באַלד זיי זאָלן אייך באַגעגענען אויף דער גאַס, זענען זיי גרייט אייך צו באַליידיקן און צו שלאָגן.

דער טישלער האָט געענטפערט.

— האָט נישט קיין מורא פאַר די, וואָס טויטן דעם גוף, נאָר פאַר די, וואָס טויטן די נשמה.

איך בין ווידער אנטשוויגן געוואָרן, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

— מיין ברודער, איך וואָלט געוואָלט פאַרבלייבן אַליין...

— איר וועט עס מיר צוזאָגן, הער טישלער?...

— נאָר מיין פאָטער קאָן איך צוזאָגן. איך בעט אייך, לאָזט מיך אַליין...

# זיבנאונפופציקסטער קאַפּיטל

איך בין אַראָפּגעגאַנגען אונטן, ווו כ׳האָב געטראָפן דעם אַלטן ט. ס., וואָס האָט אויסגעזען אין זיין פורפור-שלאָפראָק, ווי אַן אָנגעגעסענער מאָגנאַט. דאָס „מאַמעלע” איז דאָ אויך געוועזן, זי האָט געטראָגן אויף זיך אַ ראָזן שלאָפראָק, געהאָפטן מיט ווייסע כריזאַנטעמען. איר קאָנט זיין זיכער, אַז ס׳איז איר נישט לייכט אָנגעקומען אויפצוכאַפּן זיך זעקס אַ זייגער באַ־גינען — אָבער זיי זענען געווען אויף די פיס, פאַרזאָרגטע און איבערגעשראָקענע.

— וואָס זאָגט ער? — האָט דער פילם-קעניג אַ פרעג געטון.

— ער וויל נישט זאָגן, מיט וואָס פאַראַ צילן ער טראָגט זיך אַרום.

— ער האָט נישט צוגעזאָגט, אַז ער וועט דאָ פאַרבלייבן?

— ער וויל גאָרנישט צוזאָגן.

— איר האָט פאַרמאַכט די טיר אויפן שליסל?

איך האָב אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, און דאָס מאַמעלע האָט זיך האַסטיק אַריינגעמישט.

— הער בײַל, איר מוזט דאָ פאַרבלייבן און אַכטונג געבן אויף אים. וואָרום אויב ער זאָל אַראָפּגיין הינטן און מיט מיר עפּעס באַפעלן, וועל איך אים מוזן אויסהאָרכן.

איך האָב עס איר צוגעזאָגט. — אין אַ ווײַלע אַרום האָט דאָס מאַמעלע געבראַכט אַ שעלכל קאַווע, אַ גלאָז מילך, ברויט מיט פּוטער, פּרוכטן און זי האָט מיך געבעטן דאָס אַלץ אַרויפּצוטראָגן צום נביא.

איך בין געגאַנגען אַרויף צו אים, אַריינגייענדיק האָב איך זיך אָפּגערופן מיט אַ געקינצלטער פריילעכקייט:

— אָט דאָס איז אייער פרישטיק... — וואָרום איך האָב געוואָלט באַהאַלטן פאַר אים מיין דאגה, אָבער ער האָט אַ קוק געטון אויף מיר און געזאָגט:

— איר האָט פאַרמאַכט די טיר?

איך האָב צונויפגענומען מיין גאַנצע דרייסקייט:

— יאָ.

— טאָ-וואָס איז מיר דער אונטערשיד פון וועמען איך בין געפאַנגען, פון אייך, צי פון אייערע הערשער?

— הער טישלער, דער אונטערשיד איז דאָס, וואָס מיר האָבן אייך נישט בדעה אויפצוהענגען.

— ווילאַנג ווילט איר מיר דאָ האַלטן?

— וואַרשײַנלעך פיר טאָג ביז מען וועט שליסן דעם קאָנגרעס. אויב איר וועט מיר צוזאָגן, אַז איר ווילט דאָ איבערוואַרטן די עטלעכע טעג, וועט איר קאָנען פריי אַרומשפּאַצירן איבער דער געגנט, און איך פון מיין זייט זאָג אייך צו, אַז ווי נאָר ס'וועט פאַרביי דער קריטישער מאָמענט, וועל איך טון פאַר אייך, וואָס איך וועל נאָר בכוח זיין, אַז אייער לערע זאָל זיך פאַנאַנדערגיין צווישן די ברייטסטע שיכטן פון פאָלק.

איך האָב אומזיסט געוואַרט אויף אַן ענטפער. דאַן האָב איך אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויפן טיש און איך בין אַרויס פון שטוב. איך האָב פאַרמאַכט די טיר אויפן שליסל. הינטן האָב איך באַגעגנט איינעם פון ט. ס. סעקרעטאַרן, וואָס האָט נאָר-וואָס געבראַכט די פרימאָרגן-צייטונגען. איך האָב אַ כאַפּ געטון אַ „טיימס" — און אָט וואָס איך האָב געלייענט אויף דער ערשטער זייט:

„קלו-קלוקס-קלען פירט אַוועק אין אַן אויטאָמאָביל אַן אַ וואַנטוריסטישן רויטן נביא".

נאַטירלעך האָט זיך די געהיים-פּאָליציי, וואָס האָט זיך צוגרייט צו לינטשן דעם נביא, באַמיט איבערצושיקן אַ באַריכט צו די פרימאָרגן-צייטונגען: אַ באַריכט, וואָס האָט דערציילט וועגן אַ געפונענער דינאַמיט-מאַשין און וועגן אַן אָנפאַל אויף זעלנער, אויסגעפירט דורך באַוואָפנטע אָנהענגער פונם רויטן נביא. און דאָס אַלץ איז גאָרנישט קעגן דעם וואָס איז געשען שפּעטער: די צייטונג האָט געגלויבט די קלען-לייט אַלס אויסלייזער פון דער שטאָט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קיין שום צייטונג האָט נישט געוווסט, אַז די פאַרמאַסקירטע געשטאַלטן, וואָס האָבן מיטגענומען דעם טישלער, האָבן נישט קיין שום שייכות מיט די קלו-קלוקס-קלען; דער טיימס האָט אין זיין אַרטיקל, מיט גרויסע אותיות אויסגעדריקט אַכטונג דער באַפעלקערונג אין וועסטערן-סיטי פאַר זייער דרייסטקייט, און מוטיקייט, מיט וואָס זיי זענען אַרויסגעטרעטן פאַרטיידיקן די רעכט און אָרדענונג.

ווי עס זאָל נישט זיין, בין איך געווען זיכער, אַז עס וועט אוממעגלעך זיין לענגער אויסצובאַהאַלטן דעם פאַקטישן צושטאַנד. אויב אין דער דאָזיקער אַוואַנטורע איז אַנגאַזשירט געוואָרן הונדערט סטאַטיסטן, קאָן מען זיך ריכטן, אַז דאָס געהיימניש וועט אין משך פון עטלעכע שעה זיך אַרייִנבאַקומען אין וועלכע ס'איז רעדאַקציע. און אַזוי איז געשען: אין צוויי שעה אַרום האָט דאָס „אָונט-געשריי" אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן צום פילם-קעניג און געפרעגט, ווהין ער האָט אַוועק-

געמירט דעם נביא. עס האָט נישט קיין זינען זיך איינצו-עקשנען — האָט באַמערקט דער רעדאַקטאָר — צופיל מענטשן האָבן געזען, ווי דער נביא איז איינגעשטיגן אין אויטאָמאָביל פון ט. ס. דער סעקרעטאַר פון פילם-קעניג האָט עס הערויש אָפּגעלייקנט. — אָבער אַלע זענען מיר געווען זיכער, אַז דער גאַקעטער אמת וועט באַלד אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. ס'זענען דאָ געווען שאָפערן, גערטנער און דינער — און אַלע האָבן געזען, אַז דאָס געהיימע געשטאַלט אָנגעטון אין ווייסן, געפינט זיך דאָ. זיי וועלן זיי פאָרלייגן געלט און עס וועט זיך געפינען נישט איינער, וואָס וועט זיך לאָזן איבערקויפן.

און אַזוי איז טאַקע געווען! אין עטלעכע שעה אַרום האָט איבער אַ צענדליק רעפּאָרטערן אַרומגערינגלט די ווילע; פאָטאָגראַפן האָבן געמאַכט אויפנאַמען, און אַן עולם נייגעריקע האָט אָבסערווירט דורך לאָרנעטעס. איך האָב ווידער געזען אין מיין געדאַנק אַ גרויס קעפּלדיקן אויפשריפט אין דער צייטונג:

„דער פילם-קעניג באַהאַלט דעם אַוואַנטו: ריסטישן נביא פאַר די שטראָפנדע האַנט פון גערעכטיקייט".

אויף אַזאַ ווענדונג אין אָט דער זאַך זענען מיר בין איצט נישט געווען צוגעגרייט. דער טישלער האָט באַדאַרפט הייבט גיין אינדערפרי זיך שטעלן פאַרן ריכטער פאַנטי.

— צי וועט ער זיך שטעלן? — האָבן די רעפּאָרטערז געפרעגט — און אויב נישט, טאָ פאַרוואָס?

מערי מאַגנע וואָלט זיכער גערן מספּים געווען היזק צו האָבן די צוויי הונדערט דאָלאַר קויציע, אָבער דער ריכטער האָט דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אַ באַפעל צו ברענגען דעם באַשולדיקטן. צי וועט ער עס טון?

הינטער די קוליסן פון דער מאַכט אין וועסטערן סיטי האָט זיך צעשפּילט אַ מוראדיקער קאַמף. מיר האָבן נישט געוווסט, ווער עס האָט געוואָלט פאַר יעדן פּרייז אַרויסטרייבן דעם טישלער פון זיין באַהעלטעניש, מיר האָבן אָבער געוווסט, ווער עס האָט אים געוואָלט דאָרטן פאַרהאַלטן. איך האָב טע-

לעפאָנירט צו מיין פעטער טיימאָט, און אויפגעקלערט פאַר אים די סיטואַציע. זאָל ער זיך פאַרשפאָרן אָנצושטרענגען זיך צוליב מיר און מיך שעלטן צוליב מיר: ווייל איך בין דעצידירט צו זיין אויף דער זייט פון מיין נביא. אויב ער וויל מאַכן אַ סוף צום סקאַנדאַל, טאָ זאָל ער זיך באַמיען, אַז מען זאָל דעם טישלער לאָזן צו רו.

— טאָ וואָס זאָל איך טון, ביל? — האָט ער אויסגעשריגן — אַז דאָס געזעץ האָט איצטער דאָס וואָרט.

— נאַרישקייטן! דו, פעטער, ווייסט גאַנץ גוט, אַז יעדער ריכטער, ווי דער גאַנצער מאַגיסטראַט האַנדלט אַזוי, ווי מען הייסט אים... עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דעם, אַז עס זאָל רעדן אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש. פעטער טו אַ שמועס מיט דע ווייגס, מיט וועסטערליי, מיט קאַרסאָן און מיט דער גאַנצער באַנדע. גיב זיי צו פאַרשטיין, אַז זיי וועלן גאָרנישט האָבן דערפון, וואָס זיי וועלן אַרויסשלעפן דעם טישלער פון זיין באַהעלטעניש. אין וואָס אייגנטלעך גייט זיי? עס גייט דאָך זיי נאָר דערין, אַז עס זאָל זיין רויק. מיר האָבן שוין דערצו אָנגענומען די געהעריקע שריט... און דאָס האָבן מיר געטאָן אָן אַ בלוט-פערגיסונג אָבער קוים נעמען זיי דעם נביא, אין דער פאָליציי וועט ווידער קומען צו אומרוען... און ווער ווייסט, מיט וואָס דאָס קאָן זיך פאַרענדיקן.

חוץ דעם האָב איך טעלעפאָנירט צו עטלעכע איינפלוסרייכע מענטשן און ט. ס. האָט דערווייל באַאַרבעט די רעדאַקטאָרן פון די אָוונט-צייטונגען. מען האָט דעם נביא געמאַכט אומשעדלעך אויף דער גאַנצער צייט פון קאָנגרעס, צי איז עס נישט פאַר זיי גענוגנד? צי האָבן זיי נאָך ווינציק סענסאַציעס? אין שטאָט געפינען זיך אומגעפער צען טויזנט מלחמה-העלדן... צו וואָס זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ נאַרישן רעליגיעזן פאַנאַטיקער?

ווען מען שיסט מיט שרויט צו אַ קאַטשקע, און די קאַטשקע פאַלט, וועט זיך קיינער נישט פרעגן, וועלכעס קערנדל שרויט ס'האָט איר געטראָפן. דאָס זעלבע איז געשען מיט אונדזערע שתדלנות. אַ קערנדל שרויט האָט געמוזט טרעפן,

וואָרום בעת מ׳האָט אין געריכט אויסגערופן דזשאָן טישלער, און ער האָט זיך נישט באַוויזן, האָט דער ריכטער קורץ דערקלערט, אַז די בייגעלייגטע קוויטל גייט פאַרלוירן און נישט רעדנדיק וועגן דעם מער קיין איין וואָרט, איז ער איבערגעגאַנגען צו די ווייטערדיקע פּראָצעסן. דריי אָוונט־צייטונגען האָבן געמאָלדן וועגן דעם קורצע נאָטיצן אין זייטיקע ערטער... דער רויטער נביא איז געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן.

## אַכטאונפופציקסטער קאַפּיטל

איינס אַ זייגער האָב איך אַרויפגעטראָגן צום טישלער עסן און דאָ האָב איך מיט אַן אומאַנגענעם פאַרחידושקייט באַמערקט, אַז ער האָט זיך צומאָל נישט צוגערירט צום פרישטיק. איך האָב אים געוואָלט פרעגן, אָבער ער האָט געקוקט פאַר זיך, נישט לייגנדיק אויף מיר קיין אַכט. זעקס אַ זייגער בין איך ווידער געקומען מיט עסן, איך האָב געזען, אַז ער האָט בכלל גאָרנישט געגעסן און איז, פונקט ווי פריער, געשטאַנען פאַרטראַכט. איך האָב צוריק צוגענומען די טאַץ, און צו ט. ס. האָב איך געזאָגט:

— מיר האָבן אויף אונדזער געוויסן אַ מענטש, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ הונגער־שטרייק.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי דידאָזיקע אומשטענדן האָט שוין אויך אונדז נישט געשמעקט דאָס מיטאָג. ט. ס. האָט פאַרנאַכלעסיקט זיינע עסקים, ער איז געקראָכן אָן אַ ציל, געזעצט זיך, אויפגעשטעלט און ווידער זיך געזעצט. איך האָב געטון ווי ער. אַכט אַ זייגער ביינאַכט האָב איך זיך אָפּגערופן:

— צי וואָלט נישט נויטיג געווען צו טעלעפאָנירן צו די פרי־מאָרגן־צייטונגען און צווינגען זיי, אַז זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן אַביסל אַנשטענדיקער?

ט. ס. איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און געהייסן זיך

פֿאַרשטענדיקן מיטן שעף־רעדאַקטאָר פֿון „טײמס“, איך האָב אונטערגעהאָרכט דעם שמועס.

לכתּחילה האָט ט. ס. דערמאָנט, אַז ער שטיצט אונטער דעם „טײמס“ מיט אַ סך אַנאָנסן, און זעלטן װען ער קומט צו זײ נאָך אַ טובֿה, איצט בעט ער בײ זײ אײנס: זאָל דער טײמס זיך נישט מער פֿאַרנעמען מיטן נבֿיא און באַזונדערס מיט זײַן באַציִונג צו דער פֿילם־אינדוסטריע. אַלץ איז שױן אין אָרד־נונג... דער נבֿיא טשעפּעט שױן נישט קײנעם.

אין מיטן דעם שמועס האָט ט. ס. זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטון... און אױסגעשריגן.

— װאָס? — און דאַן — מענטש! איר זענט פֿאַרוקט!

ער האָט זיך געװענדט צו מיר מיט אַ פּנים פֿאַרטױשט אין אַ כּעס:

— ביל! זײ האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז דער טישלער שטײט אױף די טרעפּ פֿון שטאָט־ראַט און האַלט אָפּ פֿאַר אַן עולם אַ רעדע.

דער פֿילם־קעניג האָט נישט געװאַרט, ביז איך װעל זיך אַ ריס טון פֿון שרעק, ער האָט נישט אױסגעהאָרכט מײַנע װערטער, נאָר ער האָט אַרײַנגעשריגן אין טעלעפֿאָן־רערל:

— בײ גאָט! מענטש, איך װײס אַבסאָלוט נישט דערפֿון... מיט צװײ שעה צוריק האָבן מיר אים אַרײַנגעטראָגן עסן אין שטוב אַרײַן... ער האָט נישט געװאָלט עס און גאָרנישט גע־װאָלט רעדן.

איך האָב שױן מער נישט געהערט, װאָרום איך האָב געטון אַ פֿאַל אַרױס פֿון צימער און אָנגעהױבן לױפֿן אינדער־הױך אױפֿן שטאָק... די טיר פֿון טישלערס צימער איז געװען פֿאַרמאַכט, אָבער ער איז געװען ליידיק — דער פֿױגל איז אַנטלאָפֿן!

װי אַזױ האָט ער זיך אַרױסבאַקומען פֿונדאַנען? צי איז ער אַרױסגעגאַנגען דורכן פֿענסטער און זיך אַראָפּגעלאָזט הינטן מיט דער רינע אָדער אפֿשר איז אים צו הילף געקומען עמע־

צער פון די דינער? און אפשר האָט זיך עמעצער פון אונ־דזערע שונאים באַמיט וועגן זיין אַנטלויפן?

איך בין אַראָפּגעלאָפן הינטן, איך האָב אַרויסגעפירט מיין אויטאָמאָביל פון גאַראַזש און געאיילט אין שטאָט אַריין. ער איז גאָרנישט געווען קיין חידוש, וואָס דער טישלער איז אַזוי גיך אָנגעקומען אין שטאָט אַריין, וואָרום דאָ האָבן קורסירט אַ סך אויטאָמאָבילן און יעדער שאָפער האָט גערן אויפגענומען אַ דורכגייער.

אַז איך בין אָנגעקומען אין שטאָט אַריין, האָב איך געזען, אַז די בריגאַדע האָט זיך פאַרזאַמלט אין איר פולן קאָמפּלעט. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי אָנגעקומען מחנותווייז פון אַלע זייטן מיט די געווײנלעכע צייגן — די גאַסן האָבן איצט געווימלט פון מענטשן אין מונדירן — וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט און געזונגען, געשריגן זוכנדיק אַרויסצורופן אַן אַוואַנטורע. צומאָרגנס האָט זיך געזאָלט אָנהויבן דער קאָנגרעס, דאָס האָט באַדאַרפט זיין אַ טאָג פון גרויסע פּאַראַדן; דער היינטיקער אָוונט איז געווען געווידמעט גלערליי שפּילן און פאַרווייַלונגען. אַלץ איז היינט געווען צו דער דינסט און צום באַפעל פון די בריגאַדע מענטשן און פון יעדן אייגציקן, וואָס האָט זיך נאָר אַרויסגעבאָרגט אַ שטיקל מונדיר. אין דעם „טיימס" האָט מען זיי נאָך אונטערגעוואַרעמט די שטימונג, שרייענדיק:

„האַלאָ! איר ווילט פּאַפּיראָסן? נעמט — נעמט אַלץ, וואָס עס געפעלט אייך נאָר! די גאַנצע שטאָט איז אייער. נעמט זי אין אייער לאַגער טוט מיט איר, וואָס איר ווילט. גיט אַרויס באַפעלן. זאָל זי אייך שפּייזן זאָל זי אייך פּוצן די שיך זאָל זי אייך האַלטן די זעקלעך, ווי באַלד עס איז אייך הייס".

„מיר וואַרטן אויף אייערע באַפעלן. שטופּט אונדז אָפּ, אויב מיר שטייען אייך אין וועג. טרייבט אונדז אַרויס פון די גאַסן. גיט אונדז צו טראָגן אייערע רייזע־טאַשן, וואָס קאָנען

מיר פאַר אייך טון? איר ווילט פאָרן, פרעגט נישט קיין ריכ־טונג, שטייגט נאָר איין אין אויטאָמאָביל".

„נאָך איין פּאַפּיראָס איידער מיר צעשיידן זיך. באַהאַלט אייער געלט, דאָ איז עס נישט נויטיק. וועסטערן־סיטי צאָלט".

איך האָב אַ קוק געטון וואָס דאָ טוט זיך האָב איך איינ־געזען אַז איך וועל נישט באַוויזן אַדורכצופאָרן די גאַס, וואָס איז פול געווען מיט מענטשן, דאַן בין איך אויסגעשטיגן און איך האָב אָנגעהויבן גיין שנעל צו פוס. אויפן וועג האָב איך באַמערקט, אַז די „בריגאַדע" האָט געהערט דעם סוף פון טיימט: זי האָט באַהערשט די שטאָט. עס איז ממש שווער אָנגעקומען דורכצושטופן זיך דורכן עולם. יעדער אַנדערער פון די שריי־ענדיקע, וואָס האָט מיט די עלנבויגנס אָפּגעשטופּט די מענטשן, האָט געטראָגן אַ מונדיר. אומעטום האָט מען פאַרקויפט אַל־קאָהאָל, יעדער ווײַלע האָט מען געטראָפן אַ מענטש מיט אַ פלעשל, וואָס האָט געציטערט אין די הענט און מיט סמנים פון אַן אַנדער פלעשל אויפן פנים... איינס נעמט ער שפּורער־הייט אונטערן אָרעם אַן אַנדערן רוקט ער אונטער דאָס פלעשל אונטער דער נאָז. עטוואָס ווייטער האָט אַ האַלב ניכטערער פאַרשוין איבערגעצייגט זיין חבר, אַז ער דאַרף אַלע אַרומיקע פאַרבעטן אין שענק אַרײַן. עס האָט זיך באמת נישט איינ־געגעבן דער גרויסער רעפּובליק פון פעבל צו שאַפן אַ נייע וועלט פאַר אירע העלדן, וואָס האָבן זיך גליקלעכע אומגעקערט אַהיים, יאָ — זי איז אַפילו נישט בכוח געווען זיי צו געבן אַרבעט — אָבער זי האָט לפּחות דערלויבט זיי זיך אָנצושכורן.

איך האָב געמוזט יעדערע ווײַלע אויסמיידן די מחנות מענטשן מיט די אָנגעשוואָלענע, רויטע פנימער, וואָס האָבן אויף די טראָטואַרן געשפּילט אין קאָרטן, אָדער אין דאָמינע. דערבײַ האָבן זיי געטרונקען און געשריגן, ווי זיי וואָלטן גע־זונגען.

דאָ און דאָרט האָט אַן אויטאָמאָביל געפּרוווט זיך מאַכן אַ וועג; דאָס פעבל האָט נישט שטאַרק פּראָטעסטירט, זיי האָבן

זיך נאָר באַפרידיקט מיטן וואַרפן ליידיקע פלעשלעך אין די דורכפאָרנדע, עמעצער האָט אַ געשריי געטון:

— ווער האָט געוווּנען די מלחמה?

און תּיכּף האָט זיך געהערט אַן ענטפער:

— די לומפּן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן הינטערן פראָנט! — אָדער — די אָפיצירן.

און די מענטשן זענען געגאַנגען ווייטער. זינגנדיק:

אוי, הינטישער זון, ביזט אין מיליטער!
און דאַרפסט שוין נישט ביים אַקער גיין!
צי איז דיר דען שוין אַמאָל בעסער געווען;
זאָג אַליין, וואָס דאַרפסטו מער?

און פון אַן אַנדער גאַס האָט מען געהערט זינגען:

מיין מיידל וווינט אין באַלטימאָר;
דער טראַמוויי שטעלט זיך פאַר איר טיר.

דאָ און דאָרט זענען פאָרגעקומען געשלעגן אָדער דועלן אויף פלעשלעך — די וואָס זענען געשטאַנען אַרום האָבן זיך באַמיט צו צערייסן די שלעגער. איך בין געגאַנגען און מיין האַרץ איז מיר אַנטגאַנגען פאַר שרעק. אַז כ'האָב זיך דערנענטערט צום ראָט-הויז, האָב איך געזען דאָס, פאַרוואָס כ'האָב מורא געהאַט: איך האָב געזען מיין פריינט דעם טישלער, אין די הענט פון פעבל.

## ניינאונפופציקסטער קאַפּיטל

אויפן פלאַץ איז געשטאַנען אַ וועגעלע, איבערגעדעקט מיט אַ דעכל פון אַלטן לייוונט. אַזוינע וועגעלעך טרעפן מיר אָן טיילמאָל אויפן וועג, זיי פירן אַרום די ציגיינער משפּחות. דער המון האָט אַרויפגעזעצט זייער קרבן אויפן דאַך, אויסגעשמירט אים מיט רויטער פאַרב, כּדי יעדער איינער זאָל דערקענען, אַז דאָס איז דער רויטער נביא וואָס די צייטונגען שרייבן אַזוי פיל וועגן אים. צום צייכסל האָט מען צוגעבונדן

אַ לאַנגן שטריק ביי צוואַנציק מענטשן, האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין דעם שטריק, זיי האָבן געצויגן דעם קאָגן איבער די גאַסן, געטאַנצט, געזונגען או. צוגעטלאַסט. אַ צענדליק מענטשן זענען געלאָפן פאָרויס, כּדי צו מאַכן אַ וועג; דער וואָגן האָט זיך באַוועגט, און זיך געוואַקלט אויף רעכטס און אויף לינקס אַז דער נביא האָט זיך קוים געקאָנט אָנהאַלטן אינדערהויך, און דאָס אויך אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך מיט ביידע הענט אָנגעהאַלטן אָן דעם הילצערנעם שטאַנג, וואָס האָט אונטער־געהאַלטן דעם אויסגעשפּרייטן לייוונט.

דער צוג איז שטיין געבליבן האַרט לעבן מיר. פון ביידע זייטן האָט מאַרשירט אַן ערן־וואַך... יעדערער האָט געהאַלטן די האַנט אויף דעם אַקסל פון דעם צווייטן, וואָס איז געגאַנ־גען פאַר אים — און אַלע האָבן געזינגען אין אַ כאָר: — הו, האַ, אָט דאָס איז אַ באָלשעוויסטישער נביא... הו, האַ, אָט דאָס איז אַ באָלשעוויסטישער נביא. אַנדערע ווידער האָבן געשריגן: — כ'וועל נישט אַרבעטן, כ'וועל נישט אַרבעטן! זיי האָבן פאַרענ־דיקט דעם צאָרנדיקן זאַץ מיט די איניציאַלן י. וו. וו. *) עמע־צער האָט מיט רויטער פאַרב אָנגעשמירט די אותיות אויפן וואָגן. אַ שכּורער, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר אויפן טראָ־טואַר, האָט געדראָט דעם נביא מיט דער פויסט און געשריגן אונטערן נאָז, ווי אַ חזיר:

— געמיינער אַנאַרכיסט! וויבאַלד דו ביסט אַ נביא, טאָ קריך אַראָפּ פונם וואָגן און הייל מיר אויס מיין טריפּער!

דאָס פּעבל האָט זיך ווילד צעלאַכט און דער שכּורער איז געווען אַזוי שטאַרק צופרידן, אַז ער האָט אָנגעהויבן גיין אַרום וואָגן און אָן אויפהער איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער.

ערגיץ הינטער מיר האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ. איך האָב זיך אויסגעדרייט און געזען, ווי אַ זעלנער שלאָגט

*) Industrial Workers Words אינדוסטרי אַרבעטער פון דער וועלט.

אויס אַ פענסטער אין האָטעל „ראָיאַל". הינטער אים זענען געשטאַנען אַן ערך דרייסיק מענטשן אין מונדירן, וואָס האָבן זיך געוואָלט באַטייליקן אין דעם שפּיל פון המון מיטן טישלער, און מחמת זיי האָבן, צוליב דעם גרויסן געדראַנג פאַרן טויער, זיך נישט געקענט אַרויסבאַקומען פון האָטעל האָבן זיי זיך אויף אַזאַ אופן צו באַקומען אַן אַרויסגאַנג.

איך האָב געזען, אַז איך קאָן דאָ גאָרנישט העלפן: איך וואָלט געקאָנט מיטן זעלבן רעזולטאַט פּרוּוון פאַרהאַלטן מיטן אָטעם דעם ווינט. דער טישלער האָט געוואָלט מאַרטירערטום — און אָט איצט האָט ער עס געקריגן, צוגעפּאַסט צו די אייגנטימלעכע מעטאָדן פון אונדזער פרײַ, אומאָפּהענגיק לאַנד. בײַ אונדז זענען פאַראַן אַ סך אַגיטאַטאָרן און צעשטערער פון אונדזערע אָנגענומענע און באַשטעטיקטע געזעצן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט אַרויסגערופן אַזאַ אַכזריותדיקן האַס, ווי דער „באָלשעוויסטישער נביא", וואָס האָט זיך איצט דערוואַרט זיין מאַרטירערטום. איך בין געגאַנגען הינטערן וואָגן און געטראַכט, אַז פריער, צי שפּעטער, קאָן איך זיין נויטיק בײַם טראָגן דעם מתים-קאַסטן.

מיר זענען צוגעקומען צום פּאַלאַץ-האָטעל, פונוואַנען עס האָבן זיך טאַקע איצט אַרויסגעשיט מונדירטע מאַנסבילן. פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ געשריי, איך האָב זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ גזימס פון אַ פענסטער, פונוואַנען איך האָב געקאָנט זען אַלץ, וואָס עס קומט פאָר. עטלעכע פאַרשוינען האָבן זיך גענומען צו עפּעס אַ מיידל; איך ווייס נישט, וואָס זיי האָבן געהאַט צו איר: אפשר איז איר קליידל געווען צו קורץ, און אפשר איז זי געווען צו חוצפּהדיק קעגן עמעצן פון זיי, — גענוג, אַז זיי האָבן אַראָפּגעריסן דאָס קליידל פון איר לײַב, און ווען זי האָט שוין נישט געהאַט אויף זיך, מער ווי די שיך, די זאָקן און די בענדעלעך אין די האָר, האָבן זיי זי אַרויפגעזעצט אויפן לייוונטן דעכל פון וועגעלע, און געשריגן צום נביא, וואָס איז דאָרטן געזעסן:

— אָט דאָס איז אַ פּאַסיקע דאַמע פאַר דיינעטוועגן!

און יענער שכורער האָט אויסגעטראַכט אַ נייעם וויץ, ער האָט שפּאָטיש געפרעגט:

— דו... באָלשעוויק איינער, פאַרוואָס נאַציאָנאַליזירסטו זי נישט?

די מענטשן האָבן געוואָרט פון לאַכן, זיי זענען אונטערגעשפּרונגען, ווי געפּענטעטע רעדער ביי אַ וואָגן. זיי האָבן געוווסט אַלע איינצלהייטן וועגן דער „פּרויען-נאַציאָנאַליזאַציע" אין רוסלאַנד, און פון די צייטונגען האָבן זיי זיך דערוווסט וועגן מערין און וועגן דעם נביאס סימפּאַטיעס צו די קינאָ-אַקטריסעס און צו די איבריקע דאַמעלעך פון דער בעסערער געזעלשאַפט.

דער טישלער האָט דערלאַנגט דעם מיידל אַ האַנט, ער האָט זי צוגעהאַלטן, זי זאָל נישט אַראָפּפאַלן פונם וואָגן. ביי דעם האָט זיך דער עולם אַזוי ווילד צעשריגן, אַז איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, ווי ס'וואָלט געווען אַ געשריי פון ווילדע חיות אויף אַן אַרענע. און אין מיין פאַרטויבטן מוח האָבן אויפגעטויכט די ווערטער פונם טישלער:

— דאָס איז רוים, רוים, וואָס שטאַרבט קיינמאָל נישט...

מיר זענען צוגעקומען צום היפּאָדראָם, דאָס גרעסטע טעאַטער פון אונדזער שטאָט, וואָס איז איצט באַשטימט געוואָרן אויף אַ פּראָוויזאָרישן-לאָקאַל פאַר די בריגאַדע-מיטגלידער. עמעצער פון המון האָט געמוזט קאָנען דעם לאָקאַל און ער האָט פאַרקערעוועט דעם וואָגן מיטן נביא. אין היפּאָדראָם קומען אויך פאָר צירק-פאָרשטעלונגען, דאָרטן איז אויך פאַראַן אַ וועג פאַר אויטאָמאָבילן, דאָ שטעלט מען אויך אויס שטייגן מיט ווילדע חיות.

די ווילדע האָבן אַרויפגעשלעפּט דעם וואַקלדיקן וואָגן אויף דער אַרענע.

דאָס נאַקעטע מיידל איז אַראָפּגעפאַלן פונם דאַך. אַ מענטש, אַדורכגענומען מיט רחמנות, האָט זיך פאַרנומען מיט איר און זי געהאָלפן אַרויסרייסן זיך פונם געדראַנג. דער וואָגן האָט

זיך באַוועגט ווייטער, מען האָט איבערגעקערט די קוליסן, אַוועקגעשליידערט די אַקטיאָרן און צושויער; פּאַרדיס זענען געגאַנגען מענטשן, וואָס האָבן געצויגן די שטריק, הינטער זיי האָט געקרעכצט דער וואָגן, וואָס איז באַפּוצט געווען מיט רויטע אותיות, און אויף זיין דאַך איז געזעסן דער קרבן, איינגעקאַרטשעט, באַשמירט מיט רויט, און זיך אָנגעהאַלטן אָן דער הילצערנער שטאַנג. דער האַקי-עולם האָט געטאַנצט אַרום טישלער, געגריילצט און גערוישט אַז ס'האָט אַזש אויפגעריסן די אויערן!

— הו, האַ, באַלשעוויסטישער נביא!

איך בין געשטאַנען נאָנט און איך האב געקאָנט אַליין דייטלעך זען. כ'ווייס נישט, צי דער טישלער איז געלעגן אין חלשות, צי ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט לענגער אָנהאַלטן — וואָרום אָט האָט ער אַ פֿאַל געטון פֿון דאַך אויף דער ערד אַראָפּ. עטלעכע מאַנסלייט האָבן אַ ריס געטון אַ פּוירהאַנג פֿון דער וואַנט אַראָפּ, דאַן האָבן אייניקע צענדליק געשאַפֿן אַ ראָד. זיי האָבן אַוועקגעלייגט דעם נביא אויף דעם לייוונט און די שפּיל האָט זיך ווידער אָנגעהויבן. זיי האָבן אים אַ וואָרף געטון אויף צען פֿוס אינדערלופטן... דער קערפּער פֿונם אומגליקלעכן איז צוריק אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן לייוונט וואָס מ'האָט אונטערגעהאַלטן און באַלד איז עס ווידער געפֿלויגן אין דער לופֿט...

איך האָב שוין זיך לענגער נישט געקאָנט צוקוקן צו דעם בילד. איך בין מיט וואַקלדיקע טריט אַרויס מיט דער הינטער-טיר פֿון טעאַטער. די גאַס איז געווען ליידיק. איך בין שטיין געבליבן, כ'האָב פּעסט צוגעדריקט מיינע הענט צו די שלייפֿן, אַדורכגענומען מיט אַ שוידער פֿון עקל. כמעט אומבאַוווסטזיניק האָב איך הויך איבערגעחזרט דעם טישלערס ווערטער:

— דאָס איז רוים, רוים, רוים, וואָס שטאַרבט קיינמאָל נישט!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט צו מיינע אויערן דערגרייכט

אַ קלאַפּ... איך האָב זיך אַראָפּגעבויגן, כּדי אויסצומיידן דעם רעגן צעשפּריצט גלאָז. איך האָב מיט שרעק געזען דורכן צעקלאַפּטן פענסטער אַרויסשטעקן דעם רויט אויסגעשמירטן קאָפּ און שפּעטער די אַקסלען פונם טישלער. צום גליק האָט זיך צווישן אים און צווישן דער ערד געפונען אַ שמאָלער געזימס. ער איז אויפגעשפּרונגען אויף דעם און איך האָב אים דערלאַנגט די האַנט און געהאָלפן אים אומגעשטערט אַפּקריכן אויף דער ערד.

## זעכציקסטער קאַפּיטל

איך בין געווען זיכער, אַז עס איז אים נ שט פאַרבליבן קיין סך לעבן; איך האָב אים געוואָלט אַ נעם טון אויף די פּלייצעס און אים אַוועקטראָגן אויף אַ זיכער אָרט. צו מיין גרויס דערשטוינונג האָט ער זיך פעסט געהאַלטן אויף די פיס. איך האָב נישט געקאָנט דייטלעך זען די שטריכן פון זיין פּנים, וואָרום עס האָט די רויטע פאַרב געטריפט דערויף, אָבער דאָך האָב איך געזען, אַז זיין פּנים איז אויסגעקרומט געווען פון צאָרן. איך האָב זיך דערמאָנט דעם צאַרטן רחמנות-דיקן אויסדרוק אויף זיין פּנים — איך וואָלט קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז עס קאָן זיך אַזוי שרעקלעך ענדערן. ער האָט אויפגעהויבן די צונויפגעבייַלטע פויסטן:

— פאַר די דאָזיקע מענטשן האָב איך געוואָלט שטאַרבן! אָבער איצט זאָלן זיי אַליין שטאַרבן פאַר זיך!

און פּלוצלינג האָט ער מיט אַ באַוועגונג ווי פון אַ וואַנזיניקן, אָנגעכאַפּט מיין האַנט.

— איך וויל אַנטלויפן פון זיי ווהין ס׳זאָל נישט זיין, אויף וואָס נאָר אַן אופן. איך וויל זיך אומקערן דאָרט, ווו כ׳בין געווען, דאָרט, ווו כ׳זע נישט, הער נישט און טראַכט נישט. איך וויל זיך אומקערן אין דער קירך.

ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער און אָנגעהויבן לויפן

לענגאויס די גאַס: איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז זיינע באַקעטע פיס קאָנען לויפן מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז עד קאָן לויפן אַזוי גיך. איך בין געלאָפן הינטער אים: ביז איצט בין איך געווען מיט אים, און דערפאַר האָב איך געוואָלט אויסהאַלטן ביזן סוף, ס'האָט עפּעס געקאָנט געשען. מיר זענען צוגעקומען צו דער בראָדוויי און מיר זענען אַריין צווישן די זעלנער; מיין נביא איז געלאָפן ווי אַ הונט, וואָס מ'האָט צו־געטשעפּעט אַ פּושקע צום ווידל. ער איז געלאָפן איבער די גאַסן, איך האָב נאָכגעפאָלגט זיינע טריט, אָפּשטופּנדיק די מענטשן. אַרום אונדז האָבן זיך געהערט געשרייען פון אויפרעגונג, דאָס גערויש און סאָפּן פון די אויטאָמאָבילן; דאָ און דאָרט האָבן זעלנער גענומען לויפן מיט קולות הינטער אונדז. עס האָט מיר פאַרפעלט אָטעם, דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט, די הייזער האָבן געטאַנצט פאַר מיינע אויגן; אומעטום האָב איך געזען דעם המון, דאָס מענטשן-פעבל, הענט האָבן מיך אַ כאַפּ געטון, קולות האָבן מיך געיאָגט. אָבער נישט קוקנדיק דע־רויף, בין איך נישט אָפּגעשטאַנען פון לויפן, איך בין געלאָפן הינטער מיין נביא, ביז ער האָט זיך אַוועקגעדרייט אין אַ זייטיקער גאַס, און איך האָב דערזען דאָס אָרט, וווהין עס האָט געצילט די פאַרמאַטערטע נשמה: די קירך פון הייליקן באַרטלאָמיי.

ער האָט געמאַכט אַ שפּרייז אויף דריי טרעפּלעך מיט אַמאָל, און איך הינטער אים. ער האָט אַ שטופּ געטון די טיר פון דער קירך און איידער איך האָב נאָך באַוויזן צו אים צו־צולויפן, איז ער שוין געווען אין מיטן דער קירך. אייניקע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ געפינען, האָבן זיך אַ ריס געטון מיט אַ געשריי פון שרעק, עמעצער האָט מיך געפּרוווט פאַר־האַלטן, אָבער איך האָב באַוויזן זיך אַרויסצורייסן.

מיין נביא האָט געמאַכט דריי גרויסע שפּרייזן. ביים ערשטן שפּרייז האָט ער זיך געפונען אויף די טרעפּ. פון אָלטאַר, ביים צווייטן אויפן אָלטאַר און ביים דריטן איז ער צוריק אַריין אין געמאָלטן פענסטער.

דאַן האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטון אויף מיר. די באַפלעקטע מלבושים מיט פאַרב האָבן זיך אַרומגע־וויקלט אַרום זיינע נאַקעטע פיס, דאָס פיינלעכע, צאַרנדיקע פּנים איז געוואָרן צאַרט. ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן, אַז ער וויל בלייבן אַליין, און אַז איך זאָל זיך דערווייטערן. דער־נאָך איז זיין האַנט אַראָפּגעפאַלן אָן אַ זייט און — ער איז געוואָרן אומבאַוועגלעך.

איך בין אַנידערגעפאַלן אויף אַ קירך־שטול אָן אויס־געשעפּטער פון די כּחות, מיט ווייטאָק אין קאָפּ. און איך האָב פאַרשטעלט ס׳פּנים מיט די הענט.

# איינאונזעכציקסטער קאַפּיטל

איך ווייס נישט, וויפיל צייט ס׳איז אַדורך, בעת איך האָב פּלוצלונג דערפילט עמעצנס אַ האַנט אויף מיין אַקסל... עמעצער האָט מיך אַ טרייסל געטון... איך פאַרטראַג נישט די באַרירונג פון אַ פרעמדער האַנט, און איך האָב דאַן געפּרוווט די האַנט אָפּצושטופּן. אָבער מען האָט מיך ווידער אַ טרייסל געטון, און אַ קול האָט זיך אָפּגערופן:

— שטעלט אייך אויף, ליבער פריינט. מיר גייען פאַר־מאַכן די קירך, איר זענט קראַנק?

איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און צום ערשטן אַ קוק געטון אויף דעם געשטאַלט איבערן אַלטאַר. די געשטאַלט איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און — כאָטש עס וועט אייך אויס־קומען אומגלויבלעך — קיין סימן פון רויטער פאַרב האָט זיך נישט געפינען אויפן פּנים און נישט אויף די מלבושים. דאָס געשטאַלט האָט אויסגעזען פייערלעך און הימליש מיט דער אָרעאָל פון הייליקע אַרום קאָפּ... דאָס איז געווען דאָס זעלבע געשטאַלט פון קריסטוסן, וואָס איך האָב געזען אַזויפיל יאָר אין מיין קינדהייט.

— וואָס איז אייך? — האָט געפרעגט אַ קול.

איך האָב אַ קוק געטון און דערקאָנט דעם חשובן הער סימפּקינסאָן ער האָט מיך אויך דערקאָנט, וואָרום ער האָט אויסגערופן:

— ביל! ליבער גאָט, וואָס איז געשען?

איך בין געווען ווי פּאַרטויבט. איך האָב צוגעלייגט די הענט צו די באַקן און איך האָב געפילט אַ גליענדיקן ווייטאָק. דער קאָפּ האָט מיר אויך וויי געטון.

— איך... איך... — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט — וואַרט צו אַ ווײַלע, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין פאַרווּנדעט.

איך האָב געפּרוּווט צונויפנעמען די געדאַנקען. צי איז דאָס אַלץ נאָר געווען אַ חלום? און אויב אַזוי, טאָ וועלכעס איז געווען דער חלום און וועלכעס איז די ווירקלעכקייט? איך האָב אַ פרעג געטון:

— איך בעט אייך, זאָגט מיר, צי עס געפינט זיך נאָענט פונדאַנען אַ קינאָ?

— אַוודאי. דער עקסצעלסיאָר.

— און דאָרט זענען פאָרגעקומען אומרוען?

— אודאי. אַ באַנדע זעלנער האָט נישט דערלויבט די באַפעלקערונג אַרייַנצוגיין אין קינאָ. זיי זענען נאָך ביז איצט ביי דער אַרבעט... איר הערט דאָס געררויש?

איך האָב זיך אָנגעהויבן צוצוהאָרכן. פון ווייטנס זענען צו מיר דערגאַנגען אַ געמיש קולות. איצט האָב איך תופסת געווען, וואָס עס איז געשען.

— דאָס פּעבל איז אויף מיר אָנגעפאַלן איך בין אַ באַטויבטער אַנטרינען געוואָרן אַהין.

— ליבער גאָט! האָט דער גייסטלעכער אויסגערופן מיט רחמנות. ער האָט מיך אָנגענומען ביי אַ האַנט און מיר געהאָלפן זיך אויפשטעלן.

— עס איז מיר שוין בעסער. עס איז מיר נאָר אָנגעשוואָלן די הינטערשטע טייל פּנים. וויפיל איז דער זייגער?

— שוין באַלד זעקס.

— נאָט? — האָב איך אויסגעשריגן. איז דאָס אַלץ נישט געווען מער ווי אַ חלום אין איין שעה! איך האָב געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן חלום... איך ווייס נאָך איצטער נישט, צי עס איז געווען אַ חלום, צי אַ ווירקלעכקייט.

איך האָב זיך טיף פאַרטראַכט.

— זאָגט מיר, איך בעט דיך, צי קומט איצט טאַקע פאָר דער בריגאַדע-קאָנגרעס, איך מיין דעם קאָנגרעס פונם אַמעריקאַנער לעגיאָן אין וועסטערן-סיטי?

— ניין, איך ווייס גאָרנישט דערפון. דער גרויסער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין קאַנזאַר-סיטי.

— אמת. איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב געלייענט וועגן דעם אין דער „נאַציע". וואַרשיינלעך, אַז דאָרט האָבן זיך אויפגעכאַפּט אַלע אינסטינקטן, דאָס איז געווען איין פאַרשכורטע אָרגיע.

— איך האָב אויך געהערט דערפון, זיי האָבן זיך צופיל דערלויבט...

— נאָר עפּעס: צי דאָ אין קריסטוס שטיבל הענגט דאָס בילד פון הער דע ווייגס?

— וואָס פאַלט אייך איין! — האָט זיך דער גייסטלעכער פאַנאַנדערגעלאַכט. איר טראַכט אַוודאי וועגן בילד, וואס געפינט זיך אין אַקאַדעמיע?

יאָ, דאָס שטימט. איך האָבן געחלומטוועגן פאַרשידענע מענטשן, וואָס איך קאָן און וועגן זאַכן, וועגן וואָס כ'האָב פריער געלייענט אין די צייטונגען. איך האָב געשמועסט מיטן דייטשן קריטיקער דר. העגנער. וואַרט נאָר, צי איז דאָס נישט געווען אַמאָל קיין חלום? ניין, איך האָב דאָך נישט גערעדט מיט אים איידער איך בין אַריין אין קינאָ. מיין חלום-איבערלעבעניש וועט אים אינטערעסירן. איר ווייסט, אַז דעם פילם, וואָס איך האָב געזען, האָט פאָרגעשטעלט אַ חלום פון אַ משוגענעם... און ווי איך האָב געקריגן אַ קלאַפּ אין קאָפּ, בין איך וואַרשיינלעך אריינגעפאַלן אין אַ חלום, ווי דאָס איז געווען אין קינאָ אַ מאָדנע זאַך! אַלץ איז געווען אַזוי לעבעדיק און אַזוי

ממשותדיק, איך מוז מיך איצט כסדר דערמאנען אַלע באַקאַנטע, צי זענען זיי נישט אַמאָל באַשעפעניש פונם חלום. איך האָב אייך אויך געזען אין מיין חלום.

— וואָס האָב איך געטון?

איך האָב זיך פאַרטראַכט און איינגעזען, אַז ס׳איז גליי-כער אים דאָס נישט צו זאָגן.

— דאָס איז געווען אַ נישט לאָגישער חלום — האָב איך אָפּגעענטפערט — און איצט וועל איך זען, צי איך קאָן גיין.

איך האָב געשטעלט עטלעכע טריט.

— יאָ, אַלץ איז שוין אין אָרדנונג.

— האָט איר נישט קיין מורא, אַז איר זאָלט ווידער פאַרטשעפּעט ווערן פונם המון? אפשר זאָל איך מיט אייך מיטגיין? — האָט דער אַפּאָסטאָל פון מוסקולאַרן קריסטנטום אַ פרעג געטון.

— ניין, ניין. דאָס האָבן זיי נישט געמיינט ספּעציעל מיר. איך וועל גיין מיט דער זייטיקער גאַס.

איך האָב מיך געזעגנט מיטן הער סימפּקינסאָן און בין אַרויס פון דער קירכע. די פרישע לופט האָט מיר געמאַכט בעסער. אויף דער גאַס האָט געקאָכט דער המון; די געוועזענע זעלנער האָבן נאָך געשריגן און אָפּגעשטופּט די מענטשן פון קינאָ. איך האָב געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויף דעם געווימל, און דאַן האָב איך גיך אַוועקגעדרייט אין אַ זייטיקער גאַס. בעת איך בין פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויסער געביידע, האָב איך דערזען, ווי עס איז שטיין געבליבן אַ בריטשקעלע און פון אינעווייניק איז אויסגעשטיגן אַ יינגע פרוי מיט לעבעדיקע באַוועגונגען, מיט אַ שיין אַרויסרופנדיקער געפאָרמטקייט, און שיינע שטריכן, באַהאָנגען מיט אַ צירונג, וואָס האָט געפינקלט מיט בונטע פאַרבן פון פרעכטיקער אויסשטעלונג. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ שווערן, שוואַרצן הוט, באַפּוצט אין איין זייט מיט אַ גאָרטן בלומען, און אין דער אַנדערער — אַ נעסט פון פייגל. זי האָט אַ קוק געטון אויף מיר.

— מיין גאָט, און ווער איז דאָס?

זי איז צוגעלאָפן צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

— ביל, אָרעמער! איך האָב דיך שוין נישט געזען צוויי חדשים! צי ווילסטו מיך שוין לחלוטין אַוועקוואַרפן דערפאַר, וואָס דו האָסט דיך פאַרליבט אין אַ מיידל פון דער געזעל-שאַפט, מיט אַ פּנים פון אַ יאַפּאַנישער לאַלקע? וואָס טוט זיך מיט דיר? איך פאַרליר גיכער מיינע ליבהאָבער, ווי כ'געפין זיי... איך האָב געטראָפן עדגער ראָסיט, ער לפּחות האָט אַ גוטן אויסרייד, איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב פונקט אַזוי מורא פאַר זיין ווייב, ווי ער. אָבער איך וואָלט איינ-מאָל געוואָלט קאָנען לאַנגווייליק ווערן פאַר אַ מאַן. ווילסט מיט מיר אַרויפגיין אינדערהויך, און זען, ווי אַזוי מאַדאַם פּלאַנשעט פרישט אויף די הויט מיין אַלטער באָבע? צו וואָלסט זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, וויפל עקשנות און אויסגעהאַלטנקייט עס איז נויטיק, אויסצוהאַלטן די טאָרטורן, וואָס דאַרפן מאַכן שענער און יינגער. אָבער די אַלטע דאַמע וויל זיין שיין — און מחמת דעם האָב איך געזאָגט צו דער מאַדאַר פּלאַנשעט:

מאַדאַם, פרישט זי אויף, פון דער טאַליע ביז אין דער הויך, מען קען קיינמאָל נישט וויסן, וואָס עס וועט זיין אין דער מאָדע, און וואָס מען וועט דאַרפן ווייזן.

ערשט איצט בין איך געווען זיכער, אַז איך האָב זיך אומגעקערט אין דער וועלט פון ווירקלעכקייט.

— סוף —

ס׳גרייטן זיך צום דרוק און דערשייגען אין גיכן:

## די געדאַנקען פון זשעראָם קואַניאַר

(פאַרן דאָזיקן בוך האָט א. פראַנס באַקומען דעם נאָבל-פּריז

## די קרעטשמע „קיניגין געגזנפיסל"
## דער קליינער פּיער

ווענדיק געבן דעם יידישן לעזער אַן אַלזייטיקן באַגריף וועגן לעבן און דער טעטיקייט פון גרויסן פראַנצויזישן מייסטער, האָט דער פאַרלאַג „רענעסאַנס" באַשלאָסן ארויסצוגעבן אַ ספּעציעלע מאָנאָגראַפיע וועגן זיין לעבן. עס גרייט זיך צום דרוק און דערשיינט אינגיכן:

**געאָרג בראַנדעס — אַנאַטאָל פראַנס. — זיין לעבן און ווערק.**

# אַלע ווערק פון אַנאַטאָל פראַנס אין יידיש!

אַנאַטאָל פראַנס איז איינער פון די גרעסטע און באַרימטעסטע מאָדערנע פראַנצויזישע שרייבער.

אַנאַטאָל פראַנס איז איינער פון די גרעסטע שפּראַך־מייסטער אין דער וועלט־ליטעראַטור. זיינע ווערק זענען אַ מוסטער פון געניאַלער פשטות אין סטיל און פאָרם, און גלייכצייטיק פון ראַפינירטעסטער געדאַנקען־קאָמפּליצירקייט.

אַנאַטאָל פראַנס איז דער קטיגור און גלייכצייטיק דער סניגור פון אונזער צייט. זיינע ווערק זענען אַ געניאַלע אָפּשפּיגלונג פון די סאָציאַל־פּאָליטישע און קינסטלערישע ראַנגלעניש פון דער מענטשהייט.

דער פאַרלאַג „רענעסאַנס" אין וואַרשע איז צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן אין דער יידישער שפּראַך אַלע ביז איצט נאָך נישט דערשינענע ווערק פון באַרימטן פראַנצויזישן שריפטשטעלער און נאָבעל־לאַורעאַט, אַנאַטאָל פראַנס:

ביז איצט זענען דערשינען פאָלגנדע ווערק:

דער פּינגווינען־אינזל — יידיש מ. האַלצבלאַט

דאָס פאַרברעכן פון סילוועסטער באָנאַר „ „

עפּיקורס גאָרטן „ „

די געשיכטע פון אונזער צייט

(4 בענדער)

I. באַנד אין שאָטן פון דער קירך

II „ דער הילצערנער מאַנעקען

III. „ דער אַמעטיסט[illegible]

IV. „ בערזשערע אין פּאַריז